י. ש. נאומאָוו

# גערזאַמלטע שריפטן



אַרויסגעגעבן פון
נאומאָוו בוך־קאָמיטעט
לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפ.
1948

# אינהאַלט

## אַלגעמיינעם



## ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען

## יידישע פּערזענלעכקייטן



## יום־טובדיקע אַרטיקלען

ב. קאָהען

# דער חבר פון די געקריוודעטע

מיטן אַרויסגעבן אין בוך־פאָרם אַ טייל פון די געזאַמלטע שאַפונגען פון יצחק ש. נאומאָוו, שטעלן מיר אים, דעם ליבן חבר און געטרייען פריינד, אַ פאַסיקן און באַשיידענעם דענקמאָל.

שוין צוויי יאָר זינט יענעם טאָג, דעם 9טן מאַרץ, ווען די טרויעריקע ידיעה פון נאומאָווס פלוצלינגען טויט האָט אונדז אַלעמען אַזוי טיף דערשיטערט. מיר, זיינע חברים, פריינד און פאַרערער, האָבן אים אָבער נישט פאַרגעסן און צו זיין צווייטן יאָרצייט שטעלן מיר זיך אָפּ און פאַרטיפן אין אונדזערע הערצער זיין ליכטיקן אָנדענק דורך פאַראייביקן זיין נאָמען מיטן אַרויסגעבן צום ערשטן מאָל אין בוך־פאָרם, זיינע עסייען און אַרטיקלען.

ווי אַ מענטש מיט אַ קלאָרן, לאָגישן קאָפּ, אַ תלמיד־חכם באַהאַוונט אין די קלאַסישע מקורות פון יידיש וויסן, איז נאומאָווס גייסטיקע וועלט געווען פאַרוואָרצלט אין דער קולטור־ירושה פון אַלע יידישע דורות, און זיין ליבע צו יידישע קולטור־ווערטן, אין וועלכער עס איז שפּראַך, האָט נישט געוואוסט קיין גרענעץ. ווי אַ פלייסיקער סטודענט, אַ מתמיד, איבער וועמען מען קען זאָגן „פומו לא פסק מגירסא“, באַקאַנט מיט דער מאָדערנער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור, מיט אַלגעמיינע סאָציאַלע און יידישע פּראָבלעמען, צייכענען זיך אויס זיינע אַרטיקלען איבער יידישע ימים־טובים, יידישער ליטעראַטור און קונסט מיט וויסן און ערנסטער מבינות. אויך זיינע פּאָלעמישע אַרטיקלען, וועלכע שפּיגלען אָפּ די צייט־פּאַסירונגען, זיינען באַהויכט פון זיין עכטער ליבע פאַר אמת און גערעכטיקייט.

געבוירן אין קאַפּוליע, מינסקער גובערניע, רוסלאַנד, די געבורטשטאָט פון „זיידן“ מענדעלע מוכר ספרים, האָט ער, נאומאָוו, ווייזט אויס, געירשנט פון זיין גרויסן בן־עיר וויכטיקע כאַראַקטער־שטריכן. ווי דער „זיידע“ מענדעלע, אַזוי האָט אויך נאומאָוו גענוצט זיין פּען, אָפּט מיט עכט יידישן הומאָר און אַביסל סאַטירע, קעגן די נייע „תקיפים“ און מאָדערנע בעלי־טאַקסע.

פון נאַטור אַ שטילער, ליבער מענטש, אָן פּרעטענזיעס, אַ בעל־

מדות, פלעגט ער אָבער, ווי אַ מענטש מיט ליבע פאַרן אמת, גאַלאַנט און ערלעך קעמפן ווען יושר און גערעכטיקייט זיינען געשטאַנען אין קאָן.

אַלס שרייבער שלא על מנת לקבל פרס, נישט נעמענדיק באַצאָלט פאַר זיין שרייבן, און ווי אַ מענטש מיט כאַראַקטער און ווילן, פריי אין זיינע געדאַנקען און מיינונגען, האָט ער זיין אויפגאַבע אַלס זשור־נאַליסט גענומען ערנסט און איז ווי אַ געטרייער זעלנער געשטאַנען אויף דער וואַך און דרייסט און אומדערשראָקן געקעמפט קעגן שקר און אומרעכט, און כסדר גערופן די פּראָגרעסיווע יידישע כוחות צו זיין אייניק און אָרגאַניזירט אין דער גרויסער אַרבעט פון בויען אַ שענער יידיש לעבן.

נאומאָוו איז געקומען אין לאָס אַנדזשעלעס אין זומער פון 1912 און האָט דאַן גלייך דערמוטיקט און געהאָלפן ד״ר י. וואָרטסמאַנען אַרויסצוגעבן, אין סאַן פראַנציסקאָ, די „קאַליפאָרניער אידישע שטי־מע״, די ערשטע יידישע צייטונג אין קאַליפאָרניע.

נאומאָוו ווערט אויך דער פּיאָנער פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין קאַליפאָרניע. אין 1913 ווערט אין זיין הויז געגרינדעט די ערשטע גרופּע פּועלי־ציון אין לאָס אַנדזשעלעס.

ווי גרויס עס איז נאומאָווס אהבת האמת, אַזוי איך אויך שטאַרק זיין אהבת העם. ער ליבט דעם אמת און זיין פאָלק מיט דער זעלבער איבערגעבנהייט און געטריישאַפט. ערווידמעט זיין טאַלאַנט, זיין צייט, זיין לעבן, דעם אידעאַל פון אַן אַרבעטנדער יידישער ארץ־ישראל. אַלץ וואָס ער האָט געשריבן איז געווען באַהויכט פון אָט דער ליבע פאַרן אמת, און ליבע צום פאָלק. דאָס איז געווען דער זין און אינהאַלט פון זיין לעבן, צו דעם איז ער געבליבן געטריי ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג. זיינע אַרטיקלען און עסייען האָבן געהאַט חשיבות און וואָגיקייט, און מען האָט דעריבער צו זיין וואָרט, וואו עס האָט נאָר דערגרייכט, זיך באַצויגן מיט אַכטונג און דרך־ארץ.

איצט, צו יצחק נאומאָווס צווייטן יאָרצייט, דערפילן מיר דעם וואונטש פון זיינע פילע חברים, לעזער און פריינד, און גיבן אַרויס אין בוך־פאָרם זיין גייסטיקע ירושה. זאָל דאָס זיין אונדזער מעמאָריאַל צום גוטן אָנדענק פון שיינעם מענטשן, געטרייען חבר און גרויסן יידן יצחק ש. נאומאָוו.

ל. גלאַניץ

# יצחק נאומאָוו ז״ל — דער מאַנער פון גערעכטיקייט

איך געדענק זיך נישט אַזוי דערדריקט, אַזוי דערשלאָגן פון אַ פאַרלוסט, ווי ביים פרישן קבר פון אונדזער ליכטיקן, געוויסנהאַפטן יצחק נאומאָוו ז״ל.

די זעלבע, וואַרעמע, דערדריקנדע טרערן, ווי ביי דער לויה פון אַן אייגענעם ברודער, ווען איך האָב מיט מיינע אייגענע הענט מקבר געווען אין די טעג פון די אוקראַינער פאָגראָמען; אַליין דאָס גרוב געגראָבן, אַליין דאָס גרוב פאַרשאָטן און דערביי דאָס גרוב באַנעצט מיט הייסע ברודער־טרערן.

דער טרייער ברודער נאומאָוו, דער ברודער פון די באַ׳עוול׳טע, דער חבר פון די געדריקטע, איז פאַר דער צייט אַוועק פון אונדז, עפּעס ווי אויסגעכאַפּט געוואָרן און פאַרשוואונדן אין מיטן פון זיין מאָנען גערעכטיקייט, אין מיטן פון זיין איינשטעלן זיך מיט זיין לייב און לעבן פאַר די אָרעמע און געקריוודעטע פון דער וועלט, ייד און נישט־ייד, אין דער זעלבער מאָס.

איינגאַנצן צוויי טעג פאַר זיין טויט איז ער צו מיר מיטאַמאָל אַראָפּגעקומען מיט אומדערוואַרטעטן באַזוך. זייער ווייניק גערעדט וועגן זיך, וועגן זיין קראַנקהייט, וועגן זיין קומענדער אָפּעראַציע, אָבער עפּעס ווי פאַרענדיקן אַ שמועס, אין וועלכן ער האָט פאַר שטונדן לאַנג מיט מיר „איינגעטענהט״ די קעיס פון גערעכטיקייט, ווי אַן אַד־וואָקאַט טענהט זיך אויס מיט אַ דזשורי. — ס׳טייטש, וואו איז יושר, וואָס שווייגט מען און פאַרוואָס פאַרשווייגט מען „שפיכות דמים״ פון אַזאַ מענטשן אָדער אַן אַנדערן, און פאַרוואָס לאָזט מען אַזויפיל צביעות און צבועקעס צו הערשן און באַהערשן די וועלט, דאָס לאַנד, די שטאָט, די קהילה, די באַוועגונג, די אָרגאַניזאַציע, א.אַז.וו.

זיין ציוניזם, זיין סאָציאַליזם, זיין שרייבן, זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, אַלץ האָט געהאַט אַן איין־און־איינציקן מקור: זיין איידעלן געפיל פאַר גערעכטיקייט, זיין איינשטעלן זיך פאַרן גערודפטן, באַ־וועלהטן און פאַרפאַלגטן . . .

אָבער צוזאַמען מיט זיין מאַנען גערעכטיקייט און באַקעמפן עוולות, האָט זיך נאומאָוו אויסגעצייכנט מיט אומבאַגרענעצטער ליבשאַפט און ברידערלעכקייט. ליבשאַפט פון מענטש, ליבשאַפט פון יידישקייט אין טיפסטן און איידעלסטן זין פון וואָרט, ליבשאַפט פון חבר און פריינט, ליבשאַפט פון שיינער ליטעראַטור און קונסט, ליבשאַפט פון נאַטור און ספּעציעל פון בלומען, און טאַקע אַרומפּאַטקעווען מיט בלומען, שטודירן זייער געשיכטע, זיך אָנטאָן מיט אַרבעטער־שטיוול, און זיי, די בלומען, געטריי באַוואַסערן, פאַרפלאַנצן און חבריש געניסן פון זייער אַראָמאַט און עסטעטישן וואַקסן.

אויך ביי זיין לעצטן באַזוך האָט ער אַ בלום אַ שיינע מיטגע־בראַכט, אַ בלום וואָס האָט אים, ליידער, איבערגעלעבט און וואָס איז געווען אַן עדות פון זיין ליבשאַפט און עסטעטישן געשמאַק. די בלום האָט נאָך געצאַפּלט און געפינקלט אין דער וואַזע, ווען זיין אייגן ליכט איז שוין געווען אויסגעגאַנגען.

אָבער זיין ליבשאַפט צו דער העכסטער באַשעפעניש פון דער נאַטור — צום מענטשן — האָט באמת קיין גרענעצן נישט געהאַט. די דאָזיקע ליבשאַפט האָט זיך אפשר אַמאָל געגרענעצט מיט נאַאיווי־טעט, אַ זאַך וואָס אונדזערע „זאַגענאַנטע" חכמים באַגעגענען אָפּט מיט אַ קלוגערישן שמייכל: וואָס וויל דער דאָזיקער מענטש פון אונדז? גערעכטיקייט?! יושר?!

ווייסט ער דען נישט אַז ס׳איז אַ חלום, אַן אויסגעטראַכטע, פון פּאָעטן באַזונגענע, לעגענדע, כביכול?! —

יאָ, נאומאָוו האָט די נביאים גענומען ערנסט! ער האָט זיי נישט נאָר געלייענט, ער האָט זיי שטודירט; און שיינע ליטעראַטור, און קונסט, און מוזיק האָט ער פּרובירט נאָר געניסן פון זיי, נאָר טאַקע אַנאַליזירן די פאָרמען פון קונסט, דערגרונטעווען זיך צו זיי. מיט איין וואָרט, ער האָט נישט נאָר געוואוסט אַז ס׳איז ערגעץ פאַראַן אַן עץ הדעת, ער האָט אויך געקלעטערט אויפן בוים פון וויסן, ער האָט ממש געלערנט און זיך פאַרטיפט אין תורה און אין קונסט.

זיין אויער און זיין אויג און זיין מוח זיינען געווען אָפן און סענסיטיוו צו אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער וועלט פון שאַפן. אַ יוצא ונכנס אין פּרדס, אַ פאַרליבטער אין וויסן, אַ פאַרטיפטער אין

ליטעראַטור, אַ באַוואונדערער פון קונסט, אַ פילזייטיקער, ליבנדער מענטש. דערפאַר אַזויפיל פאַראַכטונג פאַר פאַלשקייט, פאַר פאָזע, פאַר אָנשטעל, און אַזויפיל הכנעה און דרך־ארץ פאַר אַ בן־תורה, פאַר אַן אמת וואָרט, און פאַר אַ ריינעם געדאַנק, פאַר אַן אָריגינעל ספר.

מ׳האָט מיט אים נישט געדאַרפט מסכים זיין כדי אים צו פאַר־טרויען, כדי אים צו גלויבן. מ׳האָט, פאַרקערט, געקענט מיט אים זייער פיל אַרגומענטירן און בפירוש מיט אים האָבן גאַנץ אָפטע חילוקי דעות, כדי זיך איבערצייגן אַז עס רעדט פון אים אַרויס דאָס געוויסן פון אַן אידעאַל, די ריינקייט פון האַרץ, די שיינקייט פון גייסט, די ערלעכקייט פון דער נשמה, די איבערגעבנקייט פון אַ לאָיאַלן ברור־דערלעכן מענטשן. מיט איין וואָרט, אַן אידעאַליסט, דער זעלטענער טיפ ייד און מענטש, וועלכער איז געווען איינער פון די ראשונים פון דעם אָט־אָט כמעט פאַרגייענדן דור, איינער פון די וואָס האָבן מיט זייער לעבן פאַראייביקט אַ טיפ ייד וואָס הייסט: פועל־ציון. אָבער נישט נאָר אַ פאַרטיי־מענטש פועלי־ציון איז ער געווען, נאָר אַ נייער טיפ ייד און אינטעליגענטער ייד, וואָס הייסט פועלי־ציון; אַ פיל־זייטיקער מאָדערנער ייד.

גאָט ווייסט צי די יונגע, די נייע קענען שוין אַזוי גיך פאַרנעמען דאָס פלאַץ פון אַזוינע וועטעראַנען ווי נאומאָוו איז געווען.

גאָט ווייסט!!...

פ. ריסקין

# י. ש. נאומאָוו — דער פּיאָנער

אין זיין צוואה האָט י. ש. נאומאָוו אָנגעזאָגט זיינע קינדער, אַז זיי זאָלן אין אַ בוך־פאָרם אַרויסגעבן זיינע אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין דער „קאַליפאָרניער אידישער שטימע" אין משך פון פינף און צוואַנציק יאָר, וואו ער איז געווען אַ שטענדיקער מיט־אַרבעטער.

אַ גרופּע חברים פון דעם פאַרשטאָרבענעם חבר נאומאָוו האָבן, אויף דער איינלאַדונג פון זיינע קינדער, זיך אונטערגענומען צו זיין בייהילפיק אין אָפּקלייבן פון די פיל צייטונגס־אַרטיקלען די בעסטע פון זיינע אַרבעטן, וואָס זאָלן זיין פּאַסיק אַריינצוגיין אין אַ בוך.

צייטונגס־אַרטיקלען זיינען זעלטן אַ דאַנקבאַרער מאַטעריאַל פאַר אַ בוך. אַפילו עסייען פון באַוואוסטע עסייאיסטן, געשריבן „בחפזון" פאַר אַ צייטונג, ווען אָט די אַרטיקלען ווערן צונויפגעזאַמלט פאַר אַ בוך, אָן דער הילף פון מחבר, פילט זיך אָפּט, אין די עסייען, זייער צייטונגס־מעסיקייט. עס איז גאַנץ מעגלעך אַז דער מחבר אַליין, ווען ער זאָל דאַרפן אָפּקלייבן אָט אַ די אַרטיקלען פאַר אַ בוך, וואָלט ער אפשר פיל פון זיי אַרויסגעלאָזן פון צווישן די צוויי טאָוולען.

אָבער י. ש. נאומאָוו האָט, דאַכט זיך, נישט פּרעטענדירט אויף קיין שרייבערישער אומשטערבלעכקייט. ער האָט נישט געשריבן — לשם שרייבן. ער איז מיט זיין שרייבן עפּעס אויסן געווען.

אַ ייד אַ תלמיד־חכם, אַ קענער פון יידיש־וויסן אין מאָדערנער וועלטלעכער ליטעראַטור, אויך אַן איבערגעגעבענער מיטגליד אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, האָט נאומאָוו אָנגעווענדט זיין גייסטיק פאַרמעגן צו פירן פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע פאַר זיין פּאַרטייאישן אמת.

נאומאָוו איז געווען אַ מענטש מיט אַ ברייטן, מאָדערנעם יידישן בליק. זייענדיק אַן איבערגעגעבענער חבר אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, האָט דאָס אים נישט געשטערט צו זיין איינער פון די גרינדער פון דער ערשטער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע דאָ אין שטאָט — דער „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער קלוב". אין דעם קלוב האָבן זיך דעמאָלט אָנ־

געשלאָסן די בעסטע און שענסטע עלעמענטן פון אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען, וואָס מיר האָבן דעמאָלט פאַרמאָגט אין דער יידישער לאָס אַנדזשעלעס.

אָט דער „נ.־ר. ק" איז געווען די אָרגאַניזאַציע וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פון אַ יידיש־וועלטלעכער שול, וואו קינדער זאָלן באַקומען אַ מאָדערנע יידישע דערציאונג. נאומאָוו איז געווען אַ פּיאָנער אין אָט דער שול און האָט פיל מיטגעהאָלפן אויסצואַרבעטן דעם קוריקולום פאַר דער שול.

אין יענער פּיאָנערן־צייט איז אַ יידישע צייטונג נישט געווען קיין אוממעגלעכקייט. עס האָט זיך אָבער געפאָדערט אַרבעט.

איז — גערעדט און געטאָן!

מען ברענגט אַראָפּ דעם דאַן באַוואוסטן זשורנאַליסט ד"ר וואָרטסמאַן, און עס ווערט באַשאַפן „די קאַליפאָרניער אידישע שטי־מע". און י. ש. נאומאָוו ווערט איינער פון די וויכטיקסטע מיטאַר־בעטער אין דער צייטונג.

און אַז ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַז לאָס אַנדזשעלעס מוז האָבן אַ סאַניטאַריום פאַר טובערקולאָזע יידן וואָס האָבן נישט קיין היים און קיין אויפפּאַסונג, ווערט נאומאָוו איינער פון דער „פּובליסיטי קאָמיטע". אַלע יידישע צייטונגען און אָרגאַניזאַציעס ווערן דורך דעם קאָמיטעט אינפאָרמירט מיט דעם פּראָיעקט. אַ דאַנק דער פּובליסיטי רופן זיך אָפּ די יידישע אָרגאַניזאַציעס איבערן לאַנד מיט סימפּאַטיע און ממשותדיקער הילף. אַ גוטער אָנפאַנג אויף אַ סאַניטאַריום איז געמאַכט געוואָרן.

אַז ס'איז געוואָרן אַ מעגלעכקייט צו גרינדן אַ פּועלי־ציון פּאַרטיי דאָ אין שטאָט, איז נאומאָוו געווען דער ענערגישסטער טוער פון דער אָרגאַניזאַציע. די ערשטע פאַרזאַמלונגען פלעגן טאַקע פאָרקומען ביי אים אין הויז.

פון דעמאָלט אָן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט נאומאָוו שריפטלעך און מינדלעך, מערסטנס נישט ביים בעסטן געזונט, זיך כסדר מתעסק געווען בצרכי צבור.

דער טויט האָט פון אונדז צוגענומען איינעם פון די שענסטע טיפּן פון דער לאָס אַנדזשעלעסער יידישער אינטעליגענץ.

אַ דאַנק דער פינאַנציעלער הילף פון די

## קינדער פון יצחק ש. נאומאָוו

ווערט דאָס בוך אַרויסגעגעבן.

די ספּעציעל געשאַפענע קאָמיטע אַרויסצוגעבן די שריפטן פון נפטר באַשטייט פון:

בערנאַרד קאָהען

| | |
|---|---|
| אַברהם באַביטש | ש. גאַך |
| מאַקס באַנד | שמואל רייכלער |
| לייב גלאַנץ | ש. ריסקין |
| ד"ר מאַקס נוסבאום | י. פרידלאַנד |

דאָס בוך איז צוגעגרייט געוואָרן אין משך פון עטלעכע חדשים צו דערשיינען צו נאומאָווס צווייטן יאָרצייט.

# איבערדרייס און המשך

זינט ד״ר נתן עק, וועלכער זאָגט מסתמא „על הנסים״ יעדן טאָג, איז געקומען צו אונדז אין אַמעריקע האָבן מיר פיל פון אים געלייענט פונעם לעבן און ליידן פון די אייראָפּעאישע יידן אונטערן היטלער־רעזשים. יעדעס מאָל ווען מען לייענט עפּעס פון זיין פען איבער דעם חורבן און אומקום פון די זעקס מיליאָן יידן, פילט זיך ווי מען וואָלט אַליין איבערגעלעבט דעם חורבן און עס ווילט זיך צערייסן אויף זיך די קליידער און מיט אים צוזאַמען וויינען על שבר בת עמי.

ווען מען קען נישט ד״ר נתן עק פּערזענלעך איז מען זיך משער אַז ער איז אַ פּראַטאָטיפּ פון דעם גרויסן מקונן ירמיהו, וועלכער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען דעם חורבן פון זיין פאָלק און די רוד־אינען פון זיין לאַנד. ד״ר נתן עק האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען דעם אומקום פון פּוילישן יידנטום, פּונקט ווי ירמיהו האָט צוגעזען ווי ירושלים „איז געבליבן זיצן אַליין די שטאָט פון פיל פאָלק; געוואָרן ווי אַן אַלמנה די פירשטן צווישן די אומות; די האַרינטע צווישן די מדינות געוואָרן צו צינז!״ און ווען מען הערט ד״ר נתן עק ריידן וועגן דעם חורבן וואַרשע בפרט און דעם פּוילישן יידנטום בכלל פילט זיך אין זיינע האַרץ־שרייענדע רייד ווי זיין האַרץ וויינט מיט ירמיהוס ווערטער: „דערויף טו איך וויינען, מיין אויג, מיין אויג רינט וואַסער; וואָרים ווייט איז אַ טרייסטער פון מיר, וואָס זאָל דערקוויקן מיין זעל; מיינע קינדער זיינען פאַרוויסט, וואָרים דער שונא האָט איבערגע־שטאַרקט.״ (איכה א, י״ו.)

דינסטיק, דעם 8טן סעפּטעמבער, האָב איך געהערט ריידן ד״ר נתן עק, אין דעם היגן שטראַוס אַודיטאָריום, און איך וועל נישט איבערטרייבן, אַז די גרויסע פאַרזאַמלונג האָט מיט ד״ר נתן עק, ווען

### י. ש. נאומאַוו

ער האָט גערעדט, איבערגעלעבט די ליידן און די אַנגסטן, די שרעק און פאַלשע האָפענונגען, וועלכע זיינען איינגעזירשנט אין יעדן איינעם, אַז מיט אים וועט נישט פּאַסירן דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די אַנדערע.

די אנדערטהאַלבן שטונדן וואָס ער האָט גערעדט איבער דעם סאַדיזם פון די דייטשן און די ליידן פון די יידן האָבן זיך די הערצער פון די צוהערער צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם ווייטעגדיקן האַרץ פון ד״ר נתן עק, פון וועלכן עס שטראָמען איכאַ־טענער. ד״ר נתן עקס איכהס דריקן זיך נישט אויס בלויז אין לאַמענטאַציעס אויף דעם גרויסן יידישן חורבן. זיינע איכהס זיינען אַן אויסגעשריי צו די דעמאָקראַטישע פעל־קער. ער שרייט אויס מיטן בלוט פון זיין האַרצן: איכה, ווי אַזוי האָט איר פעלקער געקענט זיצן מיט אַ רואיק געוויסן ווען איר האָט געוואוסט וואָס היטלער טוט אָפּ מיט די יידן? איכה, ווי אַזוי האָבן זיך אייך די אַלע זאַכן נישט געגלויבט ווען איר האָט דורך אייערע אינטעלידזשענס דעפּאַרטמענטס זיך געקענט דערקונדיקן צו דעם קלענסטן דעטאַל?

ער שרייט אויך אויס מיטן ביטערסטן פאַרוואורף צו אַלע יידישע כלל־טוער, צו די אַלע יעניקע וועלכע האָבן געהאַט צוטריטן צו די רע־גירונגס־אינסטאַנצן: איכה, ווי אַזוי זייט איר געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און נישט איינגעריסן די וועלט? נאָך מער — ער פרעגט: איכאַ, ווי אַזוי האָט איר געקענט גלייכגילטיק זיין ווען מיט אַ קליי־ניקייט האָט איר געקענט אויסווירקן אַז יענע יידן, וואָס זיינען איב־טערנירט געווען אינעם דייטשישן לאַגער מיט פיקטיווע אויסלענדישע פּאַספּאָרטן און וואָס צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען דער העברעאיש־יידישער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן, ד״ר עק און עטלעכע הונדערט אַנדערע, ווען מען האָט אייך אין געניגנדער צייט געלאָזט וויסן איבער זייער שיקזאַל?

אַז די פעלקער האָבן זיך מיט אונדז נישט גערעכנט איז אַ דבר ידוע. זיי רעכענען זיך מיט אונדז איצט אויך נישט. מיר האָבן דאָס אַלעמאָל געשריבן. מיר האָבן געוואוסט וואָס עס קומט פאָר מיט אונ־דזערע ברידער אין די היטלער־אָקופּירטע לענדער. דעם היגן סטייט דעפּאַרטמענט און דעם ענגלישן פאָרעין אָפיס האָט זיך אויסגעדוכט אַז עס לוינט זיך זיי נישט צו גלויבן ווען עס האַנדלט זיך וועגן יידן.

# געזאַמלטע שריפטן

איך וויל דאָ נישט פאַרענטפערן די יידישע פאַרשטייער. מען מוז אָבער נעמען אין אָנבאַטראַכט אַז עס איז געווען מלחמה־צייט און אַפילו אין דער פאַספאַרטן־פראַגע האָט עס אויך געמוזט דורכגיין דעם „נישט־גלויביקן" סטייט דעפּאַרטמענט. זאָגן אָבער אַז מיר זיינען גאָר אומשולדיק און אַז מיר האָבן געטאָן אַלץ וואָס מיר האָבן געדאַרפט טאָן, קען מען אויך נישט.

ווען מען הערט דעם ביטערן פאַרוואורף פון ד"ר נתן עק וועגן אונדזער גלייכגילטיקער נאַכלעסיקייט, מוזן מיר צוגעבן: חטאנו, עוינו ופשענו! סיי דער וויטאָג און סיי די שאַנדע איז אונדזערע. אין אַזאַ גרויסן חורבן ווי מיר האָבן איבערגעלעבט זיינען אַזעלכע עוולות און פאַרזעאונגען אומפאַרמיידלעך. קיינער האָט זיך נישט גע־ריכט אַז די פאַרניכטונג פון זעקס מיליאָן יידן וועט קומען מיט אַזאַ אָרגאַניזירטער פּינקטלעכקייט און מיט אַזאַ גייציקער טעמפּאָ.

ד"ר עק האָט אונדז אויך איבערגעגעבן ליכטיקע מאָמענטן וואָס האָבן אַרויסגעפינקלט איו דעם דיקן חושך. ער האָט גערעדט איבער דער געוואַגטקייט און מסירת־נפשדיקער געשיקטקייט פון דער חלוצי־שער יוגנט, וועלכע האָט געבראַכט ידיעות וועגן נאַצישער אויסראָטונג פון די יידן און וועלכע האָבן געוואָרנט דורך קאָנספּיראַטיווע פּראָקלאַ־מאַציעס אַז מען זאָל זיך נישט רעגיסטרירן פרייוויליק געשיקט צו ווערן אין אַרבעטס־לאַגערן. זיי האָבן געוואָרנט אַז דאָס זיינען קרע־מאַטאָריומס, פאַרניכטונגס־פאַבריקן. פיל יידן זיינען פרייוויליק גע־גאַנגען אין פייער אַריין.

ד"ר עק האָט איבערגעגעבן אַז די חלוצישע יוגנט האָט אַריינגע־שריבן אַ שיין קאַפּיטל אין דער פּויליש־יידישער מאַרטיראָלאָגיע. אויף אַ קלענערן מאַסשטאַב האָבן עס אויך געטאָן די יוגנטלעכע בונדיסטן.

ד"ר נתן עק האָט געזאָגט אַז ער ווייסט נישט צי יידישע ישובים וועלן זיך צוריק קענען איינשטעלן אין די חרובע לענדער. ער האָט אָבער אַפּעלירט פאַר דעם שארית הפליטה. ער האָט געזאָגט דאָס קיין ייד טאָר זיך נישט אויסדרייען מיטן תירוץ אַז עס זיינען דאָרט פאַר־בליבן ווייניק יידן. הילף איז נייטיק און וועט זיך נאָך נייטיקן פאַר אַ גאָר לאַנגער צייט. יידישע הערצער און יידישע קעשענעס דאַרפן זיין אָפן און יעדער איינציקער דאַרף געבן מער ווי ער קען.

ער האָט פאַרענדיקט זיין ריידן מיט טרייסט־ווערטער. ער האָט ציטירט ד״ר רופין און האָט אָנגעוויזן, אַז אין געוויסע צייטן זיינען מיר געווען אין קליינע נומערן, אַזוי ווייט ווי אין דעם יאָר 1800 האָבן מיר בלויז געציילט פיר מיליאָן יידישע נפשות איבער דער גאָרער וועלט און אין דעם יאָר 1939 האָבן מיר שוין געציילט קרוב צו זיבעצן מיליאָן. אונדזערע קינדער וועלן נאָך פילייכט דערלעבן די נקמה צו זען דאָס מערדערישע דייטשע פאָלק אין אַ שטאַנד פון אונטערגאַנג און אונדזער פאָלק וועט נאָך זוכה זיין צו ציילן זיך אין די צענדליקע מיליאָנען.

* * *

היטלער האָט אונדז געוואָלט אויסוואָרצלען, עוקר מן השורש זיין. ער האָט געמאַכט אַ גרויסן איבעררייס אין אונדזער וואוקס. ער האָט אָבער נישט דערלעבט צו זען אונדז גענצלעך פאַרניכטעט. עס איז נאַטירלעך אַז מיר זאָלן שטרעבן צו פאַרשטאַרקערן און פאַרגרעסערן אונדזער צאָל.

פלאָדיען זיך און וואַקסן איז אַ נאַטירלעכער אינסטינקט פון יעדער באַשעפעניש און פון יעדן פאָלק. ווילדע מענטשן האָבן אויך די זעלביקע אינסטינקטן. אָבער יעדעס ציוויליזירט פאָלק האָט אויסער אינסטינקטן אויך שטרעבונגען. די שטרעבונג פאַר קולטורעלער אויסבילדונג און פון קולטורעלער אויסלעבונג איז פאַר די ציוויליזירטע פעלקער איינס פון די ערשטע געבאָטן. מיר יידן האָבן אַ ירושת־אבות, אַן איינגנאַרטיקע קולטור, וואָס האָט אונדז אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע פעלקער.

אָט נעמען מיר אַשטייגער אַזאַ באַגריף ווי „הבלגה״, צוריקהאַלטן זיך פון בלוט־פאַרגיסונג, סיידן עס איז אין זעלבסט־פאַרטיידיקונג. ס׳איז אַ ספעציעלער יידישער שטריך. אַנדערע פעלקער האָבן גערשנט עשו׳ס ברכה פון „על חרביך תחיה״, זיי לעבן זיך אויס מיט דער שווערד, מאָרד ווערט אַ טוגנט, נישט נאָר אַ טוגנט, נאָר עס מאַכט זיי פאַר איבערמענטשן, ווי עס האָט פאַסירט אין דייטשלאַנד. און ריידנדיק וועגן דעם באַגריף הבלגה און אָפנייג פון מאָרד, איז ווערט צו דערמאָנען ד״ר נתן עקס באַמערקונג וועגן דעם פאַרברעכן פון מאָרד

וואָס איז נישט באַמערקט געוואָרן אין דער אייגנשאַפט פון דער יידישער געטאָ.

עס זיינען פאָרגעקומען קליינע פאַרברעכנס אין דער ליידנדער געטאָ, ווי, אַשטייגער, אַרויסכאַפּן אַ פּעקל שפּייז פון יענעמס האַנט ווען דער הונגער איז אַזוי שטאַרק געווען. עס איז אָבער נישט פאַר־צייכנט געוואָרן קיין איין מאָרד צווישן דעם האַלבן מיליאָן איינגע־שפּאַרטע יידן אין דער געטאָ. ער האָט געזאָגט, ווען אַשטייגער די דייטשן וואָלטן איינגעשפּאַרט געוואָרן אין אַזאַ ענגער געטאָ און זיי וואָלטן געדאַרפט דורכטראָגן די אַלע צרות און רשעותן וואָס די יידן האָבן דורכגעליטן, וויפיל מאָרדן וואָלטן דאָרט פאָרגעקומען? די יידי־שע הענט זיינען אָבער געווען ריין פון מאָרד. דאָס איז דער יידישער שטריך וואָס יידן האָבן אינקאָרפּאָרירט אין זייער עטישן קאָדעקס. די דברה פון „לא תרצח" האָבן די יידן אָפּגעהיט מער פון אַלע דברות. פאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען דאָ אויסנאַמספאַלן, אָבער דעם רוב מנין און רוב בנין פון פאָלק איז דער באַגריף פון שפיכת דמים דערווידער.

אונדזער קולטורעלע ירושה איז פון עטישן שטאַנדפּונקט אַ שענע־רע און רייכערע ווי פון פון וועלכן ס'איז אַנדער פאָלק. און אויב מיר ווילן המשך און גאַנץ מאַכן דעם ריס וואָס די היטלעריסטן האָבן גע־מאַכט מיט דער בייזער כוונה צו פאַרניכטן אונדזער יונגן דור, כדי איבערצושניידן דעם יידישן פאָדים, מוזן מיר עס אָנפאַנגען מיט אונ־דזערע איבערגעבליבענע קינדער. אין אייראָפּע האָבן מיר כמעט קיין קינדער נישט. מיר דאָ אין אַמעריקע זיינען די גליקלעכע וואָס צו אונדזערע קינדער האָט היטלערס האַנט נישט דערגרייכט. דורך אונ־דזערע קינדער קענען מיר געבן דעם פאָלק זיין המשך, די קאָנטינואיטעט פון דעם יידישן פאָלק קען נישט האָבן קיין ווערט ווען מיר וועלן אונדזערע קינדער נישט איבערגעבן די ירושת־אבות. מיר מוזן זען אַז אונדזערע קינדער זאָלן קריגן די ריכטיקע יידישע דערציאונג.

איבערן לאַנד איז איצט פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ יידישער דער־ציאונגס־חודש. דער דערציאונגס־חודש איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פון פאַרשיידענע גרופּן פירער אַלס אַ מין טרעוואָגע־אויסרוף. מען וויל מיט דעם אַלאַמירן דעם יידישן עולם איבער דעם טרויעריקן מצב פון יידישער דערציאונג. דער חודש דאַרף דינען אַלס אַ וואָרנונג און אַ

דערמאָנונג צו יעדן יידישן פאָטער, אַז ער זאָל שיקן זיין קינד אין אַ יידישער שול, צי דאָס איז אַ וועלטלעכע שול, אַ תלמוד־תורה, אַ ישיבה און (צום באַדויערן) אויך אַ זונטיק־שול.

איך וויל דאָ נישט מבטל זיין די שולן פון די פאַרשיידענע שאַטירונגען דערפאַר וואָס זיי האָבן ווייניק אויפגעטאָן אויפן געביט פון יידישער דערציאונג. יעדע שול האָט געשטרעבט צו טאָן דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדן. די שולן האָבן זיך אָבער אָנגעשלאָגן אָן דער אַפּאַטיע, אָן דעם ציניזם פון די עלטערן, וועלכע האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם חוב פון יידישער דערציאונג.

די היטלער־יאָרן און די מלחמה האָבן צוריק אַריינגעוואָרפן אַ סך יידן אינעם יידישן לאַגער. זיי פילן זיך אַלס יידן, אָבער זיי טוען גאָרנישט פאַר דער יידישער קאָנטינואיטעט, זיי אַרט נישט פאַרן יידישן המשך, זיי זיינען גלייכגילטיק צו יידישע ווערטן און פאַרשטייען נישט דעם ווערט פון ירושת־אבות. פאַר די יידן איז געמיינט דער דערציאונגס־חודש. עס איז אַן אויסרוף צו אַלע יידן צו פאַרשטאַרקערן און פאַרשענערן די יידישע דערציאונג. אויף יעדן איינעם וואָס איז אַ באַוואוטזיניקער ייד ליגט דער חוב צו ריידן, צו מאָנען, צו וועקן און אַלאַרמירן, צו מונטערן און דערמוטיקן יעדן איינציקן יידן, אַז ער זאָל זיין קינד שיקן אין אַ יידישער שול, ער זאָל זיין קינד געבן אַ יידישע דערציאונג, ער זאָל אין זיין קינד און דורך זיין קינד זען דעם המשך פון זיין רייכער פאָלקס־קולטור.

זאָל דער דערציאונגס־מאָנאַט זיין פון אָנרעגונג צו לערנען און געלערנט ווערן, און ווען באַלאָדן מיט יידישן גייסט, מיט יידיש וויסן, וועט אונדזער המשך אָנגיין עד סוף כל הדורות.

סעפּטעמבער, 1945.

# אַ מאָדנע תביעה

ווען מען זאָל וואַרפן אַן אָפּלייטער אויף די געצעלטן פון שם זעט מען ווי אַ פאָלק שטייט ביים אָפּגרונד. ווען מען ציט אַ נאַציאָנאַלן חשבון זעט מען ווי אונדזערע טייכן טריקענען.

עס הערשט ביי אונדז סיי אַ מאַטעריעלע און אַ סיי אַ גייסטיקע ירידה. עס איז דאָ פיל אמת אין די ווערטער פון ח. נ. ביאַליק, ווען ער זאָגט:

„דאָס יידנטום געפינט זיך איצט פאַר אַ תהום. מיר ווערן פאַרפלייצט פון אַ מעכטיקן וואַסערקוואַל, וואָס האַלט שוין אַ שפאַן פאַרן תהום. עס איז נישט די אַסימילאַציע — עס דראָעט פיזישער און גייסטיקער אונטערגאַנג.“

אונדזערע שרייבער און וואָרט־זאָגער זוכן תרופות ווי אַרויסצושלעפן אונדזער זינקענדע שיף. מיר טאַפּן אין דער פינצטער, מיר זוכן פאַר זיך אַליין אַ אויסוועג פונעם חושך מצרים, מיר זוכן וועגן און טאַפּן אין אַ נישט־אויסגעפאָרשטן חלל און מיר קענען דעם וועג פאַר זיך אַליין נישט געפינען.

אין דער זעלבער צייט וואָס מיר זוכן פאַר זיך אַליין אַן אָריענטאַציע, קומט צוגיין אַ גוטער גוי און פאָדערט אונדז אויף, ער האָט צו אונדז תביעות — היות ווי די גויאישע שיף טרינקט זיך און זי שטייט פאַרן אָפּגרונט, זאָלן מיר משפיע זיין מיט אונדזערע גוטע מעלות אויף דער גויאישער וועלט און דערציען די מענטשהייט, „ניט־יידן און ניט־גויים“ צו דעם ריכטיקן משיחיזם פון „ויברכו בם כל הגוים“.

אינעם נאָוועמבער נומער „האַרפּערס מעגעזין“ איז דאָ אַן אַרטיקל פון וויליאַם אָרטאָן, פּראָפעסאָר פון עקאָנאָמיקס און סאָציאָלאָגיע אין „סמיטה קאָלעדזש“, וואָס הייסט: „אַן אויפפאָדערונג צו ישראל“. דער תמצית פונעם אַרטיקל איז — היות ווי די מערב ציוויליזאַציע שטייט ביים אָפּרונד, אויפן שוועל פון אונטערגאַנג, און היות ווי דער יידישער גאָט איז נישט אָפּהענגיק פון וועלכער עס איז אינסטיטוציע און ער קען זיך אַריינפּאַסן אין אַלע אומשטענדן און קען איבערלעבן אַלע אומגעבונגען, און אַזוי ווי דער קריסטלעכער גלויבן איז בלויז

אָפּהענגיק פון געוויסע אינסטיטוציעס און געוויסע סיסטעמען און טראַדיציעס, און היות ווי די איצטיקע מאַשין־עפּאָכע ברעכט די טראַדיציעס, די סיסטעמען און די אינסטיטוציעס, מוז דעריבער די גאָטהייט, די קולטור, די ליטעראַטור, וואָס זיינען אָנגעשפּאַרט אָן די זיילן פון יענע סיסטעמען און יענע טראַדיציעס, אומפאַלן ווי אַ קאָרטן־הויז. די יידישע מידות טובות זיינען אָבער נישט אָנגעווענדט אויף סיסטעמען און אינסטיטוציעס. דאָס הייסט, די גאָטהייט לעבט אינעם יידן און איז אַ טייל פון זיין אינערן איך אַפילו ווען דער באַטרעפנדער ייד איז אַ כופר בעיקר אָדער גאָר אַ משומד. דער יידישער גאָט איז איינגעוואקסן אין זיין בלוט פאַר די לעצטע עטלעכע טויזנט יאָר. היות ווי דער יידישער גאָט איז פון שטענדיקן דויער און איז נישט אָפּהענגיק פון סיסטעמען, אינסטיטוציעס און טראַדיציעס, איז דעריבער די יידישע פליכט משפיע צו זיין פון זייער גאָטהייט אויף דער מערב־צוויליזאַציע און זי אַרויסהייבן פונעם תהום.

דער אַרטיקל איז געשריבן פון אַ מענטשן אַ תלמיד־חכם, פון אַ מאַן (כאָטש אַ גוי) וואָס האָט אַ טיפע ידיעה אינעם יידישן טעמפּעראַמענט, מידות און הנהגות. דער שרייבער, וועלכער שרייבט אין אַ זייער שיינעם און געהויבענעם סטיל, זאָגט: אַזוי ווי מיר זיינען געוואוינט אַז די יידן זאָלן און, מיט רעכט, מעגן האָבן טענות און תביעות צו די גויים, וויל ער איצט ברעכן דעם מנהג און אַרויסגיין מיט אַן אויפפאָדערונג צו די יידן. דער פּראָפעסאָר זאָגט אין אָנפאַנג פון זיין אַרטיקל:

„כמעט אַלע אַרטיקלען וואָס רירן אָן די יידן־פּראַגע, אָדער וואָס ווערן געשריבן וועגן יידן, רופן אַרויס פּאַרדרוס און באַליידיקונג. מיין איצטיקער אַרטיקל וועט אויך נישט זיין קיין יוצא מן הכלל. ס'וועט מסתמא אויך אימעצן אָנרירן. איך וועל דערייבער זאָגן אַז עס איז נישט אַזאַ טעמע וואָס ווערט געשריבן צוליב פּאַרוויילונג, אָדער פּאַר געלט. עס זיינען דאָ אַ סך זאַכן וואָס מען קען שרייבן און געפינען סתירות פון איין זאַך צו דער אַנדערער און וואָס זאָל זיך אויסלאָזן אָן שאָדן צו דעם אָדער יענעם צד. אָבער דער געגנשטאַנד איז גאַנץ אַנדערש. עס איז פּונקט ווי יענע קריגערייען צווישן ליבהאָבער וואָס קומען אַרויס

צוליב עפּעס אַ קלייניקייט און ווערן אָבער פּלוצלינג פאַנאַנדערגעבלאָזן און אויפגעפלאַקערט אין אַ סימבאָלישן פאַרנעם פון טיפער און ברייטער פאַנאַנדערטיילונג, אין וועלכער ליבע און לעבן קענען אומזעצבאַר אונטערגיין."

דער שרייבער ווייזט אָן דעם תהום וואָס טיילט פאַנאַנדער די יידן פון די נאָרדיקס. ער רעכנט אויס אַ צעטל פון דיסקרימינאַציעס וואָס די נאָרדיקס ווענדן אָן קעגן די יידן סיי אינעם עקאָנאָמישן לעבן און סיי אינעם גייסטיקן לעבן, און טאָמער וואָלט דער ייד וועלן זיין אַנדערש ווי ער איז קען ער עס נישט ווערן צוליב דעם אויסערן דרוק. ער רירט אויך אָן די דיסקרימינאַציעס פון יידן צו יידן, וועלכע זיינען אַגב אַן אויסגאַנג פון דער אַלגעמיינער גויאישער דיסקרימינאַציע. דער יידישער געשעפטסמאַן האָט מורא פאַר זיינע קונדן, וואָס קוקן אויף אים אַזוי אויך מיט חשד, אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן אָנקוקן קיין יידישע פּנימער. צווישן אַנדערש זאָגט ער:

„די נאָך דער מלחמה אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן אַ ליטעראַטור פון אומצופרידנהייט, וועלכע איז אומפאַרגלייכלעך; אָבער מער בלוט ווי איר כעס איז דער מאַנגל פון צוגעבונג, פון באַשטיטיקונג אַז עס איז אַזוי."

דער בלויזער פאַקט וואָס מענטשן דיסקוטירן די איבערלעבונג פון אונדזער קולטור אַלס אַן אָפענע פראַגע איז פון גרעסערער וויכטיקייט ווי וואָס זיי זאָגן; דער סך־הכל אָבער איז מער גענייגט צו זיין אַ פּעסימיסטישער.

דער עטאַבלירטער שטייגער ליידט פון אַ כראָנישער און וואַקסנדער מכה", שרייבט דער עקס־טשעמפּיאָן פונעם נאָרדיק, מ"ר לאָטראָפּ סטאָדאַרד. „אַ פאַרגרעסערטע אומצופרידנקייט הערשט מיט דעם וואָס איז דאָ אין שותפות מיט אַן אומרואיקערן זוכן פאַר דאָס נייע. גלויבן גייט אונטער, מענטשן פאַרלירן דעם אינטערעס אין זאַכן וואָס זיינען ביז איצט פאַררעכנט געוואָרן פון גרויס וויכטיקייט . . . איינדרוקספולע און וואָגיקע באַווייזן פון פאַרשיידענע אויסגאַנגס־פּונקטן זיינען נוטה איבערצוציייגן אַז אונדזער ציוויליזאַציע דערנענטערט זיך צו איר סוף.

## י. ש. נאומאָוו

**דער שרייבער זאָגט ווייטער:**

„עס איז אמת אַז די וויסנשאַפט, האָבדיק ענדלעך אויס־געבראַכט די טעגלעכע דערפאַרונגען, האָט אויסגעברייטערט דעם אוניווערז אין נישט־באַגרייפלעכע דימענזיעס, ענדיקט מיט דער פאַרזיכערונג צו דעם דורכשניטס־מענטש אַז ער איז פריי צו גלויבן אין וועלכן עס איז גאָט, אויב ער איז בכלל אַ גלויביקער; אָבער ביי וועלכן גלויבן איינער זאָל זיך נישט האַלטן, איז נישט דער גלויבן און נישט די פילאָזאָפיע קענען געבן אַ פעסטן גרונט. אויך עקזיסטירט שוין נישט מער אפילו אינעם מערבדיקן מוח די שטאַרקייט אויסצודריקן אַ „גלויבן צוליב דער אומגלויביקייט". איז דער ייד אין דעם זין אין אַן אַנדער לאַגע? עס איז אי זיין קללה, אי זיין ברכה וואָס ער איז אַזוי. אָפּגעשונדן און באַ־רויבט דורך יאָרהונדערטע פון יענער מעגלעכקייט אויפצוהענגען זיינע האָפענונגען אויף אַ שינוי ערכין, געיאָגט פון פייער און שווערד פון אַלע באַקליידטע אינטערעסן פון אַן אמתן קבוץ־לעבן, האָט דער ייד אַ דירעקטן אָנהאַלט אויף דעם לעבן אַליין, בעת דער נאָרדיק האַלט זיך אין דעם אָן מיט אַן אַפּאַראַט פון מושגים, אינסטיטוציעס, ראַציאָנאַלע מיטלען און כוונות.

דער יידישער געדאַנק מעג זיין טרויעריק, פעסימיסטיש, טראַגיש, ער איז אָבער זעלטן דעקאַדענטיש, זעלטן אַ יורד. זאָל דער מוח טאָן וואָס ער וויל, זיין בלוט אָבער גלויבט. לאָז אים טראַכטן, ריידן, לעבן און שטאַרבן אַ משומד אַ כופר. די ראַסע אין אים דריקט אויס טאָג־איין טאָג־אויס איר פראַגמאַטישן חיוב.

דאָס קריסטנטום האָט זיך קיינמאָל נישט מטריח געווען צו פאַרשטיין דעם אָרעמען נביא — און איצטער וואָגט עס נישט צו פאַרשטיין. אַלץ וואָס דאָס קריסטנטום האָט איינגעזען איז דעם אָנפאַנגס־פּונקט פון אַ נייער סיסטעם פאַר דער העכסט־וואַקלדיקער אויבערסטרוקטור פון מעטאַפיזיקס און טעאָלאָגיע וואָס האָט ווען עס איז פאַרבלענדט די מענטשהייט — אָבער אַ סיסטעם וואָס האָט נאָך אַלעמען געמאַכט געשיכטע — איצט ברעכט די סיסטעם איין, זי קראַכט און צעברעקלט זיך, ווייל

פריער אָדער שפּעטער, סיסטעמען מוזן פאַלן. דער ייִד אָבער לעבט און גייט אָן מיטן לעבן, ווי דער גאַנצער עסק וואָלט אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען — און ער ווערט דערפאַר געהאַסט.״

ווייטער זאָגט מר ארטאַן:

„דער גאָט פונעם ייִדן איז דער וועג, דער אמת און דאָס לעבן, הדרך, האמת והחיים. דער גאָט פונעם נאָרדיק איז די ראַציאָנאַליזאַציע פון דער נאָרדישער שטרעבונג פאַר מאַכט, דער אולטימאַטער תירוץ פאַר יענע טאַטן וואָס די שטרעבונג צו מאַכט דיקטירט. יענע וואָס וואַרפן אָפּ אַזעלכע זאַכן זיינען געצוואונגען אים אָפּצולייקענען. דער ייִד דאַרף נישט פאַרלייקענען זיין גאָט כדי צו דערגרייכן פרייהייט.״

ריידנדיק איבער דעם הבדל פונעם ייִדן און נישט־ייִדן רירט ער אויך אָן, פאַרבייגייענדיק, דעם ציוניזם און ער זאָגט: ווען אַן ענג־לענדער באַרייזט אַמעריקע און כאַפּט זיך אַריין אין בריטיש קאָלאָמ־ביא רופט ער אויס מיט שטאָלץ: „דאָס איז מיינס! אָדער ווען אַן אַמעריקאַנער נאָרדיק באַרייזט ענגלאַנד און ער דערזעט דאָרטן אַ וואָלוואָירט אינסטיטוציע כאַפּט זיך ביי אים אויך אַרויס דער אויס־געשריי: „דאָס איז מיינס!״ דער ייִד האָט אָבער נישט אויף וואָס אויסצושרייען. „דאָ ליגט די ריכטיקע סכנה,״ זאָגט מ״ר ארטאַן. „דער ציוניזם קען זיין צו דערפאָלגרייך און ס׳וועט צוגעבן נאָך אַ נעאָ־נאַציאָנאַליזם צו אַ וועלט וואָס איז שוין אַזוי אויך מבולבל פון צופיל נאַציאָנען.״ ער חזרט איבער וואָס רבי שולמאַן, דער אַרטש־שונא פון ציוניזם, דרשנט אין זיינע „סוירמאָנס. מכוח איזאָלאַציע און די ווירקונג אויף די עקזיסטירנדע ייִדישע רעכט. מ״ר ארטאַן זאָגט אָבער אַז שולמאַן האָט געמעגט צוגעבן, און אפשר טראַכט ער עס אין האַרצן און איז אין דער שטיל מתפלל, אַז די ציוניסטן זאָלן האָבן אַ דערפאָלג אין זייער אומדערהערטער, רעאַלער אונטערנעמונג: די באַשאַפונג פון לעבעדיקער, שאַפנדער עדה וואָס זאָל איבער אַלץ דינען אַלס אַ סימבאָל, אינעם זעלבן זין ווי קאָלירטע שטיקלעך מאַטעריע דינען אַלס סימבאָל פאַר אַנדערע נאַציאָנען.

ווייטער ריידנדיק וועגן ספּעציעלע ייִדישע און נישט־ייִדישע

שטריכן, נאָכדעם ווי ער ציטירט לודוויג לואיסאָן און מאָריס סעמועל, זאָגט מ"ר ארטאן:

„די דערגרייכונג — לאָזט מיך ארויסזאָגן גאַנץ פשוט — איז די רעטונג פון דער מערבדיקער ציוויליזאַציע. דאָס איז מיין אויפפאָדערונג צו ישראל.

דאָס וואָרט „גלות", לייען איך, האָט צוויי אויסטייטשונגען. עס קען מיינען ווי די ביבל זאָגט (במדבר כ"ח) „והיתה לזעוה לכל ממלכת הארץ. און עס קען מיינען לויט דער העתקת השבעים, די סעפּטאַגינטישע אויסטייטשונג: די זייאונג פון זאמען — די זאמען אין וועלכע אַלע נאַציאָנען זאָלן זיין געבענטשט. אַלע נאַציאָנען פון דער ערד, נישט די יידן אַלס אַזעלכע און נישט די גויים אַלס אַזעלכע — די גאַנצע מענטשהייט לויט דער משיחישער וויזיע. איז דאָ גלויבן אין ישראל? איז דאָ באַדערפעניש אינעם קריסטנטום צו שניידן די בכורים?"

ער פאַרענדיקט מיט לודוויג לואיסאָנס אַן אויסדרוק: „זיין אַ ייד איז וואָס ער איז שולדיק דער מענטשהייט."

עס איז נישט אין דער מעלה פון וועלכער עס איז פאָדערונג וואָס די וועלט קען אויף זיי אָרויפלייגן. עס איז ווייל זיי זיינען געווען פאַרהאַסט און אויסגעוואָרפן פון מענטשן; נאָר ווייל זיי האָבן געליטן און מקריב געווען מער ווי וועלכע עס איז ראָסע האָט געהאַט צו ליידן און קרבנות ברענגען, ווייל עס איז נאָך אַלץ דאָ ווייניק פּלאַץ פאַר זיי, אַזאַ מאָגערע זיכערהייט אין דער רייכסטער נאַציע פון דער וועלט — דאָס זיי וועלן סוף־כל־סוף קומען און ברענגען אַ נייע ברכה צו דער וועלט וואָס האָט זיי פאַרשטויסן, אָנבאָטן דאָס וואָס קען ביי זיי נישט אָוועקגענומען ווערן, צו יענע וואָס זיצן אין דער פינצטער אין דעם שטן פון טויט.

דער שרייבער ווייסט אַז פילע וועלן פון אים מאַכן חוזק און וועלן אים נישט פאַרשטיין.

די פראַגע אָבער איז, ווען עס איז אמת אַז דער ייד קען די נאַרדיקס באַפרוכפּערן מיט זיין גלויבן, מיט זיין אידעאַליזם, טאָ פאַרוואָס

באַפרוכפּערט ער זיך אַליין נישט ? און ווי אַזוי קען דער דיסקרימי־
נירטער ייד צוטרעטן צום אַלערהעכסטן, פון דער נאַטור אויסדער־
וויילטן, נאָרדיק און אים מזכה זיין מיט יידישע ברכות ? אפשר
ווייסט מ״ר אָרטאָן.

אָקטאָבער 30, 1931.

# מיר און די קאַפּריזן פון געשיכטע

די גלאָבאַלע מלחמה האָט זיך געענדיקט דורך דעם אויפרייס פון
צוויי אַטאָמישע באָמבעס. די מיליטערישע מאַכט אין יאַפּאַן איז
אויפגעריסן געוואָרן. נישט איין מלחמה־שולדיקער וועט זיך נעמען
דאָס לעבן דורך דעם טראַדיציאָנעלן וועג פון האַראַ־קירי. ווען די
שורות ווערן געשריבן איז אַנאָנסירט געוואָרן אַז דער 58־יאָריקער
יאַפּאַנעזישער קריגס־מיניסטער קאָרעטשיקא אַנאַמי האָט זיך גענומען
דאָס לעבן. די האָפערדיקע קריגער פון יאַפּאַן ליגן איצט ווי שטויב
צו דער ערד און שלאָגן זיך אין האַרצן דערפאַר וואָס זייערע אָנ־
שטרענגונגען פאַר זייער אימפּעראַטאָר זיינען נישט געווען שטאַרק
גענוג.

פאַר די יאַפּאַנעזער זיינען יענע אָנשטרענגונגען, וועלכע האָבן
געמאַכט חורבות פון כינעזישע שטעט און דערמאָרדעט אין קאַלטן
בלוט מיליאָנען כינעזער, נישט גענוג. פאַר די קאַרגע פיר יאָר וואָס
זיי האָבן געפירט קריג מיט אַמעריקע און מיט אַלע אַנדערע שוואַכע
פעלקער, וואָס האָבן צוליב געוויסע קאָניוקטורן זיך נישט געקענט
פאַרטיידיקן און וואָס טויזנטער מענטשן זיינען דורך זייער אכזריות־
דיקער באַהאַנדלונג אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן און מלחמה־געפאַנ־
גענשאַפט פאַרמוטשעט געוואָרן צו אַ לאַנגזאַמען טויט, איז נאָך די
אָנשטרענגונג נישט גענוג געווען פאַר דעם בלוט־ און מאַכט־דורש־
טיקן היראָהיטאָ. וויינען די יאַפּאַנעזער מיט ביטערע טרערן און גיסן
אויס זייערע ביטערע הערצער פאַר זייער „גאָט־קעניג„ און שרייען :
„ומפני חטאינו״, פאַר די זינד פון אונדזער נאַכלעסיקייט דאַרף נעבעך

אונדזער אימפּעראַטאָר אַזוי דערנידעריקט ווערן און ליידן פאַר אונ־
דזערע זינד. דאָס יאַפּאַנעזער פאָלק באַדויערט וואָס אין נאָמען און
אין דעם זכות פון זייער הערשער האָבן זיי נישט פאַרגאָסן געווג בלוט.
זיי באַדויערן וואָס זיי האָבן פאַר דעם קעניג ווייטיק געשקלאָפּט כדי
אָנצומאַכן גרעסערע חורבנות ווי זיי האָט עס זיך איינגעגעבן.

הערנדיק די נייעס אויף דער ראַדיאָ און לייענענדיק עס אין די
צייטונגען, ווערט טרויעריק אויפן האַרצן ווען מען נעמט אין אָנבאַ־
טראַכט אַז די מענטשן, מיט אַזעלכע איינגעעלטערטע אַבערגלויבישע
טראַדיציעס, וועלן דאַרפן איבערדערצויגן ווערן און אין זיי זאָל אַריינ־
געגעבן ווערן אַ נייער רוח און אַ נייע פּסיכאָלאָגיע. און דאָס איז דאָך
נישט אין דעם אַזיאַטישן יאַפּאַן אַליין, וואָס עס שטייט פאַר אַזאַ
שווערע אויפגאַבע פאַר אויסמענטשלונג און איבערמענטשלונג.

יענער גייסט פון האַרן־פאָלק וואָס איז איינגעוואָרצלט געוואָרן
אין דעם אייראָפּעאיש־דייטשישן מענטשן טיילט זיך נישט אָפּ אויף
אַ האָר פון יענעם אַזיאַטיש־יאַפּאַנעזישן קולט, וואָס גלויבט אין דער
אָפּשטאַמונג פון זייער פלייש־ און בלוט־קעניג, פון דער זון־קעניגין,
פון דער שינטאָ־רעליגיע, וואָס פאַרגעטערט דעם זכרון פון די אבות.
די גרויסע קריסטלעכע וועלט האָט נישט פאַרשטאַנען אַז דער דייטשי־
שער אויבערמענטש קולט איז איינס און דאָס זעלבע וואָס דער יאַפּאַ־
נעזישער קולט איז פון עלטערן פאַרגעטערונג. נישט אומזיסט האָבן
דיביידע פעלקער פאַרמירט אַן אַקט. זייערע פּסיכאָלאָגיעס האָבן זיך
אויסגעגליכן. דאָס זיינען געווען פאַראַלעלע דענקונגס־וועגן.

די איטאַליענער האָבן זיך לכתחילה נישט אַריינגעפּאַסט אין דעם
אַקס. עס איז געווען מוסאָליניס צעזאַר־אַנשטעל וואָס האָט אים אַריינ־
געוואָרפן אין איין בעט מיט היטלערן. ער האָט זיך אָבער אין דעם
איינשטעל נישט אַריינגעפּאַסט. נישט אַזוי ער אַליין, נאָר דאָס איטאַ־
ליענישע פאָלק. איטאַליע איז געווען פינפטער ראָד צום וואָגן. עס איז
געווען, ווי עס ווערט אָנגערופן אין ענגליש, אַ „ביזאַיסענס וועליו‟, אַן
אָנשיקעניש וואָס האָט זיך אין דעם אַקס נישט אַריינגעפּאַסט.

* * *

די אַליאירטע פעלקער, וועלכע האָבן פאַרענדיקט די גלאָבאַלע
מלחמה מיט אַן אַטאָמישער באָמבע, האָבן נישט פאַרשטאַנען אַז די

מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען דורך אַן אַטאָמישער באָמבע. פילע פון אונדז זיינען שטאָלץ וואָס אַ סך יידישע נעמען פיגורירן אין דעם פאַרפאָלקאָמען פון דער אַטאָמישער באָמבע. עס איז טאַקע אַ גרויסער כבוד וואָס אונדזערע מענטשן באַרייכערן די וויסנשאַפט. אָבער די ערשטע „אַטאָמישע באָמבע" האָט אויפגעריסן אין אונדזער יידישן לאַגער מיט דעם אויפשטייג פונעם היטלעריזם. בלויז צוויי שטעט האָבן געדאַרפט פאַרניכטעט ווערן אין יאַפּאַן בכדי די גלאָבאַלע מלחמה זאָל זיך ענדיקן. איך רייד נישט וועגן די מיליאָנען טויטע וואָס די יאַפּאַנעזער האָבן פאַרלוירן אין דעם לויף פון דער מלחמה. זיי האָבן דאָך דעם וועג אַליין אויסגעקליבן. איך רייד בלויז וועגן די פּאָר הונדערט טויזנט וואָס די אַטאָמישע באָמבע האָט אויפגעריסן אין הירא־שימאַ און נאַגיסאַקי.

אונדזער פאָלק האָט מיט קיינעם קיין מלחמה נישט אָנגעפאַנגען און דאָך זיינען אין משך פון די היטלער פאַר־מלחמה־יאָרן איבער אונדז אויפגעריסן געוואָרן אַטאָמישע באָמבעס, אין דער פאָרמע פון דעקרעטן און נירענבערג־געזעצן. אין די מלחמה־יאָרן האָבן מיר דער־ליטן די גרעסטע פאַרלוסטן אין פאַרגלייך מיט וועלכן עס איז אַנדער פאָלק וואָס איז געווען דירעקט פאַרמישט אין דער מלחמה. די וועלט האָט נישט באַמערקט אַז אויף אונדז האָט זיך די ערשטע „אַטאָמישע באָמבע" אַראָפּגעלאָזט און האָט געשוויגן, און אויב מיר שטאָלצירן איצט מיט דעם וואָס אין דער פאַרווירקלעכונג פון דער אַטאָמישער באָמבע פיגורירן יידישע נעמען, פאַרגעסן מיר אינגאַנצן וויפיל מער יידישע וויסענשאַפטס־מענטשן האָבן זיך געקענט אַרויסוויקלען פון יענער פינף־מיליאָניקער קופּע הרוגים. נישט מיר אַליין פאַרטראַכטן זיך איבער דעם און די וועלט האָט אונדז געוויס נישט אין זינען, און זיי האָבן אונדז קיינמאָל נישט געהאַט אין זינען. ווען זיי וואָלטן פון אָנהייב נישט געזאָגט אַז איך בין נישט מיין ברודערס היטער און אַז יעדע רעגירונג קען אינערלעך טאָן מיט אירע בירגער וואָס זי וויל, וואָלט נישט פאַרגאָסן געוואָרן אַזוי פיל יידיש בלוט און אַזוי פיל מענטשלעך בלוט.

אַן אַטאָמישע באָמבע איז איינס פון די שוידערלעכסטע געווער־מיטלען וואָס אַ בלוטיקע וועלט האָט זיך געקענט דערטראַכטן. עס איז

אָבער קיין אַנדער אויסוועג נישט געווען. אָבער ס׳איז דאָך אַן אויסגאַנג פון דער וועלטס גלייכגילטיקייט צו די ליידן פון די יידן. די אַטאָמישע באָמבע האָט זיך אַרויסגעוויקלט פון דער ערשטער עבירה, ווען אַ וועלט האָט צוגעזען די ליידן פון די יידן און האָט געשוויגן. די באָמבע איז אַן אויסגאַנג פון אַ פול מויל וואַסער איבער די יידישע ליידן. עס איז אַן עבירה גוררת עבירה, איין עבירה פירט צו דער אַנדערער. און פונקט ווי עס זיינען געפאַלן טויזנטער קרבנות אין דער גרויסער בלוטיקער וועלט־מלחמה צוליב דעם פאַרזען און פאַרהערן די יידישע ווייגעשרייען מיט די ערשטע שויבן־ברעכונגען אין יידישע געשעפטן אין דייטשלאַנד, וועט זיך אויך די וועלט נישט איינשטילן ביז די יידישע פראַגע וועט אויף אַ ראַדיקאַלן אופן נישט געלייזט ווערן.

אין אַ גערעכטער וועלט טאָרן נישט זיין קיין עוולות, ווייל פון איין עוולה וויקלט זיך אַרויס אַ צווייטע און פון אַ צווייטער — אַ דריטע און אַזוי אויף דער גאַנצער ליניע. די אַטאָמישע באָמבע וועט נישט פאַרענדיקן איר שליחות מיט דער באָמבאַרדירונג פון צוויי יאַפּאַנעזישע שטעט. אויב אין דער וועלט וועלן זיך פאַרוואַלגערן די קערנער פון זינד פון איין סאָציאַלער שיכט קעגן דער אַנדערער, פון איין פאָלק צום אַנדערן, וועלן זיך די אַטאָמישע באָמבעס פון זיך אַליין אַנטוויקלען און וועלן סוף־כל־סוף אויפרייסן און פירן צו נייע מלחמות און נייע בלוט־פאַרגיסונגען. די עוולות פון פאָלק צו פאָלק וועלן מוזן אויסגעראַמט ווערן, ווי עס ווערט אויסגעראַמט דער חמץ ערב פסח אין אַ פרום יידיש הויז . . .

* * *

ווען אונדזערע פירער האָבן דערמאָנט די ארץ־ישראל־פראַגע צו פעלקער־פאָרשטייער, האָט מען זיי געזאָגט אַז מען מוז מיט דער פראַגע וואַרטן ביז נאָך דער מלחמה. די מלחמה האָט זיך געענדיקט און דער פאַקט, אַז די אַלע פראַגן וואָס מען האָט פאַרהאַנדלט אויף פּאָטסדאַמער קאָנפערענץ האָבן אויך געהאַט צו טאָן מיט פראַגן וואָס וועלן ערשט באַהאַנדלט ווערן ביי דעם שלום־טיש פון אַנדערע פעלקער.

איך האָב געהערט און געלייענט פרעזידענט טרומאַנס רעדע נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון פּאָטסדאַם. דאָרטן זיינען פאַרהאַנדלט געוואָרן די עטנישע גרענעצן פונעם פוילישן פאָלק, פונעם

אונגאַרישן, פון דער סאָוועטן־מאַכט, פון טשעכאָסלאָוואַקיע און פון רומעניע און פון אַנדערע לענדער און פעלקער. די אַלע פראַגן זיינען אַרומגערעדט געוואָרן אויף דער פּאָטסדאַמער קאָנפערענץ.

ס'איז אמת, אַז דאָס וועט ערשט דאַרפן באַשטעטיקט ווערן ביי דעם אַלגעמיינעם פרידנס־טיש, אָבער צו וואָס זיך נאַרן — ווער וועט ביי דעם פרידנס־טיש וואַגן צו באַשטרייטן די גרויסע דריי? מען וועט ביי דעם פרידנס־טיש סערווירן אַ צוגעגרייט געריכט און די פעלקער־פאָרשטייער וועלן עס מוזן אַראָפּשלינגען, ווי עס שטייט און גייט. אַפילו די אַראַבישע פאָרשטייער וועלן נישט וואַגן אויפצוהייבן אַ וואָרט ווען עס וועט זיך האַנדלען וועגן דער אַריבערשיכטונג פון אַ מיליאָן און אַ האַלב דייטשן אין אַזוי אויך אַן ענגער דייטשלאַנד. זיי וועלן נישט אייַנווענדן אַז מען זאָל די דייטשן פון סודעטן־לאַנד איבער־שיכטן אין דייטשלאַנד, און אַזוי געוויסע עטנישע גרופּן פון איין לאַנד צום אַנדערן, כאָטש אין יענע לענדער איז אויך אַזוי ענג.

אָט די אַלע פעלקער־איבערשיכטונגען און איבערזידלונגען וועלן דאָך געטאָן ווערן לשם מצוה, אָנצוהאַלטן דעם באַלאַנס פון שלום אויף דער וועלט . . . זאָל חלילה דערמאָנט ווערן אַז מען זאָל איבערשיכטן אַ צאָל אַראַבער אין דער גרויסער ליידיקער אַראַביע. אָ, וואָס פאַר אַ טומל עס וואָלט געוואָרן. נישט נאָר פון די אַראַבער אַליין, דער ענג־לישער קאָלאָניאַל־אָפּיס וואָלט נעבעך די עוולה נישט געקענט פאַר־טראָגן. די אויל־אינטערעסן וואָלטן זיך אָנגעצונדן און וואָלטן געשריען אינעם נאָמען פון יושר. אונדזערע אייגענע יידן פון רעכטס און פון לינקס וואָלטן אויפגעריסן די הימלען. די אַראַבער ווייסן עס, און נישט אומזיסט איז באַריכטעט געוואָרן אַז זיי זוכן אַליאירטע צווישן די יידישע ציון־קעגנער.

מיר ציונסטן ווייסן, אַז ווען מען לייגט אונדז נישט קיין שטיי־נער אין וועג וואָלטן מיר געקענט אויפבויען אַן ארץ־ישראל וואָס וואָלט געקענט זיין אַ ברכה סיי פאַר אונדז יידן און סיי פאַר די אַראַ־בער. וואָס איך וויל דאָ אָבער זאָגן איז, אַז די גרויסע דריי האָבן זיך אין פּאָטסדאַם נישט פאַרנומען מיט די יידישע עטנישע גרענעצן. ד״ר שלמה ביקל האָט אין זיין אַרטיקל „שיילאָקס אַלטע פראַגע״, אין דעם „טאָג״ פון פרייטיק דעם 10טן אויגוסט, באַרירט די פראַגע וועגן דעם

פּאַראַגראַף 13 פון דער פּאָטסדאַמער דעקלאַראַציע. ער רעדט דאָרטן איבער דער איגנאָרירונג פון דער יידן־פראַגע און פרעגט שיילאָקס ווערטער: טוט אונדז דען נישט וויי? און אַז אונדז טוט וויי רעכנט זיך דען אימעצער מיט אונדז? און כל־זמן די פעלקער וועלן נישט דערפילן אונדזערע וויטאָגן וועט זיך די אַטאָם־באָמבע אַנט־וויקלען אין אַ גרעסערער שרעקלעכקייט ווי עס האָט באַוויזן צו זיין ביז איצט.

די מלחמה האָט זיך מיט דער אַטאָם־באָמבע נישט געענדיקט. מיט די יידן האָט זיך די מלחמה אָנגעפאַנגען, די יידן האָבן געהאָלפן די באָמבע צו פאַרווירקלעכן און עס וועט זיין די נישט פאַרענטפערטע יידן־פראַגע וואָס וועט דראָען די וועלט פון אירע קאָנסעקווענצן . . .

אויגוסט 24, 1945.

# אַ פאָלק וואָס ליידט אַממערסטן און ווערט געהאָלפן אַמווינציקסטן

## ניט סימפּאַטיע, נאָר גערעכטיקייט. — אין אָפּשיין פון בערל קאַצענעלסאָנס עטיש־בויערישן אָנדענק

ווען מען טראַכט זיך אַריין אין די יידישע ליידן קען מען זיי, ווי די טיפענישן פון ים, ניט אויסמעסטן. און וואָס גרעסער אונדזערע ליידן זיינען אַלץ גלייכגילטיקער ווערט די גרויסע וועלט צו אונדז.

דער יידישער עולם אין אַמעריקע איז איצט פאַרנומען מיט שיקן טעלעגראַמעס צום פרעזידענט כדי אָפּצושרייען אַ גזרה, וואָס אַ פאַר־לאַמענטאַרישע סוב־קאָמיטע אונטער דער אַרבעטער־רעגירונג האָט שוין צוגעגרייט. די גזרה זאָל הייסן, אַז די סוב־קאָמיטע וועט רעקאָ־מענדירן, אַז דער שוואַרצער ווייסער פּאַפּיר זאָל בלייבן אין קראַפט מיט אַלע זיינע נירענבערג־געזעצן, נאָר מען וועט אונדז צוואַרפן אַביינדל פון 1,500 אימיגראַנטן אַ מאָנאַט. דאָס וועט הייסן, אַז מען

האָט רחמנות אויף די אָרעמע יידן. מען וועט זיי צוזאַמענפּאַקן אַ ביינדל און אַ דער ווייסער פּאַפּיר וועט שטיין, און טאַטער וועט אויפן אָרט פון דער אַרבעטער־רעגירונג קומען אַ טאָרי־רעגירונג וועט זיך קענען באַנוצן מיט דער שטאַרקייט פונעם שוואַרצן פּאַפּיר און פאַרשליסן די ארץ־ישראלדיקע טויערן פאַר יידן אויף זיבן ריגלען.

דאָס איז פון די גרעסטע היפּאָקריטסטוואָס וואָס אַ סאָציאַליס־טישע אַרבעטער־רעגירונג זוכט זיך מיט דעם צו באַנוצן. וועט דאָ כלומרשט, צו אַ גראַד, צופרידנשטעלן די יידן און אין דער זעלביקער צייט אַפּיזן די אַראַבער, ווייל אַלץ וואָס די אַראַבער ווילן איז — אַז אין ארץ־ישראל זאָל קיינמאָל ניט קומען צו אַ יידישער מאַיאָריטעט. די אַכטצן טויזנט יידן וואָס וועלן יעדן יאָר אַריינקומען אין ארץ־ישראל וועלן פאַרבעסערן דעם אַראַבישן לעבנס־סטאַנדאַרט און נייע אומבאַ־שרענקטע שטראָמען פון אַראַבישע אימיגראַנטן וועלן פראַנק און פריי אַריינקומען אין לאַנד און וועלן זיך אויפן אַראַבישן שטייגער פלאָדיען און מערן.

געוויס איז דאָס אַ גזרה וואָס מוז אָפּגעשריען ווערן און יעדער איינציקער פון אונדז דאַרף דעם פּרעזידענט פאַרוואַרפן מיט טעלע־גראַמען. געוויס דאַרפן מיר דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן ווייזן, אַז אונדז טוט וויי. אָבער מיר דוכט, אַז עפּעס אַנדערש האָט געדאַרפט ווערן געטאָן אין דעם פאַל. לויט ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פון דעם פּרעזידענטס באַמערקונגען, איז דער פּרעזידענט, ווי ערלעך זאָל ניט זיין, זייער ווייניק באַקאַנט מיט אונדזערע ענדצילן, מיט אונדזער ווערק, מיט דער ארץ־ישראלדיקער לאַגע בכלל, און איז מער באַאיינפלוסט פונעם ענגלישן פאָרעין אָפיס, וועלכער איז עקס־טרעם ענגליש.

טעלעגראַמעס מעגן קומען אין די טויזנטער און אַפילו אין די הונדערט טויזנטער. די טעלעגראַמעס מאַכן אָבער דעם פּרעזידענט ניט קליגער אין דער ציוניסטישער אַנגעלעגנהייט, ווייל יעדע טעלע־גראַמע טראָגט מיט זיך אַ שאַבלאָנעם נוסח — מיר בעטן דיין גרויס געגעדיקייט אָפּצושרייען די גזרה, נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט אַז דער ווייסער פּאַפּיר איז קיינמאָל ניט אָנערקענט געוואָרן פון דער ליג אוו ניישאָנס, אויך נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט די אומגעהייערע יידישע

ליידן און אַז. וו. — אומגעפּער אַזוי גייען אַלע נוסחאות פון די טעַ־לעגראַמעס.

דאָס איז בלויז געבעטן אַ נדבה. מען בעט דעם פּרעזידענט, אַז זיין גנעדיקייט זאָל איינוויליקן. די דערפאַרונג האָט אונדז געוויזן, אַז וואָס גרעסער אונדזערע ליידן זיינען אַלץ פאַרהאַרטעוועטער איז די וועלט צו אונדז. זיי טראַכטן: ווען איינער ליידט אין אַ קליינער מאָס קען נאָך אים פּילייכט העלפן, אָבער ווען אייגעמס צרות זיינען אַזוי גרויס ווי דער ים, ווי אַזוי קען מען אים העלפן? מען וועט אים אין שיינעם זשעסט צוואוואַרפן אַ ביינדל, אָבער העלפן אים אינגאַנצן וועט קיינער ניט טראַכטן. ס׳וועלן זיך אַלעמאָל אַריינמישן אינטערעסן וואָס וועלן זאָגן: דאָס קען מעט ניט טאָן, ווייל עס וועט אָנרירן די אינטערעסן פון אימעצן אַנדערש. ס׳וועט אַרויסרופן אומרוען, ס׳וועט שאַדן די פּראָפיטן פון די אויל־אינטערעסן, ס׳וועט אָנרירן דעם יתום הנגזל — די ענגלישע אימפּעריע, און דער ליידנדער וועט ניט געהאָלפן ווערן, ווייל געקריוודעטע וועלן זיך אַלעמאָל אָפּזוכן.

עס וועלן רעדן די אַראַבער פון סאַודי־אַראַביע, פון עגיפּטן און די מוסולמאַנער פון אינדיע, וועלכע האָבן אַזאַ שייכות מיט די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער, ווי דער פּרעזידענט פון אַרגענטינע האָט צו טאָן מיט אַ טשיף פון די קאַנאַדישע אינדיאַנער. דער קעניג איבן־סאוד האָט דאָך מיט זיין מאַיעסטעטישער גנעדיקייט אַמאָל אַרויסגעהאָלפן די אָרעמע אַראַבער אין ארץ־ישראל, אָדער די עגיפּטער האָבן זיך זייער שטאַרק פאַר זיי געזאָרגט. פּרעזידענט טרומאַן קען מיט אונדז האָבן אַ סך סימפּאַטיע, אָבער ער איז ווייניק אָריענטירט אין דעם ענין ציוניזם.

אַ יידישער שרייבער האָט עס ריכטיק אָפּגעשאַצט: פּרעזידענט טרומאַן האָט ניט דעם ציוניסטישן אַדרעס. ער וועט אַשטייגער רעדן איבערן ציוניזם מיט קאָנגרעסמאַן סאָבאָט. דער לעצטער האָט זיך זייער ווייניק אינטערעסירט מיטן ציוניזם און ער ווייס וועגן ציוניזם אויף אַזוי פיל ווי אַ שילער פונעם ערשטן קלאַס אין אַן אַמעריקאַנער עלעַ־מענטאַר־שול ווייס פון אַמעריקאַנער געשיכטע. מען דאַרף דעם פּרעַ־זידענט און די אָנפירער פון דעם סטייט דעפּאַרטמענט אויפקלערן די גאַנצע ציוניסטישע אָנגעלעגנהייט, ווייזן זיי די גערעכטיקייט און די

דורכפירבאַרקייט דערפון, ווייזן זיי אַז די באַריערן זיינען געקינצלטע און האָבן ניט קיין האַפט, ווייל ווען דער פּרעזידענט וואָלט געוואוסט דעם אמת וואָלט ער ניט געמאַכט אַזאַ איבערטריבענעם סטייטמענט ווי — ער וואָלט ניט געוואָלט שיקן אַ האַלבן מיליאָן סאָלדאַטן צו האַלטן אָרדענונג. ענגלאַנד האָט געקענט האַלטן אָרדענונג, ווען די אַדמיניסטראַציע וואָלט נאָר וועלן, מיט בלויז פינף הונדערט סאָלדאַטן. די יידן וואָלטן פאַר דעם גוט באַצאָלט. ווייניקסטנס זיינען די יידן צו דעם באַרעכטיקט פאַר די שטייערן, וואָס זיי ברענגען אַריין אין דער רעגירונג. ענגלאַנד האָט אָבער ניט געוואָלט קיין אָרדענונג. איינער דאַרף בלויז אַריינקוקן אין פיער וואָן פאַסענס בוך „דהי דעיס אוו אָור יירס" און וואָס די ענגלישע אַדמיניסטראַציע האָט געטאָן.

דער פּרעזידענט דאַרף צולאָזן צו זיך איינעם אָדער צוויי ציוניס־טישע פאָרשטייער, וועלכע זאָלן לערנען מיט אים דעם ציוניזם, ניט ווי די ענגלענדער קלערן אים אויף, נאָר ווי דער אמתער אמת איז; אויפ־ווייזן אים די ברכות, וואָס דער ציוניזם וועט ברענגען צו אַלעמען, און די גערעכטיקייט פון דער זאַך. אויב די גלאָבאַלע מלחמה איז ניט אויסגעקעמפט געוואָרן אומזיסט, נאָר צוליב גערעכטיקייט און אַ בע־סערער וועלט, איז ניטאָ קיין גערעכטערע זאַך ווי דער ציוניזם און אַ בעסערע וועלט קען בכלל ניט זיין אויב די יידישע פראַגע וועט אויף אַ געהעריקן אויף ניט געלייזט ווערן. און אויב דער דין איז אַ גערעכ־טער דאַרפן פאַר אים קיין באַריערן ניט גילטן. דאַן איז — יקוב הדין את ההר — זאָל די גערעכטיקייט דורכלעכערן דעם באַרג. עטלעכע אַזעלכע אונטעררעדונגען וואָלטן, לויט מיין מיינונג, אַ סך מער גע־האָלפן ווי טעלעגראַמעס, וועלכע דער פּרעזידענט אַליין לייענט ניט אַפילו, נאָר אַ מינדערוויכטיקער סעקרעטאַר באַריכטעט צום פּרעזידענט, אַז אַזוי פיל און אַזוי פיל טעלעגראַמעס זיינען אָנגעקומען פון אַ גע־וויסן אינהאַלט.

געוויס טאָר עס קיינעם ניט אָפּהאַלטן צו שיקן טעלעגראַמעס. ווען אַ פאָלק דערוואַרט אַ גזרה דאַרפן אַלע מיטלען אָנגענומען ווערן איר אָפּצושרייען. מיט אָפּשרייען אָבער אַ גזרה שאַפט מען ניט אָפּ דעם וואָרצל פון וואַנען די גזרה און טויזנט אַנדערע גזרות וואַקסן אַרויס. עס מוז איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּגעשאַפט ווערן דער מיאוסער שפּיל,

וואָס ענגלאַנד פירט אַזוי אַכזריותדיק אָן מיט אונדזערע אָנגעצויגענע נערוון. עס דאַרף אָפּגעשאַפט ווערן דער קאַץ־און־מויז שפּיל פון דער לייבאָר־רעגירונג, וועלכע וואַרפט זיך מיט פאַרשפּרעכונגען איידער זי איז אין מאַכט און טיילט אונדז צו גזרות ווען זי איז אין מאַכט. אַזוי האָט געטאָן פאַספּילד בשעתו און אַזוי וויל איצט האַנדלען אַ סוב־קאָמיטע פון דער לייבאָר־רעגירונג. די סוב־קאָמיטע, ווען זי פילט אַז זי וועט ניט האָבן די שטיצע פון דער רעגירונג, וואָלט זי דאָך עס ניט געטאָן.

אונדזער ציוניסטישער עמוירדזשענסי קאונסיל דאַרף איצט האַנד־לען, און טאַקע גלייך. די פירער דאַרפן פאָדערן אָן אוידיענץ מיט פרעזידענט טרומאַן און מיט די אַנדערע אינסטאַנצן. אויפקלערונג איז נייטיק. די גאַנצע טרויעריקע לאַגע דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן. מען מוז דעם פרעזידענט איבערצייגן איבער דער אמתער לאַגע, דיווירק־לעכע שטאַרקייט פון די אַראַבער און די אינטריגעס וואָס ווערן אויפ־געשפּילט. פון געוויסע אינטערעסן און די אַלע אַנדערע געקינצלטע מכשולים, באַריערן און צוריקהאַלטונגען. מיר ווילן ניט בלויז קיין סימפּאַטיעס, מיר ווילן האַנדלונג, האַנדלונג מיט יושר, גערעכטיקייט, און ווייטער גערעכטיקייט . . .

ס׳איז באַקאַנט געוואָרן די נייעס, אַז טרומאַן האָט געשריבן אַ בריוו צו עטלין, אַז ער זאָל אַריינלאָזן הונדערט טויזנט יידן. אָבער דאָס אַליין איז אַ מין חסד, וואָס עטלי וועט טאָן דעם פרעזידענט אויב ער וועט דערפילן זיין בקשה. וועגן יידישער רעכט ווערט ניט גערעדט, וועגן אָפּשאַפן דעם ווייסן פּאַפּיר ווערט אויך ניט אונטער־שטראָכן. און עס איז נאָך אַ סברה, לויט דריו פּירסאָן, אַז דער פּרע־זידענט זאָל האָבן געזאָגט צו סענאַטאָר בריוסטער, אַז ער איז ניט אין גונסטן פאַר אַ באַלדיקן יידן־שטאַט אין ארץ־ישראל.

סענאַטאָר בריוסטער זאָל אים האָבן געענטפערט, אַז: „ער, דער פרעזידענט, פאָלגט נאָך די זעלביקע בריטישע ליניע, אין וועלכער רוזוועלט איז געשטרויכלט געוואָרן״. ער האָט אים געזאָגט: „דאָס זיינען געווען די בריטישע, וועלכע האָבן אַראַנזשירט אַז רוזוועלט זאָל זיך זען מיט איבן סאוד, אַז איבן סאוד זאָל וואָרענען רוזוועלט, אַז עס

וועט זיין בלוט פאַרגאָסן אויב פּאַלעסטינע וועט געגעבן ווערן צו די יידן. אין דער זעלביקער צייט האָבן די בריטישע צוגעשטעלט ביקסן צו איבן סאוד, מיט וועלכע ער זאָל קענען אויפבּרויזן בלוט־פאַרגיסונג".

דער פּרעזידענט האָט נאָך געזאָגט אַזעלכע זאַכן, וואָס ווייזט זיך אַרויס בולט, אַז ער מוז גרינטלעך אויפגעקלערט ווערן איבער דער גאַנצער לאַגע. דערווייל קומען אָן פאַרשיידענע פּראָפּאַגאַנדע־ידיעות פון עגיפּטן איבער דער ראַדיאָ, וואָס איז זיכער ניט אין גונסטן פון אונדזער זאַך, און דאָס טוט אויך ענגלאַנד אונטער דער אַרבעטער־רע־גירונג. עס איז נאָך אַפּנים ווייט פון אַ גערעכטער וועלט . . .

ווען די אַראַבער זיינען באַפאַלן די יידן האָט ענגלאַנד אַהין ניט געשיקט קיין סאָלדאַטן. איצט שיקט ענגלאַנד סאָלדאַטן אין ארץ־ישראל צו פאַרהיטן, אַז יידישע פליכטלינגען זאָלן זיך אַהין ניט אַריינגנבענען. און דאָס הייסט גערעכטיקייט פון דער אַרבעטער־רעגירונג . . . „פער־פידיאוס אַלביאָן" איז דער זעלביקער באַטריגערישער לייב, צי ער גייט אָנגעטאָן אין צילינדער און פראַק, צי ער גייט אין אַרבעטער־קליידער.

* * *

ס'איז שוין אַריבער אַ יאָר זינט עס איז פון אונדז אַוועק איינער פון די שענסטע אַרבעטער־פירער אין ארץ־ישראל — בערל קאַצענעל־סאָן. ווען איינער איז באַקאַנט מיט דער ארץ־ישראל פון זינט נאָך דער ערשטער מלחמה, קען ער זיך ניט משער זיין ווי אַזוי עס וואָלט אויס־געזען אָן בערל קאַצענעלסאָנען. קיינער קען זיך ניט פאָרשטעלן דעם וואוקס און דעם עטישן חותם פון דער הסתדרות אָן בערל קאַצ־נעלסאָנען.

בערל קאַצענעלסאָן איז געווען דער רעדנער, וואָס האָט מיט דער לאָגישקייט פון זיינע ווערטער געצויגן צו זיך מענטשן ווי מיט אַ צווי־בערקראַפט. כאָטש ער איז ניט געווען קיין געפליגלטער אָראַטאָר, האָט ער אָבער מיט זיין לאָגיק באַצויבערט מוחות און מיט זיין הסברה גע־צויגן הערצער און נשמות. בערל קאַצענעלסאָן איז געווען דער רעדנער און דער שרייבער בחסד אלהים. זיינע קאָנגרעס־רעדעס זיינען געווען מייסטערווערק. ס'האָט זיך געפילט אין זיי ערנסטקייט, פּיעטעט, ס'האָט געהויכט פון זיי עטישקייט און אויפלעבנדער אידעאַליזם.

## י. ש. נאומאָוו

שרייבט שלמה ווייסמאַן אין דער „צוקונפט", פון סעפּטעמבער 1945, אין זיין איבערזיכט איבער בערלס בוך „בחבלי אדם" אין די ווערטער:

„די פון אונדז, וואָס האָבן ניט נאָכגעפאָלגט בערל קאַצענעלסאָנס שטענדיקן וועג אין דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־פּרעסע, זיינען פון צייט צו צייט באַווירקט און דערהויבן געוואָרן פון זיינער אַ געדרוקטער רעדע אָדער מאמר, איבערגעדרוקט אין דעם „הדואר", אָדער איבערגע־זעצט אין דער היגער יידישער פּרעסע, בעיקר אין דעם „אידישן קעמ־פער". מיר האָבן געזען פאַר זיך אַ טיפן און קלאָרן דענקער, וואָס יעדער געדאַנק איז דורכגעלייטערט געוואָרן פון רייבעם, אויסגעוויי־טאָגטן געפיל, וואָס איטלעך געפיל זיינס איז דורכגעגאַנגען דורך די פייערן פון קלאָרן, קרישטאָל־קלאָרן געדאַנק. מיר האָבן אין זיינע ווערק עפּעס אַ מין ריינקייט און הייליקייט פון שרייבן. איטלעכס וואָרט איז דורכגעדרונגען מיט טיפער אַחריות, קוועלט אַרויס פון די טיפענישן פון דער נשמה און ווערט געזאָגט ווייל עס האָט געמוזט געזאָגט ווערן".

ער שרייבט אויך איבערן טויט פון בערל קאַצענעלסאָן, אַז דאָס אין „אַן אבידה שאינה חוזרת", אַן אבידה וואָס קערט זיך צוריק ניט אום. פאַר די אַרבעטער־ציוניסטן איז בערלס טויט אויף אַן אמת געווען אַן אבידה שאינה חוזרת. מיר דוכט אַז עס ניטאָ קיין צייטונג אין דער וועלט, יידישע מיין איך, וואָס האָט ניט געהאַט עפּעס צו זאָגן אין פאַרבינדונג מיט בערלס ערשטן יאָרצייט.

# פּערזענלעכקייטן אין פּאָליטישן שפּיגל
## (מכוח גרויסע און קליינע)

**„אַרכיטעקטאָרן פונעם יידישן גורל״. — דער עק ביי די פוקסן. — געסט און יובילאַרן.**

דער פאַרשטאָרבענער דיכטער אַברהם ליעסין פלעגט זיך אויסציי־כענען מיט זיינע לייט־אַרטיקלען אין דער „צוקונפט״. זיין יידיש האָרץ איז געווען באַלאַדן מיטן ווייטאָג פון זיין פאָלק, זיינע נאַציאָנאַלע יידי־שע געפילן האָבן אים שטענדיק באַהערשט און זיין ערודיציע, סטיל און שאַרפע פען האָבן אים שטענדיק געדינט אויסצודריקן זיין העפטיקן פראָטעסט קעגן די גרויסע, וואָס טוען אָפּ מעשים פון זמרי (אַ ביבלישער שלעכטער טיפּ) און פאַרלאַנגט דעם שכר פון פינחס (גוטער טיפּ).

ליעסין, ע״ה, פלעגט שטענדיק אָנגרייפן פּרעזידענט רוזוועלטן פאַר זיין פּרעטענדירן צו זיין אַ גרויס־הומאַניטאַרער און צו דער זעלביקער צייט פאַרשווייגן אַלע עוולות, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן הן מצד די נאַציסטן און סיי מצד די ענגלענדער קעגן דעם יידישן פאָלק.

צייטנווייז האָבן אַנדערע געדענקט, אַז אַברהם ליעסין איז געווען צו שאַרף אין זיין קריטיק קעגן דעם פּרעזידענט, כאָטש אַלע האָבן גע־מוזט צוגעבן, אַז כאָטש דער פּרעזידענט רעדט שיין און זוכט צו פאַר־טיידיקן די אינטערעסן פונעם „קאמאן מען״, פון דעם פשוטן מענטשן און ער נעמט זיך פאַר די באַגזלטע און אונטערדריקטע, איז ווען אָבער עס קומט צו דער יידישער פראַגע, איז ער שטענדיק, ווי מען זאָגט אין ענגליש, „עווייזיוו״, ער דרייט זיך אַרויס און מיידט אויס יעדע קאָנ־קרעטע לייזונג.

עס ווערט איצט קלאָר פאַרוואָס רוזוועלטן האָט זיך ניט געוואָלט אַז די רעזאָלוציע אין גונסטן פון אַ יידישער קאמאנוועלט זאָל דורכגיין אין קאָנגרעס און סענאַט איידער ער איז געפאָרן צו דער קאָנפערענץ פון די גרויסע דריי, אין יאַלטאַ. עס איז גאָר פשוט: ווען ביידע הייזער פון דעם אַמעריקאַנער קאָנגרעס לייגן אויף אים אַרויף אַ פאַרפליכטונג

פון אַלע רעפּרעזענטאַנטן פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָלט ער ווילג־דיק ניט ווילנדיק געצוואונגען געווען צו רעדן מיט טשוריטשילן אַנדערע רייד. דער ווילן פונעם אַמעריקאַנער פאָלק וואָלט אים געצוואונגען אַרויפצוברענגען די ארץ־ישראל־פראַגע אין איר פולער גרויס צו דער קאָנפערענץ פון די דריי. אַ פאַרשפּרעכן אָבער צו ד״ר סטיפען וויַיז איז בלויז אַ פּאָליטישער זשעסט, וואָס זאָגט גאָרניט. עס איז זיך גלאַט אַ זאָג אין דער וועלט אַריין — אַז עס וועט קומען די ריכטיקע צייט וועל איך זיך שוין משתדל זיין — מיינט לחלוטין גאָרניט. פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַטן לאָזן זיך ניט צו צום קנעפּל די זאָרג פון אַנדערע ווען עס איז קעגן זייערע אינטערעסן.

פּרעזידענט רוזוועלט, וואָס דערמאָנט שטענדיק די קריסטלעכע איינשטעלונג אין קעגנזאַץ צום ברוטאַלן נאַציזם, קען וויַיזן אַ קריסט־לעכן זשעסט און אַריינלאָזן אין אַמעריקע אַ גרופּע יידישע פּליטים אין אַ קאָנצענטראַציע־קעמפּ, אין אָסוועגאָ, האַלטן זיי איינגעשפּאַרט, כאָטש פילע פון זייערע קינדער דינען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. סיי רוז־וועלט און סיי טשיורטשיל קענען אין זייערע רעדעס אַרויסכאַפּן זיך מיט אַ קריסטלעכן (?) קרעכץ איבער די היטלעריסטישע אַכזריותן, אָבער מער ווי צום קנעפּל פון זייער וועסטל לאָזן זיי עס ניט צו.

עס איז נאָך ניט באַוויזן געוואָרן, אַז רוזוועלט אַליין האָט זיך ווען עס איז שטאַרק משתדל געווען, אַז דער „ווייסער פּאַפּיר" זאָל אָפּ־געשאַפט ווערן און די הונדערטע טויזנטע אויסגעוואָרצלטע יידן זאָלן קענען קומען צו אַ זיכערן האַפן.

אָט לייען איך אין די צייטונגען, אַז די שווייצאַרישע רעגירונג האָט געגעבן אַן אָנוואונק צו די יידישע פּליטים דאָרטן, אַז זיי זאָלן זוכן ערגעץ אַן אַנדער לאַנד. מען דאַרף דאָ האָבן אין זינען אַז די מלחמה האָט זיך נאָך ניט געענדיקט. געוויס מוזן מיר דאַנקבאַר זיין דער שוויי־צאַרישער רעגירונג פאַר איר גאַסטפריינדלעכקייט און אַריינלאָזן צו זיך אין לאַנד אַ גרויסע צאָל דערוואַקסענע פּליטים און אַ גאָר גרויסע צאָל יידישע קינדער. אָבער וואו זיינען די גרויסע רעגירונגען פון אַמעריקע און ענגלאַנד און, אויב איר ווילט, אויך רוסלאַנד. אָט האָט מען דאָך אין יאַלטאַ אַרומגערעדט דעם גורל פון אַזוי פיל פעלקער און פאַרוואָס האָט מען ניט אָנגערירט די ברענענדיקע יידישע פראַגע ? פאַר־

וואָס האָט מען זיך פאַראינטערעסירט, אַז אַלע כלומרשטע נייטראַלע לענדער, ווי עגיפּטן, איראַק און סאַודי־אַראַביע זאָלן קענען זיין פאַר־טראָטן אין סאַן פראַנציסקאָ צו דער קומענדיקער פעלקער־באַראַטונג און דאָס יידיש־פאָלק, דעם אמתן מלחמה־שותף, זאָל ניט באַשטימט ווערן קיין פאָרטרעטער ?

אפשר שטעלט זיך רבי ווייז צופרידן מיט רוזוועלטס אַנוואונק, אַז זעענדיק זיך מיטן קעניג איבן סאַוד האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ קיילעכ־דיק וואָרט וועגן דער יידן־פראַגע. פאַרוואָס דאַרף עס דעם קעניג איבן סאַודס אַ וואָרט מכוח דער יידן־פראַגע זיין שטאַרקער ווי די יידישע ליידן און די גערעכטיקייט אַליין ? צי דאַרף דעם קעניג סאַודס פעסלעך אויל איבערוועגן די ימען בלוט פונעם יידישן פאָלק ?

איצט קען מען בולט זען, אַז רבי הילל סילווערס באַמיאונגען האָבן אין זיך געהאַט מער ווירקזאַמע פּאָטענצן ווי רבי ווייזס שתדלנות. איין פויגל אין האַנט איז ווערט מער ווי צוויי אין אַ בוש. אויף דער סאַן פראַנציסקאָ קאָנפערענץ וועט די יידישע פראַגע ניט אויפגענומען ווערן. די ציוניסטישע לייזונג וועט אָפּגעלייגט ווערן ביז נאָך דער מלחמה, אַזוי האָט געזאָגט דער „אַרכיטעקט פון דער יידישער צוקונפט״, וואָס איז מען אויסן דעם צוקונפטיקן ענגלישן אימפּעריאַליסטישן בנין. אַזוי האָט געזאָגט ווינסטאָן טשוירטשיל.

אפשר האָט טאַקע „דער אַרכיטעקט פון דער יידישער צוקונפט״ געראָטן דעם פּרעזידענט רוזוועלט, אַז וואָס עס איז שייך צו יידן — האָסטו דאָך שוין געהערט די מיינונג פון דיין פאָרערער, רבי ווייז, אַנו, רעדט זיך מכוח דעם דורך מיטן קעניג פאַרוק און מיטן קעניג איבן סאַוד. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער פּרעזידענט האָט טשוירטשילן איבערגעגעבן די געשפּרעכן פון די צוויי אַראַבישע קעניגן. אַגב האָט שוין מסתמא טשוירטשיל פריער זיי געזאָגט וואָס צו זאָגן. נישקשה, מען קען זיך גוט פאַרלאָזן אויף די ענגלישע פאָרשטייער אין די אַראַבישע לענדער . . .

וויל מען דערקענען די גרויסע פּערזענלעכקייטן דאַרף מען אַ קוק טאָן אין פּאָליטישן שפּיגל. די גרויסע פּערזענלעכקייטן ווערן קליין און איינגעשרומפּן. אין פּאָליטישן שפּיגל ווייזן זיך אַרויס די גרויסע „אַרכי־טעקטן״, ניט אין בויער, נאָר אין צושטערער, און די גרויסע פריינט —

אין גלייכגילטיקע, אָפּגעקילטע דיפּלאָמאַטן, ווען די יידישע פּראַגע אין איר פולער גרויזאַמקייט גייט ווייניק אָן . . .

להכעיס אונדזער באַ׳וואָלהקייט — אף על פי כן — טאָרן מיר ניט אויפגעבן אונדזער קאַמף, אַנטוישונג און פאַרצווייפלונג טאָר ניט זיין אונדזער וועג. מיר דאַרפן מיט שטאַרקערער אָנשטרענגונג אַרבעטן און שטענדיק האָבן אין זינען, אַז — עוד לא אבדה תקותינו. אָן אַגרעסיווע קאַמפּאַניע מוז איצט געלייטעט ווערן און זען אַז די אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט זאָל קומען צום אויסדרוק.

## צום טרויער-טאָג איבער די נאַצישע אַכזריות

„דורכשלאָגן זאָלן זיך אייערע טרערן !
גרינגער זאָל ווערן און פרייער זאָל ווערן !
אפשר, ווער ווייסט, וועט נאָך גאָט אמאָל געבן :
איבערגיין וועלן די פינצטערע צייטן,
אויך אונדז וועט אפשר געראָטן, ווי לייטן,
בעסערס און שענערס דערלעבן."
(חיים נחמן ביאַליק — „גלוסט זיך מיר וויינען...")

ווען מיר זיינען פאַרטריבן געוואָרן אינעם גלות בבל זיינען מיר געזעסן אויף די דאָרטיקע טייכן און געוויינט אויף אונדזער חורבן און געחלומט וועגן אַ שיבת ציון. היינט וויינען מיר אויף מיליאָנען קרבנות, וועלכע זיינען געשאָכטן און דערטרונקען געוואָרן אין די טייכן פון זייער אייגענעם בלוט. אַ פאָלק רייסט קריעה, פאַסט און זיצט שבעה אויף די מיליאָנען פון זיינע קינדער וואָס זיינען אומגעקומען דורך „פּינקטלעכער" סיסטעמאַטיש דייטשישער אויסראָטונג. „וויסנשאַפטלעכע" סיסטעמאַטישע מעטאָדן זיינען געשאַפן געוואָרן צו פאַרניכטן אונדזער פאָלק. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע „פאַרניכטונגס-קאָמאַנדע", דייטשישע „געלערטע" האָבן דערפונדן נייע עלעקטרישע מאַשינען ווי אַזוי אומצוברענגען די יידישע באַפעלקערונגען אין אַלע אָקופּירטע לענדער. אַזוי ווערט באַריכטעט וועגן אַ נייעם „וויסנשאַפטלעך-טעכנישן פּראָגרעס". ס׳זיינען געשאַפן געוואָרן

נייע עלעקטרישע „דעריקס״, עלעקטרישע גרויסע גראָב־מאַשינען, וועל־כע קענען שנעל אויפגראָבן, אויף אַ הורטאָוונעם אופן, גרויסע קברים פאַר טויזנטער יידישע קרבנות, מאַסן־קברים מיט דייטשישער פּינקט־לעכקייט און „קולטורעל״־דייטשישע מעטאָדן. ספּעציעלע עלעקטרישע שלאַכטהייזער זיינען געשאַפן געוואָרן פאַר יידישע קרבנות, וואָס ווערן דערהרגעט דורך עלעקטרישע שטראָמען. יידן ווערן אַריינגעטריבן אין אַזעלכע חדרים, וועלכע זיינען אָנגעהויכט מיט עלעקטרישע שטראָמען, און ווערן אין די הונדערטער אויף איין מאָל אומגעבראַכט; יידן ווערן אַריינגעיאָגט אין פאַרזיגלטע וואַגאָנען און ווערן דערשטיקט דורך טויטלעכע גאַזן. די „פאַרניכטונגס־קאָמאַנדע״ אַרבעט „מעטאָדיש״ און „סיסטעמאַטיש״.

די לעגענדע דערציילט אַז פּרעה, וועלכער איז געווען קרעציק, האָט זיך געבאָדן אין דעם בלוט פון יידישע קינדער. אַ גאַנץ פאָלק, וואָס איז אָנגעשטעקט מיט קרעציקן נאַציזם, באָדט זיך אין דעם בלוט פון יידישע קינדער און וויל זיך אָפּוואַשן מיט דעם „זייף״ וואָס ס׳ווערט געמאַכט פון יידישע לייבער. אָן „אַריסטאָקראַטיש״ פאָלק וועט עסן ברויט, וואָס איז געוואַקסן און גענערט זיך פון די געמאָלענע ביינער פון יידישע קינדער. דאָס „קולטורעל״ פאָלק, וואָס האָט אונדז יידן נישט איינמאָל באַשולדיקט אין בלוט־בלבולים, זעטיקט זיך פון אונ־דזערע ביינער, באָדט זיך אין אונדזער בלוט און וואַשט זיך מיט זייף געמאַכט פון אונדזער לייב און לעבן.

דער „מעטאָדישער דייטש״ האָט אַוועקגערויבט אַלץ פון די לע־בעדיקע און נערט זיך ווי אַ היענע אויף די קערפּערס פון די טויטע, וואָס ווערן אויף אַ דייטשישן פּינקטלעכן אופן געטויט. אַ פאָלק גייט אונטער עס איז נישטאָ דער וועג און די מיטלען ווי אַזוי עס זאָל אָפּ־געשטעלט ווערן. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאָלק וואָס האָט זיך אויסגעטאָן פון אַלע מענטשלעכע אנשטענדיקייטן.

עס געפינען זיך ביי אונז אַ סך ווייכהאַרציקע „ליבעראַלן״, וואָס לאָזן אויפן „קולטורעלן״ דייטשישן פאָלק נישט פאַלן אַ שפּרינקעלע. זיי ווילן אונדז איינריידן אַז די מערסטע דייטשן זיינען נישט אַזוי. זיי ווילן אונדז אויך אַיינריידן אַז מיר ליידן נישט מער פון די אַנ־דערע פעלקער.

ערשטנס, פאַרגעסן זיי אַז נישט אַלע דייטשישע סאָלדאַטן זיינען געווען נאַציס, און דאָך האָבן די דייטשישע מאַמעס און די דייטשישע שוועסטער אַרויסגעקוקט אויף די פרעזענטן וואָס זייערע קינדער וועלן זיי שיקן פון די אַנגערויבטע זאַכן פון די אָקופּירטע לענדער. נישט איין גרעטכען האָט אַרויסגעקוקט אויף גזלה־געשאַנקען, וואָס איר פריץ וועט איר שיקן פון אַן אויסגערויבטער קראָם, אָדער פון אַן אויסגע־רויבט הויז, און נישט איין מאָל — אויף די קליידער וואָס זיינען מיט געוואַלט אַרונטערגעריסן געוואָרן פון די באַצוואונגענע און דערמאָר־דעטע. זיי פאַרגעסן אויך אַז די טשעכישע לידיצע איז פון אַ וועלט באַקלאָגט און באַדויערט געוואָרן. נישט איין בילד וועט פון דעם גע־מאַכט ווערן און נישט איין דראַמע וועט פון דעם געשפּילט ווערן. ווער באַוויינט און ווער באַדויערט אונדזערע טויזנטער לידיצעס? לידיצע איז געווען אַ דאָרף פון עטלעכע הונדערט איינוואוינער. בלויז די מאַנסבילן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן. געוויס איז עס טרויעריק און אַכזריותדיק, וואָס עס גייט אַריבער די מענטשלעכע פאַנטאַזיע. ווי ווייט אָבער זיינען פון דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע אַלע יידישע לידיצעס?

אין פּוילן אַליין זיינען שוין איבער אַ מיליאָן יידן פאַרניכטעט געוואָרן זינט די דייטשן האָבן זיך אַהין אַריינגעכאַפּט. אין דייטשלאַנד זיינען געווען פיר הונדערט טויזנט יידן ווען די היטלעריסטן זיינען אַריין אין מאַכט, איצט זיינען דאָרטן בלויז איבערגעבליבן פערציק טויזנט. אַ סך פון זיי זיינען קוים מיטן לעבן אַנטרונען. וויפיל אָבער פון זיי זיינען ברוטאַל דערהרגעט געוואָרן? אין עסטרייך זיינען גע־ווען 75 טויזנט יידן, איצט איז דאָרטן מער נישטאָ ווי 15 טויזנט; באָהעמיע איז אינגאַנצן יידן־ריין; אין מאָראַוויע זיינען געווען 80 טויזנט יידן, איצט — מער נישט ווי 15 טויזענט; בעלגיע — 85 טויזנט יידן, איצט — מער נישט ווי 8 טויזנט; האָלאַנד — 180 טויזנט יידן, איצט — מער נישט ווי 69 טויזנט; פראַנקרייך — אַ 003 טויזנט יידן, איצט — ווער ווייסט? און סלאָוואַקיע זיינען געווען 90 טויזנט יידן, איצט — מער נישט ווי 20 טויזנט; אין לאַטוויע — 100 טויזנט יידן, איצט — מער נישט ווי 4 טויזנט; אין ליטע — 159 טויזנט אידן, איצט — מער נישט ווי 6 טויזנט.

אין דעם גייען נישט אַריין אין חשבון די יידן פון רומעניע, בעסאַראַביע, אונגאַרן, אוקראַינע, ווייס־רוסלאַנד, קרים און אַלע געגנטן וואו די „מעטאָדישע" דייטשן האָבן אַריינגעשטעלט אַ פּוס. ווי עס קומט אָבער צו אַ חשבון, ווערט אונדזער פאָלק נישט גענומען אין אַנבאַטראַכט. אונדזערע לידיצעס ווערן נישט באַוויינט און נישט באַזונגען. אַלע פעלקער נעמען אָן אַ מויל מיט וואַסער און זיי ווערן פאַרשוויגן און פאַרשטומט.

אָט האָט אונדזער סטייט דעפּאַרטמענט געוואוסט פון די אַלע אויסטערלישע מיתות משונות, וואָס די „וויסנשאַפטלעכע" דייטשן פירן דורך איבער אונדזערע ברידער, און האָט עס נישט אַרויסגעגעבן צו דער פּרעסע. ביז עס איז נישט דערהערט געוואָרן דאָס קול פון ירושלים, דאָס קול פון דער יידישער אַגענטור האָט זיך נישט געלאָזט הערן, ביז די ידיעות פון פאַרטרויענסווערטע קוועלן זיינען נישט אָנגעקומען צו דער אַגענטור האָבן אַלע געשוויגן. ווען ד״ר סטיפן וויז האָט געבראַכט די אויטענטישע באַריכטן צום סטייט דעפּאַרטמענט האָט דער לעצטער די אַלע באַשטעטיקטע ידיעות געהאַלטן אונטערן זיגל און שלאָס און עס איז נישט אַרויסגעקומען אין דער עפנטלעכקייט. און אַפילו נאָך דעם איז נישט געווען קיין קריסטלעכע אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל צוזאַמענרופן אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג און באַוויינען אונדזער בראָך. עס איז נישטאָ ווער עס זאָל אונדזער בראָך באַוויינען, ווער עס זאָל טיילן אונדזער צער, ווער עס זאָל לינדערן אונדזערע וואונדן און ווער עס זאָל אָפּשטעלן די „מעטאָדישע", מערדערישע האַק.

געוויס זיינען דאָ גוטע גויים, זיי דענקען אָבער אַז זייער געשריי וועט נישט העלפן. אויסער דעם איז אונדזער לאַנד און אַלע אַנדערע אַליאירטע פאַרנומען מיט דער מלחמה און זוכן ווי אַזוי צו פאַרניכטן דעם היטלעריזם. מיר אַליין אָבער טאָרן עס נישט פאַרשווייגן, מיר טאָרן נישט דערלאָזן אַז אונדזער זאָל ביזן לעצטן יידן אין אייראָפּע אָפּגיין מיט בלוט.

גוט האָבן געטאָן די יידן אין ארץ־ישראל וואָס זיי האָבן די ערשטע דערקלערט טרויער־טעג אויפן יידישן בראָך. די גאַנצע העברעאישע פּרעסע איז אַרויסגעקומען מיט דער לאָזונג פון ביאַליקס שיר — „נקמת דם ילד קטן לא ברא עוד השטן." „אַפילו דער שטן אַליין האָט

## י. ש. נאומאָוו

נאָך נישט אויסגעטראַכט קיין נקמה פאַר דעם בלוט פון אַ קליין קינד.״ און וואָס פאַר אַ נקמה וואָלט עס געדאַרפט זיין ווען מיר וואָלטן עס געדאַרפט אָנווענדן אויף יענע סאַדיסטן, וואָס האָבן זיך איזדעקעוועט איבער אַזויפיל קליינע יידישע קינדער ?

וואָס מיר זוכן איצט איז נישט די נקמה, וואָס וואָלט פון אַ מענטשלעכן שטאַנדפּונקט געווען בארעכטיקט, ווי גרויזאַם זי זאָל נישט זיין. וואָס מיר זוכן מיט אונדזערע פּראָטעסט־טעג, מיט אונדזערע קינות, מיט אונדזער פאַסטן, מיט אונדזער קריעה־רייסן, איז נישט די נקמה פון די „מעטאָדיש־פּינקטלעכע״, געוויסנלאָזע בעסטיעס, נאָר אַז אַ וועלט פון געוויסן זאָל דערזען אַ קריעה־געריסן אבל־פאָלק, וואָס אַפּעלירט צו אַלע פעלקער, וועלכע קעמפן פאַר אַ גערעכטער וועלט, אַז זיי זאָלן נישט אָפּקומען מיט פוסטע פראַזן. מיר פאַרלאַנגען פון אַלע פעלקער, אין די ווערטער פון דער העברעאישער צייטונג „הארץ״:

„אַז אַלע רייד וועגן דעם קריג פאַר פרייהייט און גלייכהייט וועלן פאַרבלייבן פוסטע רייד, אויב זיי וועלן נישט באַגלייט ווערן מיט מעשים צו ראַטעווען דאָס יידיש פאָלק. אויב מיר האָבן פריינט און שותפים אין דער איצטיקער וועלט, זאָלן זיי זיך באַווייזן שוין איצטער.״

אויף זונטיק, דעם 13טן, ווערט ביי אונדז אין שטאָט פּראָקלאַמירט אַ טרויער־טאָג. יידן וועלן זיך צוזאַמענקלייבן אין די שולן, גאָר די פרומע וועלן פאַסטן און זאָגן קינות. דער חוב ליגט אָבער אויך אויף די נישט־פרומע, אַז זיי זאָלן זיך נישט אָפּטיילן פון די פרומע. זיי אויך דאַרפן אָנפילן די שולן און אַלע ווי איינער דאַרפן מיר אויסשרייען אין דער ווערטער פון ירמיה: „ווער מאַכט מיין קאָפּ וואַסער, און מיין אויג אַ קוואַל פון טרערן, איך וואָלט באַוויינט טאָג און נאַכט די דערשלאָגענע פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק״ (ח, כג).

מיר אַלע דאַרפן זיך סאָלידירן. אין דעם גרויסן טרויער זאָל אונדזער געוויין געהערט ווערן. לאָמיר לאָזן דער וועלט פילן, אַז מיר פאָדערן גערעכטיקייט. נישט בלויז תפילות, נאָר אויך מעשים. לאָמיר זיך אַלע פאַראייניקן און בעטן מיט ביאַליקן אין דעם אויבן־דערמאָנטן ליד:

„דורכשלאָגן זאָלן זיך אייערע טרערן!
גרינגען זאָל ווערן און פרייער זאָל ווערן!״

דעצעמבער 11, 1942.

# אינסטיטוציעס וואָס זאָגן עפּעס

(מכוח פּאַראָקיעל שולן)

צייטנווייז, אַז איך בין מיט זיך אַליין, מאַך איך אַ חשבון־הנפש — איך שטעל זיך די פראַגע: וועלכע פון אונדזערע אַלע יידישע שולן זיינען די בעסטע? וועלכע פּראָגראַמען זיינען די בעסטע און וועלכע שולן גיבן דעם קינד מער, אַז ווען ער שטעלט זיך אויף זיינע אייגענע פיס און גייט אַוועק אויפן לעבנס־וועג, זאָל ער האָבן גענוג יידישע בילדונג וואָס זאָל אים דינען אַלס צידה לדרך?

איך בין שוין פּאַראינטערעסירט אין דעם יידישן שול־וועזן נישט פון היינט. נאָך מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק, טאָקע דאָ אין אונדזער שטאָט, האָב איך זיך פּאַראינטערעסירט מיט דעם מצב פון יידישער דערציאונג. איך בין נישט נאָר געווען איינער פון די גרינדער פון דער יידישער פּאָלקס־שול, ווי זי האָט זיך דאַן אויפגעשטאַלטעט, איך בין אויך געווען פּאַראינטערעסירט אין דעם מצב פון די היגע תלמוד־תורהס. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז די דאַמאָלסטיקע תלמוד־תורה האָט מיך נישט צופרידנגעשטעלט.

עס איז געווען אַ ווייטאָג צוצוזען ווי אַזוי מען קנעלט מיט יידישע קינדער, נאָכדעם ווי זיי קומען פון דער פּאָבליק־סקול, וויסנדיק אַז אַפילו דער צוועק, וואָס איז דעמאָלט געשטעלט געווען, פון אויסלערנען דאָס קינד קידוש און קדיש, וועט נישט דערגרייכט ווערן, כאָטש ער איז אַזוי קליין און מאָגער אין פּאַרנעם. און טאָקע צוליב דער קליינער השגה פון יידישער דערציאונג זיינען די רעזולטאַטן געווען נול. און ווייל די דערגרייכונגס־השגות זיינען געווען קליין, זיינען אויך די רע־זולטאַטן געווען מיזעראַבעלע.

ווען די קינדער זיינען אויפגעוואָקסן איז דער „קידוש" פּאַרגעסן געוואָרן און נאָכן „קדיש" האָט מען גלייך פון אָנפאַנג געמעגט אָפּ־זאָגן אַ קדיש.

אויף דער געשולטקייט און קענטעניש פונעם לערער איז דאַן קיין געוויכט נישט געלייגט געוואָרן. איינער איז געוואָרן אַ מלמד ווייל ער

האָט צו קיין אַנדער זאַך נישט געטויגט און קיינער האָט זיך טאַקע נישט אינטערעסירט מיט דער אונטעררייכטס־פעאיקייט פונעם לערער — אַבי מ׳לערנט. עס איז דעריבער געווען אַ רחמנות אויפן קינד און אויך אויף זיינע עלטערן. דעם קינד האָט גאָרנישט געגעבן וואָס זאָל אים גייסטיק זעטיקן אין זיין לעבן און מען האָט אים מכין געווען אַרויס־צופטרן זיינע עלטערן און דורך קדיש פאַרגרינגערן זייערע יסורים אין גיהנום.

די ערשטע בעסערונג אין דעם תלמוד־תורה־חינוך האָט זיך גע־נומען ווייזן, דאָ אין שטאָט, מיטן אָנקומען פון דעם פאַרשטאָרבענעם דר יצחק ווערנע, ע״ה. ער האָט שוין מקפיד געווען סיי אויף דעם חינוך און סיי אויף די לערער. אַריינטראַכטנדיק זיך אין די פאַרשיי־דענע פּראָגראַמען פון די אַלע סאָרטן יידישע שולן, ווי זיי עקזיסטירן איצט, בין איך געקומען צום שלוס, אַז אַלע פּראָגראַמען וואָלטן געווען גוט ווען מען טראָגט פון דעם צו צום קינד אַ סך מער ווי אַ טיי־לעפעלע, צו לערנען מיט אַ קינד אַלע אָנגעצייכנטע געגנשטאַנדן פון די לימוד־פּראָגראַמען פאָדערט זיך פאַר דעם אַ סך מער צייט ווי עס ווערט אָוועקגעגעבן אין שולן, פאַר דעם טייל צייט וואָס ס׳פאַרבלייבט דעם קינד נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזט די פּאַבליק־סקול. ווען איין לערער דאַרף נאָך אונטעררייכטן עטלעכע קלאַסן אין דער אַזוי אויך באַשרענקט־טער צייט, בלייבט ביי דעם קינד זייער ווייניק, און מיטן בעסטן ווילן פון די לערער און פון דער שול־פאַרוואַלטונג קענען די אַלע פּראָגראַמען, ווי גוט זיי זאָלן נישט זיין, נישט ברענגען יענע רעזולטאַטן וואָס אַ טעגלעכע שול איז מסוגל צו ברענגען.

געוויס וואָלט גוט געווען ווען אַלע עלעמענטאַרע יידישע שולן און מיטל־שולן זאָלן זיך קענען אייניקן אויף אַ באַשטימטן לימוד־פּראָגראַם. ווי עס זעט אָבער אויס וועט עס אַזוי שנעל נאָך נישט פּאַסירן, חלוקי־דעות וועלן נאָך פאַר אַ לאַנגער צייט האַלטן דאָס יידיש שול־וועזן צעשפּאָלטן. אָבער יעדע גרופּירונג שטרעבט אַז די יידישע קינדער זאָלן באַזוכן זייערע שולן. אַזוי ווי קיין איינהייטלעכע פּראָגראַם איז ביי דעם איצטיקן מאָמענט נישט מעגלעך, מוזן מיר די אַלע איינשטעלונגען אַרויסהעלפן אין זייער אַרבעט.

אַלע וועגן פירן צו איין ציל, און דאָס איז אַז יידישע קינדער זאָלן

לערנען און זיין באַוואוסטזיניקע יידן. מיר דאַרפן אָננעמען אַז אלו ואלו דברי אלהים חיים, אַז אַלע פּראָגראַמען זיינען ווערטער פונעם גאָט פון לעבן. און דאָ קום איך צו דעם שווערטייל פונעם אַרטיקל:

ווען מיר זאָלן פאַרגלייכן די מעטאָדן פון דער מאָדערנער יידישער שול מיט די מעטאָדן פונעם אַלטן היימישן חדר, וועלן אַלע צוגעבן אַז די שול־מעטאָדן זיינען בעסער. זאָלן מיר אָבער אַוועקלייגן אויפן וואָגשאָל די רעזולטאַטן פון דיביידע אינסטיטוציעס אין שייכות מיט דער מאָס פון יידישן וויסן, וועט קיינער נישט אָפּלייקענען אַז דער חדר, מיט אַלע זיינע חסרונות, וועט איבערוועגן און דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל וועט זיך נייגן אויף דער זייט פונעם חדר. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז נישט געווען די מעטאָדן פונעם חדר, דאָס שווערגע־וויכט איז געלעגן אין דער השפעה פונעם חדר. דער תלמיד איז געווען אין חדר אַ גאַנצן טאָג, דער חדר האָט דאָס קינד אַרומגענומען פון אַלע זייטן, דער חדר האָט באַהערשט זיין גאַנצן גייסטיקן וועזן. האָט דאָס קינד געהאַט גוטע פעאיקייטן און אַ בעסערן רבין, האָט זיך ביי אים מער אָפּגעשטעלט און פון די קינדער זיינען אַרויסגעקומען גרויסע רבנים און גרויסע סופרים און, אויב איר ווילט, גרויסע אַפּיקורסים. די אַפּיקורסים האָבן אָבער אויך געקענט. אַן אַפּיקורס וואָס איז אַ גראָבער יונג איז קיין אַפּיקורס נישט, ווייל ער ווייס נישט וואָס דאָס מיינט.

אונדזערע אַלע קלאַסיקער האָבן איינגעזאַפּט זייער יידיש וויסן אין זייער פריעסטער יוגנט אין די פיר ווענט פונעם חדר, און ווען זיי זיינען געוואָרן מאָדערנע שרייבער האָבן זיי נאָך אַלץ געשעפּט פון די אַלטע קוואַלן. עס איז געווען זייער „גרסא דינקותא“, זייער קינדערש לערנען, וואָס האָט זיי באַגלייט ביזן קבר אַריין און זיינען געבענטשט געוואָרן דערמיט וואָס נאָך זייער טויט זאָגט אַ גאַנץ פאָלק קדיש און געדענקט זייערע יאָרצייטן.

עס איז נישט געווען אַזוי די מעטאָדע פון חדר, ווי די ווירקונג פונעם חדר אויפן קינד פון ניין אין דער פרי ביז אַכט אין אָוונט, טאָג־איין טאָג־אויס, יאָר־איין יאָר־אויס. די גוטע ווירקונג אויף דעם יידישן קינד פון דעם אַלטן חדר איז נישט אַזוי געווען די מעטאָדיש־פּעדאַגאָגישע קוואַליטעט, ווי דער צייט־פאַקטאָר. עס איז געווען דער

צייט־פּאַרנעם, וואָס האָט דעם קינד געגעבן זיין יידישן באַגאַזש. עס איז געווען אין חדר דעם גאַנצן טאָג און איז געווען אונטער זיין השפּעה בכל עת ובכל שעה, יעדע מינוט און יעדע רגע.

אין דער גמרא איז דאָ אַ ווערטל: קדרא דבי שתפי לא חמימה ולי קרירא — אַ טאָפּ וואָס שותפים האָבן איז נישט קאַלט און נישט וואַרעם. עס הייסט, אין אונדזער פאַל, ווען דאָס קינד געפינט זיך אונטער צוויי השפּעהס, די איינע פון דער פּאַבליק־סקול, די מער וואָגיקערע, און די פון דער נאָכמיטאָג־שול, די קליין־וואָגיקע, קען ביי דעם קינד פון זיינע קאַרגע יידישע לימודים גאָרנישט בלייבן, און אַן אויסוועג מוז געפינען ווערן. דער אויסוועג, פאַרשטייט זיך, זיינען פּאַראָקיעל שולן. מעגן זיך די פירער פון דער יידישער „באָרד אוו עדיוקיישאָן" וועגן דעם פאַרטראַכטן . . .

* * *

ביי אונדז אין שטאָט עקזיסטירט שוין אַזאַ טעגלעכע שול וואָס באַהערשט דאָס יונגע קינד פון גאַנץ פרי ביז די שפּעטע שטונדן פון נאָכמיטאָג. איך מיין די פּאַראָקיעל שול וואָס געפינט זיך אין דער געביידע פון דער ישיבת המערב. געוויס איז די השפּעה פון דער טעגלעכער שול אַ דורכאויס רעליגיעזע. איז דאָך סיי די ישיבה און סיי די פּאַראָקיעל שול אונטער אָרטאָדאָקסישער אויפזיכט. אָבער איך מוז צוגעבן אַז מיך, דעם ניט־אָרטאָדאָקס, האָט געפרייט דאָס האַרץ צו־זעענדיק ווי די קליינע קינדער, פון זייער פריעסטער יוגנט, ווערן איינגעלעבט מיט אַ יידישער אינסטיטוציע.

איך ווייס נישט וויפיל פון די יונגע קינדער עס וועלן פאַרבלייבן אָרטאָדאָקסן. איך טראַכט אָבער אַז די מערסטע קינדער וועלן באַ־ווירקט ווערן פון אַ גאַנצער יידישער השפּעה. דאָס מיינט נישט אַז אין זייערע ענגלישע קלאַסן, וועלכע שטייען אונטער דער אויפזיכט פון דער שטאָטישער „באָרד אוו עדיוקיישאָן", לערנט מען מיט זיי רעליגיעזע לימודים. די נאָכמיטאָגדיקע ענגלישע קלאַסן ווערן אָנגע־פירט אויפן זעלביקן שטייגער ווי די קלאַסן פון די פּאַבליק־סקולס. דער ענגלישער פּראָגראַם און די לערביכער זיינען די זעלביקע ווי די פון די פּאַבליק־סקולס. די ענגלישע לערערין, דינה וויינגער, איז אַריינגעשיקט געוואָרן פון דער שטאָטישער „באָרד אוו עדיוקיישאָן",

און זי ווייס ווי אָנצוגיין מיט די ענגלישע לימודים. דאָס קינד וועט וויסן זיינע ענגליש־וועלטלעכע לימודים נישט ייניקער פון יענע קינדער וואָס באַזוכן די פּאָבליק־סקולס. די מעלה אָבער פון דעם איז וואָס אין דער פרי ווערט אין דעם זעלביקן צימער געלערנט העברעאישע לימודים, וואו דער לערער יצחק לעוואַנדע לערנט מיט זיי. דאָס טעקסט־בוך איז „ראשית דעת״ פון קרינסקי. אין די מאָרגנדיקע שטונדן ווערט מיט די קינדער אויך געלערנט ברכות און מנהגים, אויך געוויסע תפילות. און כאָטש עס איז נאָך כמעט דער ערשטער זמן, לייענען אַ גרויסע צאָל קינדער אינעם טעקסט־בוך גאַנץ פליסיק.

די קינדער זיינען אינעם עלטער פון זעקס יאָר. גאַנץ פרי פירט אָן מיט די קינדער די קינדערגאָרטן־לערערין, מיס דייווידסאָן, פאַרשיידענע שפּילן. דאָס געשפּרעך איז העברעאיש. די זעלבע לערערין פירט אויך אָן מיטן קינדערגאָרטן אין די נאָכמיטאָג־שטונדן. אין דער מאָרגן־שול געפינען זיך 47 קינדער. 22 פון זיי זיינען פון קינדערגאָרטן־עלטער און 25 גייען אין דעם קלאַס בי־1. די קינדער פאַרברענגען אויך זייער לאָנטש־שטונדע אין דער זעלביקער געביידע. זיי עסן זייער לאָנטש וואָס די שולע גרייט פאַר זיי צו. יעדן טאָג איז דאָרטן דאָ אַ קעכין וואָס ריכט צו די שפּייז. דעם צווייטן יאָר וועט מיט די תלמידים אויך געלערנט ווערן יידיש. אַזוי האָט מיר פאַרזיכערט דער מנהל, מ״ר קאַץ.

די מעלה פון דער אינסטיטוציע איז וואָס זי געפינט זיך אין דער זעלבער געביידע פון דער ישיבה. דאָס מאַכט דאָס יונג קינד זיך פילן אַ גאַנצן טאָג אין אַ דורכאויס יידישער סביבה. דאָרטן געפינט זיך אויך די תלמוד־תורה מיט 200 קינדער, וועלכע איז איינגעטיילט אין 9 קלאַסן. אין דער ישיבה געפינען זיך 52 תלמידים, וועלכע איז איינגעטיילט אין 4 קלאַסן. הרב צירלין, דער באַרימטער תלמודיסט, לערנט מיטן ערשטן, צווייטן און פערטן קלאַס, דאַטנאָווסקי לערנט מיטן דריטן קלאַס. אין דאַטנאָווסקיס קלאַס בין איך אָנוועזנד געווען און עס האָט מיר געפרייט דאָס האַרץ צוצוזען ווי אַמעריקאַנער־געבוירענע קינדער לערנען גמרא און ווייסן וואָס זיי לערנען. עס געפינען זיך דאָרטן קינדער פון 9 ביז 13 יאָר. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן אַ ניין־יעריק ייִנגל לייענען אַ בלאַט גמרא און פאַרטייטשן עס סיי אין העברעאיש, סיי אין יידיש, און אויך אין ענגליש.

# י. ש. נאומאָוו

געוויס זיינען אין קלאַס דאָ בעסערע קינדער און ערגערע, אָבער אַלע, ווי עס זעט אויס, ווילן און וועלן קענען לערנען.

איך בין אויך געווען אין די העברעאישע קלאַסן פון ש. ז. שניאורסאָן. אויסער וואָס ער איז אַ שיינער דיכטער, איז ער אויך אַן ערשט־קלאַסיקער לערער. עס איז מיר נישט אויסגעקומען צו זיין אין די העכערע קלאַסן פון דעם לערער לעוואַנדע. איך קען אָבער עדות זאָגן, אַז אין דעם גאָר ערשטן קלאַס, וואָס איז אַגב דער שווערסטער, איז זיין אַרבעט געווען געלונגען.

פאַרשטייט זיך, די ישיבת המערב איז אַן אינסטיטוציע, וואו עס שוויבלט אַ גאַנצן טאָג מיט טעטיגקייטן. מען לערנט אין די קלאַסן און מען לערנט אין דרויסן ווען די וועטערן זיינען צוגעפאַסט. איך האָב נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזוכן דעם קלאַס פון מ״ר גאַנצווייג, וואו עס ווערדט געלערנט דינים און מנהגים.

ווען איך וואָלט געווען אַן אָרטאָדאָקסישער ייד, וואָלט איך זיך אַלץ אָנגעשטרענגט אַז די פּאַראָקיעל שול זאָל זיין אַ גרויסער דערפאָלג. איך וואָלט געזען אַז דער אינסטיטוציע זאָל קיין געלט נישט פעלן. איך בין אָבער פאַראינטערעסירט אויך אין די אַנדערע יידישע שולן און איך וואָלט וועלן אַז אויך די אַלע אַנדערע שולן זאָלן ווערן פּאַראָקיעלע, ווייל דאָס איז דער איינציקער וועג ווי יידישע קינדער קענען אין זיך איינזאַפּן יידיש וויסן. זיי קענען האָבן די בעסטע מעטאָדן, אָבער מיט קיין טיילעפעלע קען מען דעם הונגעריקן נישט אָנזעטיקן. אויסער מעטאָדן דאַרף אויך זיין סביבה, השפעה און גענוגנדע צייט. דאָס קינד דאַרף זיך געפינען אין דער שול אַ גאַנצן טאָג און אַלע לערנטעג פון וואָך אַז עס זאָל אין זיך, ווי אַ שוואָם, קענען אַריינזאַפּן אַלץ וואָס אַ ייד דאַרף וויסן, בכדי ער זאָל אַזעלכער פאַרבלייבן.

ס׳מוז דאָ באַמערקט ווערן, אַז אין דער יידישער „באָרד אוו עדיוקיישאָן״ הערשט נאָך אַ קעגנערשאַפט צו דעם פּאַראָקיעל סיסטעם. די אַנדערע שולן ווערן געשטיצט און די פּאַראָקיעל שול ווערט נאָך נישט געשטיצט. אויב די „באָרד״ איז אויסן גאַנצע יידישע דערציאונג, מוז זי אין איר בודזשעט אַריינגעמען פּאַראָקיעלע שולן אַזוי גוט ווי אַלע „פּאַרט־טאַים״ שולן. עס איז אויך וויכטיק צו באַמערקן אַז

## גע זאַמלטע שריפטן

די פּאַראַקיעל שול איז אויך פאַרבונדן מיט אַ באָס קאָמפּאַני, וועלכע ברענגט די קינדער און פירט זיי אָפּ אַהיים.

עס ווילט זיך מיר האָפן אַז דער נייער דירעקטאָר פון דער היגער „באָרד אוו דזשואיש עדיוקיישאָן", ד"ר שמואל דינין, וועט אויך איינזען אַז דער הויפּט־פאַקטאָר אין דערציאונג איז צ ײ ט. סביבה און השפּעה זיינען אויך אויסגאַנגען פון צייט. עס איז דעריבער צו דערוואַרטן אַז ד"ר דינין וועט לייגן גרויס געוויכט אויף פּאַראַקיעלע שולן. פאַרשטייט זיך, ד"ר דינין איז אַ געניטער דערציער און איך זוך דאָ מיין מיינונג אויף אים נישט אַרויפצוצווינגען. אָבער יעדער בר־דעת און אַ מומחה אויף דעם דערציערישן געביט מוז איינזען אַז דער צייט־פאַקטאָר איז שקול איבער אַלע פּראָגראַמען און מעטאָדן. גוטע מעטאָדיק, רייכער פּראָגראַם איינגעפּאַסט אין געניגנדער צייט מוזן ברענגען גוטע רעזולטאַטן.

יאַנואַר 1945.

## די גאָלדענע קייט

ווען מען וויל מאַכן אַ היסטאָרישן חשבון פונעם ציוניזם, קען מען מיט קיין שפּעטערער צייט ווי די פון אַברהם אָבינו נישט אָנפאַנגען. דער ציוניזם, אָדער, בעסער געזאָגט, דער ארץ־ישראליזם, האָט זיך נישט אָנגעפאַנגען מיט חיבת ציון, מיטן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1897 און נישט מיט דער באַלפור דעקלאַראַציע, און ער וועט זיך אויך נישט ענדיקן מיט דעם „ווייסן פּאַפּיר".

דער ציוניזם האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער געטלעכער דעקלאַראַציע צו דעם ערשטן יידן אַברהם, מיט דער דעקלאַראַציע פון גאָט און זיין קאָנטראַקט מיט אַברהמען: „צו דיין זאָמען האָב איך געגעבן דאָס דאָזיקע לאַנד, פון דעם טייך פון מצרים ביז דעם פון דעם טייך, דעם טייך פּרת." פאַרשטייט זיך, עס איז נישט מיין עובדה דאָ אַרומצונעמען דעם געשיכטלעכן גאַנג פון ארץ־ישראליזם פאַר כמעט גאַנצע

פיר טויזנט יאָר. דער וואָס איז באַקאַנט מיט יידישער געשיכטע ווייסט אַז ווען די יידן האָבן זיך אויסגעקריסטאַליזירט אַלס אַ פאָלק איז עס זינט זיי האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל.

אין מצרים זיינען זיי געווען אַ משפחה, די „בני ישראל", ווען זיי האָבן באַטראָטן דאָס לאַנד כנען זיינען זיי געוואָרן אַ „גוי ישראל" און דאָס לאַנד איז געוואָרן „ארץ ישראל", און כאָטש דאָס יידיש פאָלק איז מיט געוואַלט פיזיש פון דעם אָפּגעריסן געוואָרן איז עס אָבער מיטן לאַנד גייסטיק פאַרבונדן געוואָרן דורך דעם גאַנצן לויף פון דער געשיכטע ביזן היינטיקן טאָג. סיי אין זיינע תפילות און סיי אויף זיינע שמחות און טרויער־טעג איז דאָס עם ישראל געווען פאַרבונדן מיטן לאַנד־ישראל. נישט דער „אַמעריקען קאונסיל פאַר דזשודאַאיזם" און נישט קיין עקסטרעמע יידישע סאָציאַליסטן קענען עס אָפּלייקענען. געשיכטלעכע פאַקטן קענען מיט פוסטע דערקלערונגען נישט אָפּגעווישט ווערן.

די לעצטע יאָרן, מיטן אויפקום פונעם פּאָליטישן ציוניזם און ספּעציעל מיט דער באַלפור דעקלאַראַציע, האָט זיך די גלות־יעריקע בענקענישן גענומען אויסדריקן אין לעבעדיקע ווירקלעכקייטן. בענקעניש און ווילן האָבן זיך גענומען אַנקליידן אין פלייש און בלוט און די ארץ־ישראלדיקע ווירקלעכקייט האָט אָנגעהויבן באַצויבערן און באַווירקן דעם גלות. יאָר נאָך יאָר ווערן מער יידן צוגעצויגן צו דעם ציוניסטישן אידעאַל. אויף דעם קענען עדות זאָגן די אַלע פאָנד־זאַמלונגען. דאָס האָט אונדז אָנגעוויזן די זאַמלונג לעצטן יאָר פאַרן יידישן נאַציאָנאַל־פנד איבערן לאַנד בכלל און ביי אונדז אין שטאָט בפרט.

מיר האָבן זיך לעצטן יאָר געפרייט אַז פאַרן גאַנצן יאָר האָבן מיר דאָ פאַר דעם נאַציאָנאַל־פאָנד געזאַמלט אַן אַכציק טויזנט דאָלאַר. היינטיקס אָיר איז צום חנוכה־באַנקעט אַליין אַריינגעקומען די דערמאָנטע סומע, אויסער וואָס עס וועט נאָך געזאַמלט ווערן ביזן קומענדן אָקטאָבער.

די ציוניסטישע פאָנדן ווערן מער פּאָפּולער ביי דעם גרויסן עולם און אַזוי זעען מיר אויך ווי אַזוי דער געווערקשאַפטן קאַמפּיין פאַר דער הסתדרות איז געוואַקסן אין די לעצטע צוואַנציק יאָר.

היינטיקס יאָר ווערט צוואַנציק יאָר זינט דער געווערקשאַפטן

קאַמפּיין האָט זיך אָרגאַניזירט. אין דעם פינאַנציעלן רעפּאָרט צו דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ איז באַריכטעט געוואָרן אַז פון דעם 14טן פעברואַר 1924 ביז דעם 30טן סעפּטעמבער 1943 האָט דער געווערק־שאַפטן קאַמפּיין אַריינגעבראַכט די סומע פון $4,698,102.43. ווי ווייט די פּאָפּולאַריטעט פון דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין איז געוואַקסן קען מען זען פון דעם פאַקט אַז אין 1924 איז געזאַמלט געוואָרן די סומע פון $1,165.96 און אין דעם לעצטן יאָר איז שוין געזאַמלט געוואָרן די סומע פון $818,767.18. אַ פיינער אַנוואוקס אין צוואַנציק יאָר. לויט אָבער דער אָנגעשטרענגטער און פּרוכטבאַרער אַרבעט וואָס די הסתדרות האָט ביז איצט אויפגעטאָן און דאָס וואָס זי האָט בדעה צו טאָן אין דער צוקונפט קען מען עס מיט אַזעלכע סומען נישט אָפּשאַצן. ווען מען זאָל אויסרעכענען די אַקציעס און די אינסטיטוציעס וואָס די הסתדרות האָט ביז איצט געשאַפן און וואָס זיי זיינען ווערט פאַר דעם יידיש פאָלק צו היינטיקן טאָג, ווערט די סומע פון פיר מיליאָן מיט אַכט הונדערט ניין זעכציק טויזנט דאָלאַר פאַרטונקלט.

עס איז גענוג דורכצוקוקן דעם אַרטיקל פון א. דיקענשטיין, „די ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון דער הסתדרות אין ארץ־ישראל אויפן שוועל פון פינפטן יאָר קריג״, אַז מען זאָל אייַנזען ווי קליין דער דערמאָנטער בייטראָג איז לגבי די בודזשעטן און אויפגאַבן פון דער הסתדרות. פאַרשטייט זיך, ווען די גרויסע מאַסן פונעם יידישן פאָלק וואָלטן געווען ציוניסטיש געשטימט, וואָלטן די זאַמלונגען געווען אַ סך גרעסערע און די הסתדרות וואָלט זיך געקענט מערער אויסברייטערן און אויפטאָן נאָך גרעסערע וואונדער ווי זי האָט אויפגעטאָן ביז איצט. אָבער דאָ קומען מיר צו יענער גאָלדענער קייט וואָס האָט גורם געווען צוצוציען די גלייכגילטיקע מאַסן און דערוועקן אין זיי ציוניסטישע סימפּאַטיעס, ווי עס דריקט זיך אַפילו ביזן היינטיקן טאָג.

היינטיקס יאָר ווערט געפייערט דער 20־יאָריקער יובילײ פון דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין, דער 30־יאָריקער יובילײ פונעם אידיש־נאַ־ציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, דער 18־יאָריקער יובילײ פון די פּיאָנערן פּרויען, די חלוצות, באַלד וועט מסתמא אויך געפייערט ווערן אַ גע־וויסער יעריקער יובילײ פון די „לייבאָר ליגס פאַר פּאַלעסטיין״. דאָ מוז אָבער אונטערשטראָכן ווערן אַז עס פעלט נאָך אַ צוויי יאָר צו דער

## י. ש. נאומאָוו

פייערונג פונעם 40־יאָריקן יובילײ פון דער פּועלי־ציון פּאַרטײ אין אַמעריקע. און דאָ דאַרפן עס אַלע וויסן אַז די אַלע דערמאָנטע יובילייס זיינען אַן אויסשטראַלונג פון יענעם צענטראַלן פּונקט וואָס הייסט די פּועלי־ציון פּאַרטײ, אָדער, ווי זי ווערט איצט גערופן, „פּועלי־ציון־צעירי־ציון פּאַרטײ".

געוויס האָבן מיר איצט אויסשטראַלנדע אָרגאַניזאַציעס וואָס נעמען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין; געוויס האָבן האָבן מיר איצט סימפּאַטיזירנדע לאַנדסמאַנשאַפטן, געוויס האָבן מיר איצט יוניאָנס, אַרבעטער רינג ברענטשעס און אַ סך אויסשטייענדע פּערזענלעכקייטן וואָס זיינען נישט אָנגעשלאָסן אָן קיין אָרגאַניזאַציע.

ווער האָט דאָס אָבער אַלץ גורם געווען? פון וועלכער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע האָט זיך דאָס אַלץ אַרויסגעוויקלט? ווער זיינען געווען די ערשטע וואָס האָבן געשפּאָלטן דעם גלייכגילטיקן „רויטן ים"? ווער זיינען געווען יענע, וועלכע מען האָט פריער געהאַלטן פאַר „טשודאַקעס", פאַר אוטאָפּיסטן און בעלי־חלום? ווען זיינען געווען די ערשטע באַנען־ברעכער צווישן די גלייכגילטיקע, קאָסמאָפּאָליטיש־געשטימטע יידישע מאַסן בנוגע דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל אויף גערעכטע סאָציאַליסטישע יסודות?

יענע פּאַרעקשנטע טרוימער זיינען געווען די פּועלי־ציון אין אַמעריקע, די פּועלי־ציון אין אייראָפּע, דער הפּועל הצעיר אין ארץ־ישראל, די שומרים און די פּועלי־ציון פון יענעם לאַנד. עס זיינען געווען וואָס האָבן, ווי די נביאים, געחלומט פון אַ גערעכטער ארץ־ישראל און עס איז נאָך אויך איצט די פּועלי־ציון פּאַרטײ וואָס איז די נשמה פונעם קאַמפּיין. עס זיינען נאָך איצט אויך די פּועלי־ציון וואָס לאָזן דעם קאַמפּיין נישט פאַרוואַסערט ווערן אין בלויזע געלט־זאַמלונגען. עס זיינען די פּועלי־ציון וואָס באַהויכן מיט זייער אידעאַליסטישער איבערגעבנקייט די אַלע אָפּצווייגונגען.

איך וואָלט נישט געזאָגט ווי חבר דוד ווערטהיימ, דער סעקרעטאַר פון די פּועלי־ציון־צעירי־ציון, צו דער געלעגנהייט פונעם 30־יאָריקן יובילײ פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אַז דער פאַרבאַנד איז דער עברי־טייטש פון פּועלי־ציון. איך וואָלט געזאָגט, אַז די אָפּצווייגונגען זייענען גאָלדענע רינגען, אין וועלכע עס זיינען אַריינגעמישט

אַביסל קופּערנער צומיש, אָבער דאָס גאָלד איז גענומען געוואָרן פון דעם ריינעם פּועלי־ציוניסטישן גינגאָלד. אַמאָל איז בעסער ווען צום גינגאָלד ווערט צוגעגעבן אַן אַנדער מעטאַל. די רינגען זיינען שטאַר־קער און מערער רינגען קענען געמאַכט און אַריינגענומען ווערן אין אַ גרעסערער און לענגערער קייט. דער לעגירטער, צוגעשמאָלצענער מעטאַל טאָר זיך אָבער נישט גרויסן מיט זייער דויערהאַפטיקייט און שטאַרקייט. נאָך אַלעמען האָט דאָך אַ רינג פון גינגאָלד אַזויפיל ווערט ווי אַן אַנצאָל רינגען פון לעגירטן גאָלד.

אין פאַרבינדונג מיט די אַלע יובילייס דאַרפן די אָפּצווייגונגען געדענקען אַז „אב אחד לכולם", איין אורשפּרונג האָט זיי צושטאַנד געבראַכט און זיי דאַרפן זייער יחוס נישט פאַרוואַסערן, נישט צופיל פאַר־„עברי־טייטשן", נישט צופיל פאַרלעגירן, בכדי אַז דער אור־שפּרינגלעכער פיין־גאָלד זאָל אין זיך נישט אַריינגעמען צופיל לעגיטור, צופיל פּסולת, און זאָל אַרונטערפאַלן צו דער נידעריקער פּראָבע, אויס־געהוילט פון אמתן אידעאַליזם. אַלע אָפּצווייגונגען דאַרפן זיך גרויסן מיט די טעאָרעטישע פּאָטערס פונעם פּועלי־ציוניזם, ווי אַ ד״ר נחמן סירקין, אַ בער באָרוכאָוו און די גאַנצע פּלעיאַדע לערער און טעאָרע־טיקער, וואָס אין זייער צייט זיינען זיי פאַררעכנט געוואָרן פאַר חוזי־חזיונות, בעלי־חלומות, און איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי זיינען געווען די אמתע נביאים, די אמתע אייניקלעך פון אַ ישעיה, פון אַ מיכה און פון די אַלע אַנדערע וואָס האָבן פאָראויסגעזען אַ יידיש לעבן אין ארץ־ישראל אויף גערעכטע יסודות.

דער גאַנצער הסתדרות־געבוי, די מוסטערהאַפטע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס פון דער ארץ־ישראלדיקער יידישער אַרבעטערשאַפט זיינען די אויסגעבררייטע חלומות פון די פּועלי־ציוניסטישע טעאָרעטי־קער. און אָט וואָס ד״ר נחמן סירקין האָט געזאָגט, באַגריסנדיק די דריטע קאָנווענשאָן פון דעם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אין יולי 1915:

„די גרויסע באַדייטונג פון דעם פאַרבאַנד און זיין סאָציאַלער און קולטורעלער ווערט לערנט אונדז, אַז מיר דאַרפן ווייטער גיין אויף דעם וועג פון קאָאָפּעראַציע און אָרגאַניזירן אַלע צווייגן פון דעם יידישן פאָלקס־לעבן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. פון קאָ־

אָפּעראַטיווער לעבנס־פאַרזיכערונג לאָמיר איבערגיין צו קאָאָפּע־ראַטיוון קרעדיט, צו קאָאָפּעראַטיוון קאָנסום און פּראָדוקציע, ביז דער וועג וועט אונדז ווייטער פירן צו אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעל־שאַפט אין אַ יידיש לאַנד.״

זאָל אימעצער זאָגן אַז ד״ר סירקינס נביאותן האָבן זיך נישט גע־נומען אַרויסוויקלען אין ארץ־ישראל דורך די פון אַלעמען באַוואונ־דערטע אויפטואונגען פון דער הסתדרות אויף אַלע געביטן אין יענעם לאַנד.

די אַלע וואָס זיינען זיך מתעסק אַרום דעם געווערקשאַפטן קאַמ־פּיין, ווייל די הסתדרות ווערק האָט זיי פאַרכאַפּט און באַגייסטערט, דאַרפן שטענדיק געדענקען די וואָס האָבן וועגן דעם געטרוימט און זייערע נאָכפאָלגער, די חלוצים און חלוצות, וועלכע ברענגען יענע טרוימען צו לעבעדיקעווירקלעכקייטן. געלט־זאַמלונגען אַליין וואָלטן נישט געהאַט קיין ממשות ווען די פאָנדן וואָלטן נישט פאַרבונדן גע־ווען מיט מסירת־נפשדיקן אידעאַליזם.

ווען מיר זאַמלען געלט פאַר דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין, דאַרפן מיר זען זאַמלען וואָס מער, ווייל דערמיט ווערט געבויט און אויפגע־ריכט אַ פאָלק, און צו די באַדערפענישן זיינען קיין גרענעצן נישטאָ. פון דעם געזאַמלטן געלט מוז אָבער געמאַכט ווערן דער שיינער תכלית, וואָס וועגן אים האָבן געחלומט די נביאים, די יידישע גרויסע גייסטער און, אין די לעצטע יאָרן, זייערע נאָכפאָלגער, די ציוניסטיש־סאָציאַ־ליסטישע טעאָרעטיקער, די חלוצים, די אמתע בויער פונעם לאַנד, וועלכע זיינען באַהערשט פון דער איבערגעבנהייט פון אַן א. ד. גאָרדאָן, פון אַ בן־צבי, אַ בן־גוריון, אַ ד״ר אַרלאָזאָראָוו און די אַלע אַנדערע טרוימער און מאַרטירער. פון געלט אַליין קען מען מאַכן אַ גאָלדן קאַלב. ווען מען גיט אָבער אין דעם געלט אַריין אַ נשמה, אַ רוח־הקודש, ווערט עס אַ מוסטערהאַפטע לעבעדיק וועזן, און דאָס האָט די הסתדרות געטאָן מיט די געזאַמלטע פאָנדן.

מיט דעם געזאַמלטן געלט האָט די הסתדרות באַוויזן צו שאַפן אַגריקולטורעלע קאָאָפּעראַטיוון, אינדוסטריעלע קאָאָפּעראַטיוון, קאָנ־סום־קאָאָפּעראַטיוון, קרעדיט־קאָאָפּעראַטווין, בוי־אונטערנעמונגס־קאָ־אָפּעראַטיוון. זי האָט געשאַפן דעם „שכון״, קאָאָפּעראַטיווע וואוינונ־

גען, „תנובה״, די קאָאָפּעראַטיווע דיסטריבוציע פון אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן; „יכין״, אַ קאָאָפּעראַטיווע וואָס גרייט צו פּרדסים פאַר נייע איינוואַנדערער; דעם „משביר המרכזי״, אַ צענטראַלן קאָנסום־פאַראיין; „מקורות״, אַ קאָאָפּעראַטיווע וואַסער־געזעלשאַפט פאַר גראָבן ברונימער און באַשעפטיקט זיך מיט אַלגעמיינער איריגאַציע; „נחשון״, די הסתדרות ים־געזעלשאַפט וואָס גיט זיך אָפּ מיט ים־אַרבעט און פישעריי; „נוע״, טראַנספּאָרטאַציע קאָאָפּעראַטיוו; „הסנה״, לעבנס־פאַרזיכערונג קאָמפּאַניע; „ניר״, אַ לאַנג־טערמיניקע הלוואה־אָרגאַניזאַציע פאַר אַגריקולטורעלע צוועקן; „באַנק הפּועלים״, אַ גרויסע אַרבעטער־באַנק, און דעם „אַמפּאַל״, די אַמעריקאַנער ארץ־ישראלדיקע פינאַנץ־און האַנדל־קאָרפּאָראַציע.

דעצעמבער 31, 1943.

# אינערלעכע יידישע רעוואָלוציעס

אויב מען קען אַמאָל פאַרגלייכן מענטשן צו שטומע באַשעפענישן, ווי אַשטייגער עס טוען אַלע פאַבל־שרייבער, וואָלט מען געקענט פאַרגלייכן אונדזער גביראָקראַטיע, ספּעציעל די וואָס האָבן אַריינגעכאַפּט זייער דעה־זאָגעריי אינעם יידישן לעבן דורך זייער געלט־פּאָזיציע, צו אַ שילדקראָט, וואָס קריכט אויף דער ערד, טראָגט אויף זיך זיין שילד וואָס גיט אים פּראָטעקציע פון אויסערלעכע שונאים, ווען ער דערשמעקט אַ סכנה ציט ער זיך אַריין אין זיין שילד, אין זיין פּאַנצער, וועלכער איז געמאַכט פון אַ האַרטן מושעל. דער שילדקראָט האָט נישט קיין פליגלען און קען זיך נישט אויפהייבן העכער פון דער ערד. ער האָט נישט דעם ברייטן הקף, דעם ברייטן האָריזאָנט וואָס אַן אָדלער האָט ווען ער הייבט זיך אויף אין דער הויך.

דער הקף פון אונדזערע זעלבסט־געקרוינטע בעלי־דעה איז מער נישט ווי די פון אַ שילדקראָט. זיי גייען נישט אַרויס פון זייער גאָלדענער שילד, זייער געלט־פּאַנצער באַגרענעצט זייער וויזיע און שמעלערט איין זייער הקף. ווען צייטן זיינען שטילע שטעקן זיי, ווי די

טשערעפּאַכעס, אַרויס זייערע שמאָלע קעפּלעך, באַטראַכטן די שטילע וועלט פון זייער ענגן אויסקוק און זיינען העכסט צופרידן מיטן סטאַ־טוס־קוואָ, אַבי מען לאָזט זיי צורו און זיי פילן זיך גאָר זיכער מיט זייער פּאָזיציע. ווען עס קומען אָבער שלעכטע טעג, דאַן ציען זיי זיך אַריין אין זייערע גאָלד־פּאַנצערס און שרייען: שטיל זאָל זיין, מאַכט נישט קיין גערודער! לאָזט אונדז רואיק שלאָפן אין אונדזערע גאָל־דענע פּאַלאַצן.

אַזוי גייט עס שוין פון קדמונים — אין אַלע גלות־לענדער, וואו עס האָט נאָר אָפּגעגליקט אייניקע יידן אַרויפצוציען אויף זיך אַ פּאַנ־צער פון גאָלד, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שפּילן די ראָלע פון קלוגע. זייער חכמה גייט אַרויס פון זייער ענגן, שמאָלן ווינקל. זיי איז גוט, זיי ווערן פּריווילעגירט, זיי ווערן אויפגענומען אין די הויכע פענצטער צוליב זייערע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען, יעדע זאַך דרייט זיך ביי זיי אַרום אַ פּראַקטישער אַקס. זיי זיינען אינטערנאַציאָנאַל, ווייל קאַ־פּיטאַל איז אינטערנאַציאָנאַל. מען דאַרף בלויז אומבייטן די רענדלעך אויף דעם קורס פון אויסלענדישער וואַליוטע. די געלט־מאַכט איז אַזוי שטאַרק אין איין לאַנד ווי אין אַנדערן. נישט נאָר איז קאַפּיטאַל אינטערנאַציאָנאַל — אָרעמקייט איז אויך אינטערנאַציאָנאַל. די אָרעמע אָבער האָבן נישט קיין פאַרבינדונגען אין אַנדערע לענדער און זיינען שוין במילא אונטערוואָרפן אונטער די נאַציאָנאַלע מנהגים, נאַציאָנאַלע קולטורן, נאַציאָנאַלע טראַדיציעס און נאַציאָנאַלע שטרע־בונגען. דער רייכער קען טאָן געשעפט אין יעדן לאַנד, ער קען האָבן היימען אין פאַרשיידענע לענדער. ער קען זיין אַן אַמעריקאַנער, אַן ענגלישער קאַפּיטאַליסט און האָבן אַ שיינע ווילא אין דער פראַנצוי־זישער ריוויערא, ער קען וואוינען אין דער שווייץ, אין איטאַליע אָדער גאָר אין דרום־אַמעריקע. ווען מען האָט געלט קען מען שוין ווי עס איז זיך צופּאַסן צו פרעמדע שפּראַכן. געלט רעדט אויף אַלע שבעים לשונות. מיט אויסלענדיש געלט מאַכט מען אויך פּאַשיסטישע רעוואָ־לוציעס, מען שאַפט היטלערס און מוסאָליניס. דער פּאַראַדאָקס איז אָבער בולט ווען עס קומט צו לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם.

גרויס־קאַפּיטאַל, כאָטש ער איז אין תוך אינטערנאַציאָנאַל, מוז ער שטענדיק שפּילן דעם „200"־פּראָצענטיקן פּאַטריאָט, סיי אין די

רעגירנדע קרייזן און סיי צווישן פאָלק מוזן זיי דערשיינען אין אַ
העכסט פאַטריאָטישער פּאָזע, כאָטש אין דער שטיל ווען זיי פאַר
גוטע פראָפיטן צושטעלן אַלע מלחמה־מכשירים צו יאַפּאַן, צו דייטש־
לאַנד, און ווען אָפּטאָן כל דבר אסור צוליב אייגענע אינטערעסן.
פאַרשטייט זיך, די יידישע גביראָקראַטיע שפילט פראָפאָרציאָנעל אַ גאָר
קליינע ראָלע אין אינטערנאַציאָנאַלע מאַניפּולאַציעס, כאָטש די אַנטי־
סעמיטן, ווען זיי ריידן מיט גאַל וועגן אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַליזם,
האָבן זיי אין זינען בלויז די יידן. ביי זיי זיינען אַלע יידן קאַפּיטאַ־
ליסטן. מען קען אָבער נישט אַוועקגיין פון דער אייגנשאַפט פון קאַ־
פּיטאַל. פּונקט ווי דער גויאישער מיליאָנער איז אַ היפּער־פּאַטריאָט,
אַזוי איז אויך דער יידישער תקיף. נאָך מער ווי זיין גויאישער שותף
איז ער אַ דעמאָנסטראַנט פון פּאַטריאָטישער היסטעריע.

ער ווערט היסטעריש ווען עס רעדט זיך וועגן אַ יידיש פאָלק,
אַ יידיש לאַנד. ער פאַרלירט זיין באַלאַנס און שרייט פון די הויז־
דעכער: אני שלמה! איך בין אַן אַמעריקאַנער, אַן ענגלענדער, אַ
פראַנצויז, אַ דייטש א.אַז.וו. זיי האָבן מורא אַז מען זאָל זיי נישט
חושד זיין אין צעטיילטער בירגערשאַפט. די חכמה האָבן די יידישע
תקיפים אַרויסגעזאָגט ווען הערצל האָט זיך צו געווענדט וועגן אַ
יידנשטאַט, און אַזוי האָבן די ענגלישע יידישע לאָרדן געהאַנדלט ווען
ס׳איז געגעבן געוואָרן די באַלפור דעקלאַראַציע. דער אָריגינאַלער
פאָרם פון דער באַלפור דעקלאַראַציע האָט געמוזט אַרומגעשניצט ווערן,
אַזוי אַז עס זאָל צו אַ גאָר גרויסן טייל זיך צופּאַסן צו דער פּסיכאָלאָ־
גיע פון דער „אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיאיישאָן“. פון זייערטוועגן האָט
מען די באַלפור דעקלאַראַציע אינגאַנצן נישט געדאַרפט האָבן. זיי, די
יידישע לאָרדן, מעסטן די נויטן פון די גרויסע יידישע מאַסן פונעם
ענגן ווינקל אין זייער הקף. זיי רעכענען זיך נישט מיט דעם אַנטי־
סעמיטיזם, וואָס האָט שוין, ווי דער לעגענדאַרער לויתן, אַרומגעכאַפּט
די גאַנצע וועלט און פאַרטרונקען מיליאָנען פון דער יידישער באַפעל־
קערונג. זיי ציען זיך איין, ווי דער שילדקראָט, אין זייער גאָלדענעם
פּאַנצער און האָבן מורא צו שרייען אין דער הויך אַז דער אַנטיסעמי־
טיזם זאָל זיי נישט דערגרייכן. זיי ווילן שטילע שתדלנות, און אויב
די קולות פון זייערע ברידער גרייכן זייערע אויערן ווילן זיי עס איינ־

שטילן מיט צדקה. זיי איז ווייך און וואַרעם און זיי ווילן זייערע פּאַ־זיציעס אַרומרינגלען מיט שאַ־שאַ־פּעסטונגען.

דאָס יידיש לעבן איז אָבער נישט געבליבן שטיין אויף איין אָרט, די צייט און אונדזערע שונאים האָבן אַזוי אויך דאָס נישט־נאָרמאַל יידיש לעבן אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען. אַלטע פּסיכאָלאָגיעס און אַלטע איינשטעלונגען אין שייכות מיט אַ יידישן פאָלקס־סטאַטוס האָבן געמוזט אָננעמען מער ראַדיקאַלע לאָזונגען. עס זיינען די גויאישע פעלקער, וועלכע שטעלן אונדז אַרויס אין אַזאַ לאַגע, וואו קיין אַנדער אויסוועג ווי אַן אייגן לאַנד קען גאָר נישט געמאָלט זיין. די יידן אָבער פון דער אַמעריקאַנער דזשואיש קאָמיטע און „דהי אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיאיישאָן“ בלייבן נאָך אַלץ ביי זייער אַלטן פּזמון, אַז מיר זיינען בלויז אַ רעליגיעזע סעקטע פון משהס גלויבן. זיי דענקען נאָך אַלץ אַז זיי וועלן נישט ריידן הויך און אָנגיין מיט זייער שאַ־שאַ־פּאָליטיק וועלן זיי נישט אויפרייצן די גענדז און די אַנטיסעמיטן וועלן איינ־נעמען אַ שטומעניש. מען טאָר זיך נישט אָרגאַניזירן אין אַ יידישן וועלטלעכן קאָנגרעס, מען טאָר נישט האָבן אַ יידישן אַמעריקאַנעם קאָנגרעס, ווייל עס וועט הייסן אַ רעגירונג אין אַ רעגירונג. אַמעריקע האָט דאָך איר אייגענעם קאָנגרעס, כאָטש דער קאָנגרעס פון די יידן איז נישט צו מאַכן געזעצן, נאָר זוכן תחבולות און עצות ווי צו העלפן אַ געפּלאָגט פאָלק. מען טאָר נישט רופן קיין יידישע אַסעמבלי, ווייל געוויסע שטאָטן האָבן געזעץ־קערפּערשאַפטן אונטער דעם נאָמען. מען טאָר נישט דאָס און מען טאָר נישט יענעס. די איטאַליענער מעגן האָבן אַן אַמעריקאַנעם־איטאַליענישן קאָנגרעס, וועלכן דזשאָדזש פּערדינאַנד פּעקאָרא האָלט אין אָרגאַניזירן פאַר אַ דעמאָקראַטישער איטאַליע.

די יידישע מאַסן, אָבער, האָבן זיך אויפגעהערט צו שרעקן פאַר דער יידישער גביראָקראַטיע. די לעצטע הייבן אָן צו פאַרלירן זייער העגעמאָניע, זיי הייבן אָן צו פאַרלירן זייער תקיפות, זייער גאָלדענער טראָן האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען און צו זייערע טענות הערט מען זיך מער נישט צו.

האָבן די יידן אין אַמעריקע אָפּגעהאַלטן וואַלן צו דער אַל־אַמערי־קאַנער קאָנפערענץ, האָט זיך עס בולט אַרויסגעשטעלט. מען האָט געוויילט מענטשן פון אַן עקסטרעם־קעגנגעזעצטן איינשטעל. מען האָט

געוויילט דעלעגאַטן וואָס האָבן אַ געזונטן צוגאַנג צו יידישע פראַגן. מען האָט נישט געזוכט צו וויילן גבירים, אַדירים. מען האָט געזוכט צו וויילן אַזעלכע וואָס שטייען מיט זייערעביידע פיס אויף דער ערד. מען האָט געוויילט די וואָס זעען זאַכן ווי זיי זיינען און וויסן וואָס זיי ווילן. זיי האָבן אַ פלאַטפאָרמע און זיי וועלן זי פאַרטיידיקן מיט אַלע קרעפטן. ווי וועט זיין צו יענע דערוויילטע, וועלכע זיינען דערוויילט געוואָרן אויף אַ געוויסער פלאַטפאָרמע און וועלן נישט אויסהאַלטן די פּראָבע; ווי וועט זיין צו יענע, וועלכע וועלן זיך אָפּגעבן מיט אַפּיזמענט פּאָליטיק. צווישן די אַלגעמיינע ציוניסטן געפינען זיך אַ סך וועלכע וועלן זיך בייגן פאַר דעם ווילן פון דער גבירהאָקראַטיע, וואָס איז קעגן אַ יידישן קאָמאָנוועלט, אַ יידישע רעגירונג אין ארץ־ישראל.

אין די לעצטע וואַלן האָבן די נעמען פון פּערזאָנען נישט געשפּילט די הויפּט־ראָלע. די הויפּט־ראָלע האָבן געשפּילט די לאָזונגען און יענע נעמען וועלכע האָבן פאַרשפּראָכן די לאָזונגען דורכצופירן. דער געזונטער יידישער חוש האָט דאָ געהאַט די אויבערהאַנט. אויב אונדזערע פילאַנטראָפּן און בעלי־צדקה פון די פאַרשיידענע טיפּן האָבן פון די וואַלן גאָרנישט געלערנט, וועלן זיי שוין קיינמאָל נישט לערנען.

אין די וואַלן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מען האָט געקליבן יענע מענטשן וואָס האָבן דעם פאָלק עפּעס פאַרשפּראָכן, און ווי וועט זיין צו יענע וואָס וועלן דעם פאַרשפּרעכן נישט האַלטן. אויב געוויסע דעלעגאַטן וועלן זיך בייגן פאַרן ווילן פון די זעלבסט־געקרוינטע פאַרזאָרגערס, פאַר די זעלבסט־געקרוינטע בעלי־דעה, וועלן זיי זיך אומקערן אַהיים מיט אַ קין־צייכן אויף זייער שטערן. זיי וועלן אויף זייער געוויסן האָבן דעם פאַרברעכן פון אַוועקהרגענען אַ געזונטע פלאַטפאָרמע און די ראַדיקאַלע לייזונג פון די פאָלקס־פּראָבלעמען. זיי וועלן אויף זייער געוויסן טראָגן דעם מאָרד פון די געזונטע פאָלקס־האָפענונגען; זיי וועלן אויף זייער געוויסן טראָגן דעם פאַרראַט פון אַ פאָלקס חלום. דאָס פאָלק וועט אויף זיי טייטלען מיט די פינגער און זייער פאַרראַט וועט פייניקן זייער געוויסן.

ענגלאַנד האָט געוויזן דעם וועג. דאָרטן איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע. די „לאָרדס“ און די „סערס“ פון דער „אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיאיישאָן“ האָבן פאַרלוירן. די „באָרד אָוו דזשואיש דעפּיוטיס“

האָט ווידערשפּעניקט און האָט געהאַט די חוצפּה צו זאָגן צו די גרויסע הערן אַז זיי זיינען „אַנטיקוואַרע סנאָבס״, זייער פּאָליטיק בנוגע יידישע פראַגן איז אָפּגעלעבט און פאַרעלטערט, און זיי טוען זאַכן, וועלכע טוען שאָדן די יידישע אינטערעסן. עס איז שוין אויך צייט אַז עס זאָל אָפן געזאָגט ווערן צו די לעסינג ראָזענוואַלדס, צו די סולצבערגערס, צו די דזשעראָם פרענקס און צו די פּראָטעסט־ראַבינער, וועלכע סאָלי־דאַריזירן זיך מיט די גאָלדענע קעלבער: פאַר אונדזער פאָלק שטייט די פראַגע פון זיין און נישט זיין. די יידישע גביראָקראַטיע קוקט בלויז אַרויס פון איר הקף, פאַר אירע אייגענע אינטערעסן. די אינטערעסן פון פאָלק גייען זיי נישט אָן. מעגן זיך יענע יידן וואָס טראָגן גאָל־דענע פאַנצערס זיך רואיק שלאָפן אין זייערע שילדן. די גרויסע יידישע מאַסן האָבן נישט אַזעלכע שילדן און זעען איין די סכנה, און איצט איז געקומען די צייט אַז די יידישע פאָלקס־מענטשן זאָלן קומען צום אויסדרוק און ענטפערן אויף דער פראַגע — פון זיין און נישט זיין — מיט אַ שטאַרקן ענטפער פון — זיין!

יולי 30, 1943.

# די היטערס פון די מויערן

(צום יום־טוב פון פערציק־יאָריקער עקזיסטענץ פון די פּועלי־ציון אין אַמעריקע)

ווען אַ מענטש ווערט אַלט פערציק יאָר איז ער אַריבער אַ האַלבן שפּאַן פון זיין לעבן, ער גייט אַריין אין מיטלעלטער, און כאָטש מען זאָגט אַז דאָס לעבן הייבט זיך מיט פערציק, איז עס אָבער אין פיזישן זין נישט ריכטיק. פיזיש הייבט אָן דער מענטש אַרונטערגיין. ער דאַרף מער אַכטונג געבן אויף זיין געזונט און דאַרף זיך היטן אַז עפּעס זאָל זיך נישט אָנרייסן אָדער אָפּרייסן.

אַנדערש אָבער איז אַ פּאַרטיי וואָס ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון יחידים און סיי די אַלטע און סיי די יונגע זיינען אָנגעהויכט פונעם זעלבן אידעאַל און איין גייסט פאַרבינדט זיי, מוז די פּאַרטיי וואַקסן

און געדייען, ווייל דאָ איז נישט שייך קיין פיזישע אָפּשוואַכונג. עס איז אַן ענין פון גייסט און גייסט ווערט נישט אַלט. קען מען דען זאָגן אַז דער יידישער גייסט איז אַלט געוואָרן? יענע גייסטיקע ווערטן וואָס זיינען פריש געווען מיט דריי טויזנט יאָר צוריק זיינען נאָך אַזוי פריש אויך איצטער, און ווען די גאַנצע וועלט וואָלט אויף אַן אמת איבערגענומען די יידיש גייסטיקע ווערטן, וואָלט די איצטיקע מיאוסע וועלט געהאַט אַ שענער פנים.

ווען די פועלי־ציון האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַן אָרגאַניזאַציע פון ציוניסטן באַהעפט מיט סאָציאַליזם זיינען זיי אָנגעהויכט געווען מיט די העכסטע מענטשלעכע אידעאַלן. זיי האָבן געחלומט דעם שיינעם חלום פון דער באַפרייאונג פון זייער אונטערדריקט פאָלק און זיי האָבן אויך פאַרוועבט דעם חלום פון פאָלקס פרייהייט אין אַ קלייד־געוועב פון סאָציאַליסטישע פעדים. זיי האָבן געחלומט פון אַ גאולה געבויט אויף גערעכטע סאָציאַליסטישע יסודות. מיט פערציק יאָר צוריק האָט מען אויף די פועלי־ציון געקוקט ווי אויף פוסטע טרוימער און פאַנאַטישע אוטאָפּיסטן.

געדענק איך נאָך יענע צייטן ווען די יידישע קאָסמאָפּאָליטישע סאָציאַליסטן פון אַלע מינים האָבן געקוקט אויף אונדז פועלי־ציון מיט ביטול, ווי אויף מענטשן ניטדאַאיקע, אויף בטלנים וואָס דרייען זיך אַרום מיט אַ מיחוש. ציוניזם איז פאַר יענע מענטשן געווען שאָוויניזם, און ווער רעדט נאָך אַז מען נעמט אַזאַ אוטאָפּיסטישן שאָוויניזם און מען פאַרבינדט אים מיט סאָציאַליזם, מוזן דאָך אַזעלכע מענטשן דינען ווי עובר־בטלניקעס. און די דאמאָלסטיקע יידישע הפקר־גאַס האָט אונדז טאַקע אַזוי באַהאַנדלט. מיר זיינען אויסגעלאַכט געוואָרן אין לעקציע־זאַלן און אויף די גאַס־ראָגן. די סאָציאַליסטישע פּרעסע, די יידישע, פאַרשטייט זיך, איז דאַן געווען דאָמינירנד און נישט ווייניק זידלערייען, ביטול און שימף־ווערטער זיינען אויסגעגאָסן געוואָרן אויף אונדזערע קעפּ, אויף די שפּאַלטן פון די צייטונגען.

איך געדענק ווען באַראָנדעס איז געלאָפן, אין 1904, דאַכט זיך, פאַר קאָנגרעסמאַן אויפן סאָציאַליסטישן טיקעט און אונדזערע חברים האָבן זיך אָנגעבאָטן צו „סטאָמפּ ספּיטשן" אויף געוויסע ראָגן פון דער

## י. ש. נאומאָוו

ניו־יאָרקער איסט סייד, האָבן די פייגענבוימס און זיין גלייכן אין אונדז אַריינגעשטאָכן זייערע ציינישע פיילן.

די יידישע גאַס אין יענער צייט, כאָטש זי איז געווען סאָציאַליס־טיש, איז פאַרוואקסן געווען מיט אַן אוטאָפּיש־קאָסמאָפּאָליטישן ווילד־גראָז; יידישער נאַציאָנאַליזם איז געווען ביי זיי טריף ווי חזיר ביי אַ פרומען יידן. יענע אימיגראַציע אָבער האָט פון יענער זייט ים אַריבערגעוואָרפן אַהער מענטשן, וועלכע זיינען געווען אָנגעשטעקט מיט נביאים־גייסט, מענטשן וואָס האָבן זיך גוט אַריינגעטראַכט אין דער יידישער אויסנאַמס־לאַגע וואו זיי זאָלן נישט געווען זיין. יענע מענטשן האָבן איינגעזען אַז יידן האָבן נישט קיין אייגענע עקאָנאָמיע. יידן האָבן אַפילו נישט קיין יידישע אַרבעטער אין דער שווערער אינ־דוסטריע. זיי האָבן געזען אַז אַפילו אין אַמעריקע זיינען די מערסטע יידישע אַרבעטער פאַרנומען ביי די נאָדל־פאַכן, און אין די גאָר גרויסע פאַבריקן נעמט מען צופיל אַרבעטער נישט אַריין. אפשר נעמט מען אַריין אַן אַרבעטער דאָ און דאָרט. ליידן זיי דאָרטן די גרעסטע יסורים מצד די נישט־יידישע אַרבעטער.

יענע אידעאַליסטישע מענטשן האָבן איינגעזען אַז אין די בעסטע לענדער ווערן מיר אנערקענט נישט ווי קיין ערשט־קלאַסיקע בירגער, נאָר ווי בירגער פון אַ צווייטער מדרגה, און טאָמער אַרבעטן זיך אייני־קע יידן אַרויף עקאָנאָמיש, איז דאָס בלויז אַ צייטווייליקער אויפשטייג, ווייל יידיש פאַרמעגן איז אָפּגעווענדט אַן געוויסע ווינטן. איין שטאַר־קער שטורעמווינט רייסט אויס דעם יידן מיטן וואָרצל, און ווי שטאַרק עקאָנאָמיש דער ייד זאָל נישט זיין איינגעוואָרצלט, קען אים אַ בייזער ווינט ברענגען צו בעטל־ברויט.

די שונאים אונדזערע, ספּעציעל פון דעם בונדיסטישן חדר, האָבן אויסגעלאַכט אַזעלכע קלאָרע קעפּ ווי אַ בער באָרוכאָוו, ע״ה, ווען ער האָט געזאָגט אַז דער דראַנג נאָך ארץ־ישראל וועט זיין אַ סטיכישער. דער „סטיכישער פּראָצעס" איז דאַן פאַרלאַכט געוואָרן און היינט לעבן נאָך יענע אָפּלאַכער און זעען מיט זייערע אייגענע אויגן ווי די יידן ווערן געטריבן קיין ארץ־ישראל פון אַ סטיכישן פּראָצעס.

אמת, קיינער האָט זיך נישט געריכט אַז דער שטורעם זאָל זיין אַזאַ שטאַרקער, אַז די סטיכיע זאָל זיין אַזאַ אַכזריותדיקע. אָבער זאָל

אימעצער אָפּלייקענען אַז באָרוכאָוו איז נישט געווען קיין נביא. מען האָט אָבער נישט געדאַרפט זיין קיין נביא אין יענעם צייט. מען האָט בלויז געדאַרפט ערנסט דענקען, ערנסט אַריינטראַכטן זיך אין דער יידישער אויסנאַמס־לאַגע און קומען צו אַזעלכע שלוסן. די פּועלי־ציון פון יענער צייט האָבן די יידישע לאַגע טיף דורכגעטראַכט. זיי האָבן געזען אַז מיט באַבסקע רפואות, מיט פּאַליאַטיוון ווערט מען די יידישע לאַגע נישט איבערמאַכן. זיי האָבן איינגעזען אַז יידן דאַרפן אַ לאַנד. דאָס לאַנד דאַרף זיין ארץ־ישראל. זיי האָבן אויך איינגעזען אַז בויען אַ לאַנד לויט דעם מוסטער פון כאַפּ־לאַפּ, לויט דעם מוסטער פון אָרעם און רייך, פונעם מוסטער פון „ראַגגעד אינדיווידואַליזם“, איז נישט דער אמתער וועג. זיי האָבן איינגעזען אַז די אויפבויאונג פון ארץ־ישראל דאַרף זיין אויף סאָציאַליסטישע יסודות און זיי האָבן געמאַכט דעם אומפאַרמיידלעכן סינטאַקס — סאָציאַליזם־ציוניזם אונטערן נאָמען — פּועלי־ציון.

* * *

דער סוף פונעם מאָנאַט דעצעמבער 1945 וועט באַצייכענען דעם פערציק־יאָריקן, אָפיציעלן געבוירנטאָג פון די פּועלי־ציון אין אַמעריקע. ס׳איז געווען סוף חודש דעצעמבער 1905, ווען אַ צאָל דעלעגאַטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין באַלטימאָר און האָבן געגרינדעט די פּאַרטיי, די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע פון אַמריקע.

ס׳וואָלט אָבער געווען נישט ריכטיק צו דענקען אַז די פּועלי־ציון זיינען געקומען פון אַ וואַקאום און ביז דאַן האָט גאָרנישט עקזיסטירט. עס האָט פריער אויך עקזיסטירט אַן אָרגאַניזאַציע. מיט דעם אָנפאַנג פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז די אימיגראַציע אין אַמעריקע געווען אין איר פולן שוואונג און ס׳האָבן אַריינגעשטראָמט אַ סך יידן וואָס האָבן פאַרבונדן זייער ציוניזם מיט סאָציאַליזם. די איינער פון די אינטעליגענטע יידישע יונגעלייט זיינען שוין באַקענט געווען מיט „רוים און ירושלים“ פון משה העס.

אין 1897, נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס און מיט דעם אויפקומען פונעם יידישן אַרבעטער־בונד האָבן זיך גענומען אויסקריסטאַליזירן יענע ציוניסטישע יונגעלייט, וועלכע האָבן נישט געפונען קיין

סתירה צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם. אין אַמעריקע זיינען געווען אַ סך אַזעלכע יונגע מענטשן און זיי האָבן זיך אין יענע יאָרן דאָ פאָרמירט אין גרופּעס. אָבער אין יענע יאָרן איז אויך אויפגעקומען דער אוגאַנדא־פּראָיעקט און די אידעאַליסטן האָבן זיך צעטיילט אין ציוני ציון — פּועלי־ציון, און אין טעריטאָריאַליסטן — ס.ט. ס׳פאַר־שטייט זיך אַז קיין האַרמאָניע האָט אין יענע גרופּן נישט געהערשט. ס׳איז געווען ווי אַ הויז צעטיילט צווישן זיך. אין יענע גרופּן האָבן זיך אויך געפונען פון די גאָר ערשטע פּועלי־ציון אין רוסלאַנד, ווי זיי האָבן זיך דאַן גערופן די מינסקער פּועלי־ציון. דער ריס צווישן די פּוע־צ און די ס.ט. (סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן) איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און גרעסער. מען איז איינע די אַנדערע געוואָרן דם־שונאים. די גרעסטע שנאה איז געקומען מצד די ס.ט. די שנאה, פאַרשטייט זיך, איז געקומען פון קנאה, פון האָבן און נישט־האָבן. די פּוע״צ האָבן געהאַט אַ טעריטאָריע — ארץ־ישראל, און זיי, די ס.ט., האָבן געזוכט אַ טעריטאָריע אַפילו אויף דער לבנה. נאָך אַזאַ שלעכטער הויזונג האָט מען זיך געמוזט צעטיילן, און דער רעזולטאַט איז געווען די באַל־טימאָרער קאָנווענשאָן סוף דעצעמבער, 1905.

עס מוז דאָ געזאָגט ווערן אַז די ס.ט., אין יענער צייט, זיינען געווען אַ סך שטאַרקער ווי די פּוע״צ. אין יענער צייט איז אָנגעקומען ד״ר נחמן סירקין און פיל אַנדערע רעדנער און שרייבער האָבן זיך מיט זיי אידענטיפיצירט. זיי האָבן נישט געגלויבט אַז פונעם דעמאָלסטיקן טערקישן רעזשים האָט מען געקענט עפּעס אַרויסקריגן. נאָך דער רע־וואָלוציע פון די יונגע טערקן, אין 1909, איז אַ גרויסע גרופּע פון די ס.ט., אונטער דער פירערשאַפט פון ד״ר נחמן סירקין, אַריין צו די פּוע״צ. אַן אינטענסיווע טעטיקייט האָט זיך דאַן אָנגעפאַנגען. קאַמף קעגן אַסימילאַציע אויףביידע פראָנטן, סיי צווישן דער יידישער פּלו־טאָקראַטיע און דער יידישער אַרבעטער־פירערשאַפט, וואָס פלעגט זיך אַלעמאָל אידענטיפיצירן מיט די רייכע קעגן די יידישע נאַציאָנאַליסטן. ד״ר נחמן סירקין ע״ה האָט זיי טרעפלעך אָנגערופן — דער פּאַראַיי־ניקטער פראָנט פון העסטער און וואָל סטריטס. די פּוע״צ האָבן גע־קעמפט אויף פיל פראָנטן. זיי זיינען געווען די היטערס פון די מויערן.

* * *

## געזאַמלטע שריפטן

איצט, פאַרשטייט זיך, איז נישט די צייט צו פייערן ימים־טובים און געבוירנטעג. לויט די לעצטע נייעסן וואָס מיר קריגן אַריין פון ארץ־ישראל קען מען זיך שטאַרק נישט פרייען. אָבער ווען מען איז רעאַליסטיש מוזן מיר, ווילנדיק נישט־ווילנדיק, זאָגן: גם זו לטובה. אונדזער „גם זו לטובה" דריקט זיך אויס אין דעם וואָס אונדזער ישוב אין ארץ־ישראל שטייט שוין אויף אַ פעסטן באָדן. מיר האָבן זיך דאָרטן פאַראַנקערט און די זעקס הונדערט טויזנט יידן וועלן פון דאָרטן נישט אויסגעוואָרצלט ווערן. זיי זיינען גרייט פאַר קרבנות און זיי וועלן זיך נישט אונטערגעבן. און ווען מען באַטראַכט דעם שטאַרקן איינגעפעסטיקטן ישוב, מוז מען זיך אָפּשטעלן אויף דעם גרויסן חלק וואָס די אַמעריקאַנער פּועל־צ האָבן צוגעטראָגן צו יענער שטאַרקייט און יענער פעסטקייט. און כאָטש די פּועל־צ פּאַרטיי איז נישט גרויס אין צאָלן, איז זי אָבער שטאַרק אין השפּעה און סוף־כל־סוף שפּילט דער כמות נישט אַזאַ ראָלע ווי עס שפּילט דער איכות. ס'זיינען נישט די פיזישע צאָלן — עס איז די גייסטיקע קוואַליטעט וואָס האָט דאָס שטאַרקסטע געוויכט.

די פּועל־צ אין אַמעריקע האָבן פאַר די לעצטע פערציק יאָר פּיל דערגרייכט. ווער געדענקט נישט די ראָלע וואָס די פּועל־צ האָבן געשפּילט אין דער גרינדונג פונעם ערשטן יידישן אַמעריקאַנער קאָנגרעס. אויב די יידישע צייטונגען און אַפילו די אָפּגעפרעמדטע סאָציאַליסטישע צייטונגען האָבן זיך אַלץ מער גענומען נייגן צום יידישן נאַציאָנאַליזם, איז עס אַ דאַנק די פּועלי־ציון דאָ אין לאַנד. ווער געדענקט נישט די ווירקונג פון דעם „אידישן קעמפּער" אויף דער יידישער אינטעליגענץ? ווער געדענקט נישט די טעגלעכע „צייט", אונטער דער רעדאַקציע פון דוד פּינסקין? אמת, זי האָט לאַנג נישט געדויערט, אָבער אין דער קורצער צייט האָט „די צייט" אַרויסגעוויזן ווער עס שטייט הינטער איר. עס איז געווען אַן אומגעהייערע אָנשטרענגונג. ס'האָבן אָבער דאָס געקענט דערווייזן אַזעלכע אידעאַליסטן ווי עס זיינען די פּועלי־ציון.

איינס פון די שענסטע קאַפּיטלעך איז דער אויפקום פונעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אַן אָרגאַניזאַציע וואָס האָט איצט קרוב צו דרייסיק טויזנט מיטגלידער און איז אויסגעחלומט געוואָרן פון די

פועלי־ציון. די פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע וועלכע איז איצט אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר און וועלכע פאַרמאָגט איך העכער פון צוואַנציק טויזנט חברות איבערן לאַנד, די ענגליש־ריידנדע פּועלי־ציון, די הבונים, די יוגנט־קעמפּס וועלכע גייען אונטערן נאָמען „קבוצה״, די לייבאָר ליגס, די זשורנאַלן דער „אידישער קעמפּער״, די „דזשואיש פראָנטיער״, די „פּאַראויס״, אַ מאָנאַט־זשורנאַל וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון די הבונים, דער חלוצות זשורנאַל „פּיאָנערן פרויען זשורנאַל, די „פאַרבאַנד שטימע״ פונעם פאַרבאַנד, „געדאַנק און לעבן״ פון דעם יידישן לערער־סעמינאַר, די פאָלקס־שולן און אַלע זייערע אָפּצווייגונגען, אַפילו די אַרבעטער רינג שולן, זיינען אויפגעקומען אויף דער יידישער גאַס דורך דער השפּעה אויף דעם יידישן לעבן פון די אַמעריקאַנער פּועלי־ציון. זאָל דאָס אימעצער פּרובירן אָפּלייקענען.

די פּועלי־ציון אין אַמעריקע און אַלע וועלכע זיינען אַפיליאירט מיט די פּועלי־ציון זיינען פון די ערשטע שטיצער פון אַלע קולטורעלע אונטערנעמונגען. דעם ביישטייער וואָס די אַמעריקאַנער פּועלי־ציון האָבן צוגעטראָגן צו דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל, צו דעם וואוקס און אויסברייטערונג פון דער הסתדרות, וועלכע פאַרמאָגט איצט גאַנצע הונדערט און פופציק טויזנט מיטגלידער, איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך און איך וועל זיך אויף דעם אָפּשטעלן אַ צווייט מאָל. אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט אין אַמעריקע האָבן די פּועלי־ציון געשפּילט אַ קאַרדינאַלע ראָלע.

אין אַ נישט־פריילעכע צייט וועט די פּוע־צ־צ״צ פאַרטיי צוזאַמענרופן איר קאָנווענשאַן דעם קומענדן יאַנואַר. מיר לעבן דורך שווערע צייטן. מיר האָבן אָבער אַ סך דערפאַרונג און לאָמיר האָפן אַז אונדזער צער וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שמחה, אונדזער טרויער און טרייסט און דאָס שיינע קאַפּיטל וואָס מיר האָבן אַריינגעשריבן אין דער יידישער געשיכטע פאַר די לעצטע פערציק יאָר וועט אונדז דינען ווי אַן אָנרעגונג צו פאַרייניקן אונדזערע כוחות און אין דער פאַרשטאַרקונג פון אונדזער באַוועגונג, סיי אין איכות און סיי אין כמות.

דעצעמבער 7, 1945.

# די געהיימענישן פון היגן ועד החינוך

אויף דעם טערקישן סולטאַן אַבדול האַמיד, דער צווייטער, פלעגט מען זאָגן אַז ער איז דער קראַנקער מאַן פון אייראָפּע. אויף דער היגער ביוראָ אָוו דזשואיש עדיוקיישאָן קען מען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז דאָס איז דער שוואַכסטער רינג אין דער קייט פונעם היגן דזשואיש קאונסיל, און פאַראַפראַזירנדיק קען מען זאָגן, אַז דער ועד־החינוך איז דאָס קראַנקע קינד פונעם קאונסיל.

ווען איך וואָלט געווען אַ ראָמאַניסט, וואָלט איך געשריבן אַ ראָמאַן מיטן נאָמען — די געהיימנישן פונעם הויף פונעם היגן ועד־החינוך. גראָד אָט דער צעל וואָס האָט געדאַרפט זיין דער שטאַרקסטער אינעם קערפּער פון קאונסיל און וואָס האָט געדאַרפט זיין דער שטאָלץ פון אַזאַ גרויסער, שיינער שטאָט ווי אונדזערע, איז עס גראָד דער היפּוך. אויף דעם היגן ועד־החינוך ליגט אויסגעגאָסן אַ קללה. ער האָט מורא פאַר ליכט און זונענשיין. דער ועד־החינוך איז געוואָרן די ירושה פון אַ צאָל מענטשן, וועלכע טראַכטן אַז דאָס איז זייער אייגנטום, און מיט דער גאַנצער קהילה האָט די ביוראָ אָוו עדיוקיישאָן נישט צו טאָן. טאָמער שרייבט אַמאָל איינער וועגן דעם הייסט עס אַז יענער האָט אין זינען די אינטערעסן פונעם כלל, אָבער ער זוכט צו געפינען אַ פּגם אין דעם אָדער יענעם מיטגליד פון דער ביוראָ. דער שרייבער פון די צײַלן איז נישט איינמאָל באַשולדיקט געוואָרן אין פּערזענלעכע אָנגרייפונגען.

וויל איך דאָ זאָגן, אַז עס איז אַבסאָלוט נישט ריכטיק. פּערזענלעך האָב איך נישט קיין מאָטיוון ווען עס איז אָנצוגרייפן, אין זייער פּריוואַטן לעבן ווינטש איך זיי דעם גרעסטן דערפאָלג. פון דעם מאָמענט אָבער ווי זיי רירן זיך צו צו קהלשע אַרבעטן ווערן זיי דינער פונעם כלל און זיינען דעם כלל שולדיק אַ חשבון פון זייערע מעשים. ווי נאָר זיי ווערן עוסקים בצרכי צבור דאַרף עס זיין באמונה, פאַר די אינטערעסן פונעם כלל. זייערע כלל־לייסטונגען דאַרפן זיין נאָר פאַר די אינטערעסן פונעם כלל, קיין פּערזענלעכע קולטן טאָרן נישט גע־

דאַכט ווערן. קוים רייסט זיך אַריין אַ פּערזאָנען־קולט אין אַ קהלשער אינסטיטוציע איז עס געצנדינסט, און מער פון אַלץ טאָר אַ ביוראָ פון יידישער דערציאונג נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ געצנדינסט־טעמפּל.

אין דעם היגן ועד־החינוך האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַזאַ גייסט, אָבער, בעסער געזאָגט, אַזאַ אומגייסט. נישט נאָר דענקט דער טשער־מאַן אַז ער איז אומפעלבאַר, נאָר אויך די מערסטע מיטגלידער פון ועד־החינוך האָבן זיך איינגערעדט אַז זיינען אומפעלבאַר און זיינען דעריבער צו קיינעם נישט פאַראַנטוואָרטלעך. נישט נאָר האַלטן זיי די גאַנצע קהילה אין דער פינצטער, נאָר אויך דעם קאָונסיל אַליין.

מעגלעך אַז אַלע וואָס זיינען פאַרטראָטן אין דער ביוראָ זיינען אין זייערע פּריוואַטע לעבנס דערפאָלגרייכע מענטשן, זיי קענען זיין אין זייער פּריוואַט לעבן גרויסע געשעפטסלייט, דערפאָלגרייכע פאַב־ריקאַנטן, אויסשטייענדע אַדוואָקאַטן, געאַכטעטע רבנים א.ד.ג. די אַלע אויסגערעכנטע פּראָפעסיעס גיבן זיי אָבער נישט די פעאיקייט צו זיין גוטע מחנכים. צו זיין אַ דערציער איז אַ געוויסע ספּעציאַליטעט, און כאָטש עס איז נישט אויסגעשלאָסן אַז אַ געשעפטסמאַן, אַ פאַבריקאַנט, אַן אַדוואָקאַט, אַ רב, אָדער אַ שמש, זאָל קענען זיין אַ דערציער. דאָס זיינען אָבער אויסנאַמען. עס האָט אַבסאָלוט נישט קיין אַנווענדונג אויף דעם כלל געשעפטסלייט, אויף דעם כלל פאַבריקאַנטן, אויף דעם כלל אַדוואָקאַטן און אויף דעם כלל רבנים.

דער היגער ועד־החינוך איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון מענטשן נישט ווייל זיי האָבן אַ שייכות מיט דערציאונג, נאָר פּשוט ווייל זיי זיינען דערפאָלגרייך אין זייערע פּריוואַטע געשעפטן, אָדער האָבן „הויף"־פאַרבינדונגען. און מעג דאָ געזאָגט ווערן, טאָמער גע־פינען זיך אין דעם ועד־החינוך אַ פּאָר פון די מיטגלידער וואָס קענען האָבן אַ בעסערן באַגריף פון דערציאונג ווי דער דורכשניטלעכער גע־שעפטסמאַן, לעבן מיר אָבער אין אַזאַ געזעלשאַפט וואָס אַ רב מוז אַמאָל, קעגן זיין אייגענעם ווילן, גיין אין חדר אַריין און אונטער־דריקן זיין אייגענע מיינונג, אָדער צופּאַסן זי צו דער פון זיינע בעלי־בתים, און דעריבער קען אַזאַ גייסטיק קינד ווי אַ ועד־החינוך אַרויס־קומען גייסטלאָז, אַ חולה הרוח, אָן לייב און לעבן.

* * *

האָט זיך ביי אונדז אין שטאָט געקאָכט וועגן דער ביוראָ. עס זיינען אָפגעטאָן געוואָרן מעשים תעתועים. ווי עס זעט אויס, האָט זיך דעם באַפּעסטיקטן, און פון דזשאָדזש האלצער געזאָלבטן, טשערמאַן, געוואָלט זיין דער איינציקער ביים רודער און ער אַליין זאָל רודערן די סורוויי־שיף, אין וועלכער ד״ר דושקין האָט זיך געזאָלט שיפן.

אין מאָנאָט פעברואַר פון הייניטיקס יאָר איז דער סורוויי מיט מזל געמאַכט געוואָרן. דער באַריכט פון ד״ר דושקין געפינט זיך שוין דאָ באַלד אַ דריי חדשים און אויף דער יידישער גאַס איז שאַ־שטיל, קיי־נער ווייסט נישט אַז אַזאַ סורוויי איז געמאַכט געוואָרן. דאָס הייסט, ווייסן ווייט מען יאָ, נאָר קיין באַריכט הערט מען נישט.

די מענטשן פון דער ביוראָ דענקען אָפּנים אַז דער סורוויי־באַריכט איז זייערע אַ פּריוואַטע אנגעלעגנהייט. נישט נאָר האָט עס נישט צו טאָן מיט דער גאַנצער קהילה פון לאָס אַנדזשעלעס, נאָר עס האָט אַפילו נישט קיין שייכות מיטן קאונסיל אַליין.

דער אינהאַלט פון דעם באַריכט בלייבט אַ געהיימער סוד, אַפילו נישט אַלע מיטגלידער האָבן אים געלייענט. געלייענט האָבן אים נאָר אַ פּאָר פּריווילעגירטע מיטגלידער, און דער אינהאַלט איז בלויז אַ געהיימניש פאַר די פּאָר הויף־מענטשן פון דער ביוראָ. ווי מען גיט איבער, איז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק די פראַגע אַרויפגעבראַכט געוואָרן אויף אַ מיטינג פון דעם קאונסיל. דער „אייביקער סעקרעטאַר״ האָט אָנגעגעבן אַז מען קען אים נאָך נישט אַנטפּלעקן ביז די ביוראָ־מענטשן וועלן אים נישט דורכשטודירן.

טשאַרלס בראַון, וועלכער איז געווען טשערמאַן פון יענעם מיטינג, האָט באַהויפּטעט אַז דער רעפּאָרט פון דעם סורוויי איז נישט דאָס אייגנטום פון דער דערציאונגס־ביוראָ, נאָר עס באַלאַנגט צום גאַנצן קאונסיל און צום גאַנצן כלל, וועלכער האָט פאַר דעם זיך געלאָזט קאָסטן גוט געלט. די פראַגע איז אויך אַרויפגעבראַכט געוואָרן אין דער ביוראָ אַליין. געוויסע מיטגלידער האָבן געפאָדערט אַז דער באַ־ריכט זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן. די מערהייט אָבער איז באַשטאַנען אַז די צייט איז נאָך נישט געקומען פאַר דעם. לעצטע וואָך איז ביים קאונסיל ווייטער אַרויפגעבראַכט געוואָרן די פראַגע פון דעם סורוויי־באַריכט, און אייזעק פּעכט, דער טשערמאַן פון דעם סורוויי, האָט גע־

ענטפערט אַז דער גאַנצער באַריכט, אָדער אַ טייל פון דעם באַריכט, וועט ערשט פאַרעפנטלעכט ווערן אין אַ מאָנאַט אַרום. דער תירוץ איז געווען אַז עס זיינען דאָ בלויז אַ פּאָר עקזעמפּלאַרן פונעם באַריכט און געוויסע מענטשן דאַרפן אים פריער דורכשטודירן.

ערשטענס, שטעלט זיך די פראַגע: ווען מען האָט אויסגעגעבן אַזויפיל געלט אויף דעם סורוויי, פעלט אויס געלט פאַר אַ מאָלטיגראַף אָדער פאָטאָ איבערדרוקן? עס איז אַ הינקעדיקער תירוץ. און ווי עס וואָלט זיך נישט געוואָלט קיינעם חושד זיין, פאַרבלייבט אָבער אַלץ אַ חשד אַז דער באַריכט, ווי ער שטייט און גייט, איז די „לייטנדע גייסטער״ פון דער ביוראָ נישט צום האַרצן. דער עצם־זאָג פון טייל־ווייזער פאַרעפנטלעכונג איז שוין אַן אָנוואונק פון אַ צענזורירטן באַ־ריכט, און אויב עס איז רעכט צו צענזורירן דעם באַריכט, וואָס קען דאָ אָפּהאַלטן אויך פון רעדאַקטירן אים?

עס איז שוין כמעט אַ גאַנץ יאָר ווי די ביוראָ אָוו דזשואיש עדיו־קיישאָן איז אין אַ פּאַראַליטישן צושטאַנד. פון קיין גרויסע אויפטו־אונגען האָט מען נישט געהערט. מען האָט געוואַרט אויף דעם באַריכט פון ד״ר דושקין. דער באַריכט איז שוין דאָ אַ לאַנגע צייט — פון וועמען באַהאַלט מען אים? אין וועמענס אינטערעסן איז עס אַז מען זאָל עס האַלטן בסוד? פילט גאַרנישט די ביוראָ קיין פאַראַנטוואָרט־לעכקייט צו קיינעם? דער סורוויי־פּלאַן איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן אין דעם היגן ועד־הרבנים, ביי איינעם פון די ראַביניקאַל אַסעמבלי מיטינג אזי דער פּלאַן אויפגעקומען. און אויב איך מאַך נישט קיין טעות, האָט מ״ר קאַרפּ פאָרגעשלאָגן אַז אַזאַ סורוויי זאָל געמאַכט ווערן פון קאונסיל. דער קאונסיל האָט אויף דעם באַשטימט געלט און דער קאונסיל האָט דעם רעפּאָרט געדאַרפט האָבן פריער פון אַלעמען.

דער עצם־געדאַנק פונעם סורוויי איז דאָך אַרויסגעקומען צוליב דעם וואָס די ביוראָ האָט פאַר איין אורזאַך אָדער אַן אַנדערער נישט געקענט ריכטיק פונקציאָנירן. די ביוראָ איז קראַנק געווען און איז נאָך איצט קראַנקער. דער קאונסיל האָט גערופן אַ דאָקטאר, אַ ספּעציאַ־ליסט, דער קאונסיל דאַרף פריער אויסהערן די רעקאָמענדאַציעס, נישט דער חולה, וואָס קען נישט שטיין אויף זיינע פיס. טאָ ווי קומט עס וואָס די ביוראָ, דער חולה אַליין, האָט איבער דעם מער צו זאָגן ווי

דער קאונסיל ? דער קאונסיל איז פאַראַנטוואָרטלעך צו די יידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטעלן צוזאַמען דעם קאונסיל. פאַרוואָס באַהאַלט מען עס פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס ? נו, און וואו זיינען די רבנים ? זיי, מער ווי אַלע, האָבן דאָך געדאַרפט זיין פאַראינטערעסירט אין יידישער דערציאונג — פאַרוואָס שווייגן זיי ? זיי זיינען דאָך געווען די איניציאַטאָרס פון אַ סורוויי און זיי האָבן אַממערסטן געדאַרפט זיין פאַראינטערעסירט אין באַריכט — פאַרוואָס זיינען זיי אַזוי אינדיפערענט און פאָדערן נישט די פאַרעפנטלעכונג פונעם באַריכט ? מוזן דען אַלעמאָל די רבנים זיך לאָזן שפּייגען אין פּנים פון געוויסע תקיפע בעלי־בתים ? ווי אַזוי קענען די קאָמאַנדירן צו זיי פון דעם גרויסן עולם דעם אמתן רעספּעקט, דעם אמתן דרך־ארץ וואָס זיי קומט ווען זיי פירן נישט אויף מיט ווירדע, ווי עס פּאַסט פאַר שטאָלצע מדריכים פון פאָלק ?

די באָרד אָוו ראַבאַיס האָט זיך דאָך לעצטן יאָר אַליין אָנגעשפּיגן אין פּנים, נאָכדעם ווי עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעקאָמענדאַציע פון פערצן רבנים איבער דעם אָנגעוויזענעם ענין ביורא און עס איז אומגעוואָרפן געוואָרן פון אַ פּאָר רבנימלעך, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן פאַר זייערע בעלי־בתים, וועלכע פירן די ביורא ביד רמה . . . אויב די אינטערעסן פון איין רב גייען קעגן דעם באַשלוס פון פערצן רבנים — צו וואָס די גאַנצע קאָמעדיע פון אַ באָרד אָוו ראַבאַיס, אויב זיי ווילן אַז מען זאָל צו זיי האָבן צוטרויען, דאַרפן זיי פאָדערן דעם באַריכט און ערלעך דיסקוטירן אים אויף זייערע מיטינגען. זיי, די רבנים, זיינען אויך פאַראַנטוואָרטלעך צום פאָלק. יידישע דערציאונג באַלאַנגט צום כלל און נישט צו אַ פּאָר וואָס ווייסן נישט וועגן דעם מאי דקאמרי רבנן . . .

* * *

נאָך מער טוט עס ווי ווען מען פאַרגלייכט עס מיט די פירונגען פון אַנדערע שטעט. אָט ליגט פאַר מיר איצט אַ באַריכט פון נאָך אַ סורוויי איבער יידישער דערציאונג אין דער שטאָט אינדיאַנאַפּאָליס. דאָרטן הייסט עס נישט „בוירא אָוו דזשואיש עדיוקיישאָן“, נאָר „דזשואיש עדיוקיישאָנאַל אַסאָסיאיישאָן“. דאָרטן האָט דעם סורוויי געמאַכט

איש עדיוקיישאָן. דאָרטן איז דער סורוויי געמאַכט געוואָרן אין פריי־לינג, שפּעטער ווי עס איז דאָ געמאַכט געוואָרן, און דאָרטן ווערט עס מיט שמחה פאַרעפנטלעכט אין דער פאָרמע פון באַצאָלטע אַדווערטייז־ד״ר לעאָ ל. האנאר, דער דירעקטאָר פון דער שיקאַגאָר ביוראָ אָוו דזשו־מענטס אין דער דאָרטיקער „דזשואיש פאָסט״.

פאַר מיר ליגן צוויי סעריעס פון דעם באַריכט, איינע געדרוקט יוני דעם 30טן און די צווייטע — יולי דעם 7טן. עס ווערט אויך אַד־ווערטייזט אַז אַ קאָמפּלעטן טעקסט פון דעם סורוויי קען מען באַקומען ווען מען וועט עס פאַרלאַנגען. עס איז אָן אָפּענער דאָקומענט. מען האָט עס דאָרטן נישט אָוועקגעלייגט אין דער „גניזה״. יעדער וואָס וויל עס לייענען קען עס באַקומען פריי. אָט וואָס עס ווערט דאָרטן געזאָגט:

„ד״ר האנאר און ד״ר גרינוואַלד האָבן באַזוכט אונדזער שטאָט עטלעכע מאָל. זיי האָבן אונטערערעדט מיט אַלע רבנים. זיי האָבן געהאַלטן עטלעכע קאָנפערענצן מיט יידישע פירער פון אונדזער קהילה. זיי האָבן באַזוכט די טעגלעכע שולן פון דער דזשואיש עדיוקיישאָנאַל אַסאָסיאיישאָן" אַזוי גוט ווי די זונטיק־שולן, האָבן עקזאַמינירט די קינדער פון די העברעאישע שולן. זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען מיט די לערער, זיי האָבן שטו־דירט די קוריקולא, דעם סדר־הלימודים, און אויסגעפאָרשט די מעגלעכקייטן. אין פרילינג פון 1944 האָט ד״ר האנאר אריינגע־געבן דעם באַריכט, אַנאַליזירנדיק די סיטואַציע און געמאַכט קאָנ־קרעטע פאָרשלאָגן. דער רעפּאָרט איז אַל־איינשליסנד און נעמט אריין אַלע פאַזן פון די אַרבעטן, אָפּגעטאָן געוואָרן דורך דער דזש. אי. איי."

ווייטער ווערט געזאָגט:

„כדי די יידישע דערציאונגס־אַסאָציאַציע זאָל קענען האָבן די מיינונג פון דער גאַנצער יידישער קהילה, האָט זי פאַרבעטן אַלע פירנדע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט, אַז זיי זאָלן אויסוויילן קאָמיטעטן צו שטודירן דעם באַריכט, זיי זאָלן עס אינטערפּרע־טירן און רעקאָמענדירן געוויסע אַקציעס צו דער באָארד פון יידי־שער דערציאונג."

נאָך דעם גייט אַ צעטל פון די דאָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען פאַרבעטן געוואָרן. די נעמען זיינען דאָ פאַר אונדז נישט וויכטיק. אין דער זעלבער באַצאָלטער מודעה קומען די רעקאָמענדאַציעס וואָס די אַלע קאָמיטעטן פון די אָרגאַניזאַציעס האָבן צו דעם איינגעשטימט.

אַזוי טוען אַנדערע לייטישע שטעט. מען שעמט זיך נישט מיט אַ סורוויי־באַריכט, מען באַהאַלט עס נישט אין חדרי־חדרים, מען גיט עס איבער צום דעת־הקהל. ביי אונדז אין שטאָט אָבער האָט מען עס מורא צו ווייזן פאַר דער ליכטיקער שיין און מען לאָזט עס איבער אין די הענט פון לויטער גרויסהאַלטער, מ״ר פּוסט, מ״ר ליידיק, מ״ר לער און די הערן שווייגער. ווי לאַנג נאָך וועט מען לאָזן צו אַזאַ צושטאַנד? ווי לאַנג?

יולי 21, 1944.

# דער עם־הספר און דאָס ספר

## (אין שייכות מיט דער יידישער בוך־וואָך דאָ אין שטאָט)

עס זיינען ביי אונדז אַלעמאָל דאָ מקוננים, פּעסימיסטן, און זעען שטענדיק חורבן און אונטערגאַנג בנוגע דער אַלגעמיינעד יידישער צו־קונפט און נאָך מער ווען עס קומט צום יידישן בוך. געוויס איז עס אמת אַז די מערכה פונעם יידישן בוך איז נישט גאָר קיין פאַר־שפּרעכנדע. געוויס גייען אַרום די מחברים פון יידישע ביכער מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. נאָך איידער דער יידישער מחבר האָט זוכה גע־ווען אַז זיין בוך זאָל דערשיינען, האָט ער דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום. ווען ער האָט שוין צוזאַמענגעקליבן זיינע עסייען, דער־ציילונגען, אָדער לידער, האָט אים געדרייט דער קאָפּ ווי אַזוי די גע־קליבענע כתבים אַרויסצוגעבן אין בוך־פאָרם.

דער יידישער פאַרלעגער איז כמעט ווי אָפּגעשטאָרבן. דער מחבר דאַרף אַליין אַרויסגעבן זיין בוך אויף זיין אייגענעם חשבון, און ווער עס האָט נישט די עטלעכע הונדערט דאָלאַר וואָס עס קאָסט אַזאַ בוך

אַרויסצוגעבן מוז ער, אָדער דאָס געלט באָרגן, אָדער עס אָרגאַניזירט זיך אַ קאָמיטעט פון אָנגעזעענע מענטשן אין שטאָט, וועלכער שאַפט אַביסל וואַסער אויף קאַשע. דעם גרעסטן טייל פון די קאָסטן דאַרף דער אָרעמער מחבר אַליין צוטראָגן, און, ס׳פאַרשטייט זיך, עס קומט אים אָן מיט גרינע ווערים. און נישט איינמאָל טרעפט אַז דאָס בוך דערזעט שוין די ליכטיקע וועלט בלייבט דער מחבר שולדיק דעם דרוקער, דעם איינבינדער און גוטע פריינט, וועלכע האָבן אים אויסגעליען אַ גרויסן טייל פון די אויסגאַבן.

ווען אַ יידישער מחבר קומט צו דעם באַנקעט, וואָס דער גאָר חשובער קאָמיטעט האָט פאַר אים אַראַנזשירט, איז ער פאַרביטערט און איז אונטער אַ גרויסער משא פון שווערע חובות. נאָכדעם ווי אנשי שם לויבן דעם מחבר אין הימל אַריין, פאַלט ער ערשט אַריין אין אַ יאוש — ער זעט פאַר זיך אַ באַרג מיט ביכער, וועלכע וועלן ביי אים פאַרנעמען זיין הויז און עס וועלן אויף דעם נישט זיין קיין קונים, ווייל דער עולם לייענט ווייניק. דער „סופליי״ איז גרעסער ווי דער „דע־מענד״ און נישט איין מחבר לאָזט זיך אַרויס איבערן לאַנד, ווי די אַמאָליקע „פעכאָטנע״ מוכרי ספרים, מיטן פעקל אויף דער פלייצע, און גייען פון שטאָט צו שטאָט, פון הויז צו הויז, אָפּצוזעצן זייער סחורה.

ווען מען באַטראַכט אָבער דעם ענין פון אָן אַנדער ווינקל, קען מען שוין גאָר נישט זיין פעסימיסטיש. עס זיינען דאָ אַלעמאָל צוויי זייטן צו אַ מטבע. מעג זיך דער ביכער־מאַרק זיין אַ געהרגעטער, שרעקט עס דאָך נישט אָפּ די אַלע וועלכע האָבן אַ נייגונג צו שרייבן און יידישע ביכער קומען אַרויס, להכעיס אַלע מכשולים, אין גאָר גרויסע צאָלן. געוויס איז דאָ אויך מעקענע צווישן דער גרויסער ביכער־שפע, עס זיינען אָבער דאָ קערנדיקע ספרים, וועלכע זיינען געשריבן מיט גרויס טאַלאַנט.

נישט נאָר דערשיינען וואָגיקע יידישע ביכער אין צפון־ און דרום־אַמעריקע, וואו די מלחמה האָט נאָך נישט דערוויזן צו דערדריקן דעם מענטשן, סיי מאַטעריעל און סיי גייסטיק, נאָר אַפילו אין ענגלאַנד, וואו דער קריג האָט זיך באַוויזן מיט אַלע אַכזריותן, האָט עס דאָך נישט באַוויזן צו דערדריקן דעם יידישן גייסט. און עס דוכט מיר אַז עס האָט געשאַפן דאָס פאַרקערטע. עס האָט פאַרשאַרפט דעם יידישן

ווילן און דעם יידישן דראַנג צו בלייבן געטריי די באַצייכענונג פון — עם הספר.

נישט לאַנג האָב איך געלייענט אַז דורכן יאָר תש״ב (1941־2) זיינען אין ענגלאַנד אַרויס אַ גאַר גרויסע צאָל יידישע ביכער און פיל פון זיי פון גאַנץ גרויסן ווערט. דאָ טאָרן מיר נישט פאַרגעסן אַז אונדזערע מחברים שרייבן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. אַ סך ביכער זיינען די לעצטע יאָרן אַרויס אין ענגליש מיט יידישן אינהאַלט. וועגן העברעאיש איז דאָך אָפּגערעדט. ארץ־ישראל, וועלכע איז כמעט ווי באַלאַגערט און אַלץ איז דאָרט אָנגעשטרענגט און אָנגעשפּיצט אויף דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה, הערט דאָרטן נישט אויף אויף איין מינוט אַפילו די שאַפונג פון וואָגיקע ווערק, וועלכע קריגן אַן אָפּזאָץ אויך ביי אונדז אין אַמעריקע. געוויסע העברעאישע ווערק, וועלכע ווערן געשאַפן אין ארץ־ישראל, דרוקן זיך לעצטנס אין אַמעריקע.

איך וויל דאָ נישט אויסרעכענען די אַלע אויסגאַבן, וועלכע זיינען לעצטן יאָר דערשינען אין די הויפּט־שפּראַכן וואָס יידן באַנוצן זיך מיט זיי. איך וויל דאָ בלויז אונטערשטרייכן אַז מיר זיינען אַן עם־הספר, מיר גיבן אַרויס ספרים אונטער די ערגסטע אומשטענדן. עס איז בלויז שלעכט מיט דעם אָפּזאָץ פונעם ספר, און כאָטש אין פּראָפּאָרציע האָבן מיר מער מחברים ווי וועלכעס עס איז אַנדער פאָלק פונעם זעלבן גרויס און כאָטש מיר בלייבן בעלי־חובות אין דער אַרויסגעבונג פון ביכער, האָט נאָך דערוויל אונדזער פאָלק צוליב דעם נישט אָנגעזעצט. סוף־כל־סוף ווערן די חובות געסיליקט און אונדזער פאָלק פאַרבלייבט מיט גייסטיקע עשירות און פערלדיקע אוצרות. אָרעמקייט איז נישט קיין שאַנד. דאָס יידיש פאָלק פאַרמאָגט אָרעמע מחברים אָבער רייכע אין גייסט.

איך ווייס נישט און איך וויל זיך נישט אונטערנעמען צוזאָגן אַז די דורכשניטלעכע מענטשן ביי די אומות העולם לייענען מער ביכער ווי עס ווערט אין דורכשניט געלייענט ביי יידן, און ביי זיי פעלט דאָך נישט אויס קיין פאַרלעגער פון גרויסן פאַרנעם, וועלכע האָבן אַ צו־טריט צו די גרעסטע פּובליקאַציעס אין לאַנד, וועלכע זיינען נישט קאַרג אין גינסטיקע איבערזיכטן, און אַ גאַר גרויסע צאָל ביכער פון די „בעסט סעלער״ ווערן טאַקע אויך געקויפט פון יידישע לייענער. און

וואָס אָנבאַלאַנגט דער צאָל יידן, וועלכע קויפן יידישע אָדער העברע־אישע אויסגאַבן און אַפילו ענגלישע אויסגאַבן מיט יידישן אינהאַלט, זיינען זייערע בוך־אַלמערס אָנגעפילטע.

איך וויל אַז מיר זאָלן נישט פאַראורטיילן די גוטע לייענער אינ־איינעם מיט די וואָס לייענען נישט אינגאַנצן. געוויס דאַרפן מיר זען אַז אונדזער ביכער־מאַרק זאָל זיך אַרויסהייבן פונעם שטייענדן זומפּ. אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט אונדזער ראָלע פון אַן עם־הספר קען מען עס פון אונדז בשום אופן נישט אַוועקנעמען. מיר האָבן די סופרים און מיר האָבן דאָס ספר. אונדזער אויפגאַבע דאַרף זיין דאָס ספר אַרויסצור־פירן אין דער עפנטלעכקייט און אָנטפּלעקן עס צו דעם גרויסן יידישן עולם. דאָס ספר דאַרף אַרויסגענומען ווערן פון דעם רשות־היחיד, פונעם פּריוואַטן רשות, און עס דאַרף אַריינגעגעבן ווערן אין דעם רשות־הרבים, מען מוז דאָס ספר אַריינטראָגן אין פאָלק. מיר מוזן מאַכן וואָס מער דעמאָנסטראַציעס מיטן בוך, מיר מוזן האָבן אָפטע ביכער־אויסשטעלונגען, און ווען מענטשן קומען און זעען די ביכער מיט זייערע אייגענע אויגן, נעמט זיי אָן אַ חשק איינצושאַפן זיך דעם אָדער יענעם ספר.

מיר דאַרפן האָבן גאַנץ אָפטע „ביכער־וואָכן" און צוזאַמענקונפטן, וואו עס וועט וועגן בוך גערעדט ווערן פון מענטשן וואָס וייסן און פאַרשטייען די עובדה פון איבערגעבן אויף אַ געהעריקן אופן די טע־מאַטיק און דעם תמצית פון געוויסע ביכער, און אַמאָל טאַקע אויך לאָזן די מחברים אַליין ריידן פון זייערע שאַפונגען.

איך דענק דעריבער, אַז די „קאָנפערענס אָוו דזשואיש עדיוקיי־שאַנאַל פּראָבלעמס" טוט גאָר אַ גוטע זאַך וואָס זי פּאַנגט אָן די „יידישע בוך־וואָך" מיט אַ פיינעם מיטינג, וועלכער וועט פאָרקומען אין האָליוואוד. ווי מען גיט איבער, ווערט פאַר יענעם פרימאָרגן פאָר־באַרייט אַ גאָר פיינע פּראָגראַם. איינער פון די רעדנער אין ענגליש איז אוירווינג פיינמאַן, וועלכער האָט צו זיין קרעדיט אַ סך ביכער פון יידישן אינהאַלט. ער רעדט אויף דער טעמע „דהי אָלד בוק ענד דהי ניו", דאָס מיינט דאָס נייע בוך און דער תנ"ך. עס רעדט אויך דער באַרימטער שריפטשטעלער לאורענס ליפּטאָן, וועלכער האָט אויך אַ צאָל ביכער צו זיין קרעדיט. זיין טעמע איז „טעל איט אין גאטה",

„זאָגט עס אין גאַס". די יידישע רעדנער זיינען פּרץ הירשביין און ה. רויזנבלאַט, וועלכע ריידן וועגן די נייעסטע יידישע שאַפונגען. וועגן דער העברעאישער שאַפונג רעדט אין העברעאיש ראַביי בערנאַרד קאָהען און מ"ר אבן, דער וואָס האָט די אויפזיכט אויף דער יידישער און העברעאישער אָפּטיילונג אין דער היגער פּאָבליק לייברערי.

די דערמאָנטע קערפּערשאַפט האָט זיך שוין באַרימט געמאַכט מיט אירע קאָנפערענצן. פיל פון אונדז געדענקען נאָך גוט די „קאָנפע־רענץ איבער יידישע דערציאונגס־פּראָבלעמען און אַקטיוויטעטן" דעם לעצטן יוני. די קאָנפערענץ האָט זיך אויסגעצייכנט, סיי מיט דעם באַזוך פון אָרגאַניזאַציע פּאַרטרעטער און סיי מיט דעם גרויסן באַזוך פון דעם אַלגעמיינעם עולם. אַלע געסט־רעדנער האָבן געהאַט עפּעס וואָגיקעס צו זאָגן און דער עולם האָט עפּעס אַרויסגעטראָגן. עס איז דעריבער צו האָפן אַז דער אָנפאַנג מיטינג פון דער „יידישער בוך־וואָך" וועט שטיין אויף אַ געהעריקער הויך און דער יידישער עולם וועט צו דעם אַרויסווייזן אַ וואַרעמע באַציאונג. אין ניו־יאָרק איז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק אויך אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַזאַ קאָנפערענץ מיט גרויס דערפאָלג. אַגב איז ווערט צו באַמערקן אַז אויסער די דערמאָנטע רע־דעס וועט אויך זיין אַ ביכער־אויסשטעלונג און געוויס וועלן זיך דאָרטן געפינען די נייעסטע אויסגאַבן אין די דערמאָנטע שפּראַכן. יעדער לייענער, סיי די וואָס לייענען יידיש און סיי די וואָס לייענען העברעאיש, אויך די וואָס לייענען ענגליש, וועלן דאָרטן זען די ביכער, וועלכע זיינען זיי נאָענט צום האַרצן. לאָמיר אַלע מיטהעלפן אַזעלכע אונטערנעמונגען. ווען מיר וועלן עס טאָן אָפט און מאַכן די אונטער־נעמונגען אינטערעסאַנט, וועלן מיר אויך האָבן נישט נאָר אַ פאָלק פון ספר און ניט דעם ספר אַליין, נאָר אויך אַ גאָר גרויסע צאָל יחידים, וואָס וועלן ווערן חובבי הספר, און דאָס וועט שוין אויך די סופרים דערמוטיקן און אַלע אונדזערע מחברים אַרויסרופן פון זייער נישט גאָר געהויבענער לאַגע און טרויעריקע שטימונגען.

נאָוועמבער 28, 1942.

י. ש. נאומאָוו

# פּאַריתומט...

ביי אונדז אין שטאָט איז פאַרגעקומען דער קלימאַקס פון דעם קינדערשן זעלבסט־פאַרלייקענונג חודש. איך גלויב אַז עס איז נישט נייטיק צו דערקלערן פאַרן ברייטן עולם וואָס דאָס מיינט. לויט דעם אָרעמען באַזוך אַפילו קען מען מיט זיכערקייט דרינגען אַז דער גרוי־סער עולם ווייס זייער ווייניק וועגן דעם. ס׳וואָלט זיך אָבער נישט געוואָלט גלויבן אַז אונדזער יידישע באַפעלקערונג איז אַזוי פאַרטעמפּט און פאַרשטיינערט, אַז זיי ווייסן נישט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, ווייל, וואָלט עס אַזוי טאַקע געווען, האָבן מיר געדאַרפט אַרונטערבייגן אונדזער קאָפּ מיט שאַנדע און אויסשרייען: בושנו מכל עיר! מיר שעמען זיך פאַר יעדער שטאָט!

וואָס איז דאָ פאַרגעקומען? יידישע קינדער איבערן גאַנצן לאַנד האָבן אַוועקגעגעבן פאַר אַ גאַנצן מאָנאַט דאָס קליינגעלט, די פּעניס, וואָס זייערע עלטערן האָבן זיי געגעבן צו קויפן קאָנפעקטן. קליינע שול־קינדער האָבן מקריב געווען זייערע פאַרגעניגנס פאַר אַ גאַנצן חודש צו קאָנסאָלידירן זיך מיט זייערע קינדער־ברידער, וועלכע ווערן אַזוי אַכזריותדיק געפּייניקט פון די בעסטיאַלישע היטלעריסטן.

אין אַלע גרויסע שטעט איבערן לאַנד האָבן זיך די קינדער אויך באַטייליקט אין טרויער־ און פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען. אין ניו־יאָרק, אין שיקאַגאָ און אַנדערע שטעט האָבן נישט נאָר אָנטייל גענומען אין דעם גאָר גרויסע צאָלן קינדער, נאָר אויך גרויסע זיינען אויך געקומען מיטצוטרויערן און מיטצופּראָטעסטירן. עלטערן פון קינדער האָבן זיך צוגעהערט צו דעם האַרץ־קלאַפּ פון זייערע קינדער וואָס האָט זיך פאַר־אייניקט און צונויפגאָגאָסן מיט די האַרץ־קלאַפּעניש און האַרץ־אַנגסטן פון זייערע אומגליקלעכע שוועסטער און ברידערלעך פון דעם גרויסן שחיטה־הויז, וואָס הייסט קאָנטינענטאַל אייראָפּע.

אונדזערע קינדער דאָ אין שטאָט האָבן אויך געטאָן זייער פליכט. זיי אויך האָבן מקריב געווען זייערע פאַרגעניגנס לטובת זייערע אומ־גליקלעכע קרובימלעך. זיי אויך זיינען מיט ציטער אין זייער האַרצן געקומען אויסצודריקן זייער מיטגעפיל מיט די געפּייניקטע. דאָס האָט

זיך געקענט אָנזען אויף די קינדערשע פּנימער, סיי די וואָס זיינען פאַר גאַנצע צוויי שעה געשטאַנען אויף דער בינע (וואָס דאָס איז שוין אַליין אַ גרויס אָפּקומעניש פאַר קינדער), סיי די וועלכע זיינען געזעסן אויף די בענקלעך אין טעאַטער. אויף זייערע פּנימער האָט מען געקענט זען דעם סימפּאַטישן אויסדרוק און דעם צער און צאָרן, וואָס האָט זיך אָנ־געקליבן אין זייערע הערצלעך.

זיצנדיק אין טעאַטער, צוקוקנדיק ווי פיין די קינדער האָבן זיך געהאַלטן און ווי געלונגען זיי האָבן דורכגעפירט דעם פּראָגראַם, איז מיר מיין האַרץ פאַרגאַנגען מיט רחמנות, נישט נאָר פאַר די אומשול־דיקע קרבנות, די תינוקות של בית רבן, וואָס ווערן געפייניקט טאָג־טעגלעך פון די היטלעריסטן אין אייראָפּע, נישט נאָר איז מיין העפ־טיקער פּראָטעסט און ביטערער צער געגאַנגען פאַר די הונדערטע דער־וואַקסענע יידן, וואָס שטאַרבן דאָרטן אויף קידוש השם מיט אַזויפיל ווירדע און גבורהשן מוט, נאָר עס האָט מיר נאָך מער ווי געטאָן אויף די דערוואַקסענע יידן ביי אונדז אין שטאָט.

איך האָב געטראַכט: פאַרוואָס זיינען די טעאַטער־שטולן ליידיק ? וואו זיינען די עלטערן פון די קינדער ? און וואו זיינען די קינדער פון די עלטערן וועלכע זיינען אויך נישט געקומען צוזאַמען מיט דער נישט־גרויסער צאָל קינדער, וועלכע זיינען יאָ געקומען ? פאַרוואָס קלאַפּן נישט די הערצלעך פון די אַוועקגעשטאַנענע קינדער און פון זייערע יידישע עלטערן אין האַרמאָנישער אייניקייט אין דעם גרויסן פאָלקס־טרויער ? צוקוקנדיק צו די פיל ליידיקע שטולן האָט אין מיר מיין האַרץ געוויינט אויף דער גרויסער גלייכגילטיקייט פון מיינע ברידער דאָ אין שטאָט, וועמען עס לעבט זיך גוט אַפילו אין דער בלוטיקסטער פון אַלע מלחמות. גוואַלט געשריען — יידן, וואו זייט איר ! ?

ווי גרעסער דאַרף נאָך זיין די קאַטאַסטראָפע אַז עס זאָל אייך אַרויסרייסן פון אייער אַפּאַטיע, אַרויסרייסן אייך פון אייער לעטאַר־גישן שלאָף ? וואָס פאַר אַ נאָך גרויסע אומגליקן דאַרפט איר האָבן אַז עס זאָל אייך אויפטרייסלען בכדי אַז אייערע הערצער זאָלן אָנהייבן פולסירן אין שותפותדיקער אבלות מיט די פון די קליינע קינדער, וועל־כע האָבן דערפילט זייער פאָלק־צער ?

קינדער פון פּראָטעסטאַנטישע און קאַטוילישע שולן זיינען גע־

## י. ש. נאומאַוו

קומען אויסדריקן זייער מיטגעפיל אויף דעם גרויסן צער וואָס מיר האָבן. זייערע וואַרעמע סימפּאַטישע ווערטער זיינען אָבער אַרויסגע־זאָגט געוואָרן פאַר אַ גאַר קליינער צאָל מענטשן און פאַר אַ גאָר גרויסער צאָל ליידיקע שטולן וואָס האָבן געשיינט מיט אייער אָפּ־וועזנהייט.

וואו זייט איר געווען, אַלע יידן פון לאָס אַנדזשעלעס ? וואו זיינען געווען אונדזערע רבנים, די אַלע מחנכים, די קאָכלעפל, די אַלע וואָס היצן זיך און רעשן זיך איבער קהלשע ענינים און קענען זיך נישט אָנזעטיקן מיט כבוד ? וואו זייט איר געווען אַלע „יקירי קרתא״, איר אַלע קאַרפּן־קעפּ פון אונדזער שטאָט ?

איז דאָך אויסער וואָס עס איז געווען אַ טרייסט צו זען ווי אונ־דזערע קינדער פון די פאַרשיידענע שולן און לער־אַנשטאַלטן רופן זיך אָפּ אויפן צער פון אונדזער פאָלק, איז דאָך אויך געווען אַ געלעגנהייט צו זען וואָס אונדזערע קינדער דערגרייכן אין אַלע דערציאונג־אַנ־שטאַלטן. דער גאַנצער טרויער־צערעמאָניאַל איז דאָך דורכגעפירט געוואָרן פון אונדזערע קינדער, האָבן דאָך די לערער דאָ אַריינגעטאָן אַ סך אַרבעט, און אין דער איצטיקער צייט, ווען עס איז שווער צו ברענגען די קינדער אויף באַסעס, האָבן דאָך די לערער געדאַרפט זוכן פּריוואַטע מאַשינען צו ברענגען די קינדער.

וואו איז אייער אַלעמענס אינטערעס ? פאַרוואָס לאָזט איר עס איבער צו אַנדערע ? וואָס עס טוט נאָך מער וויי איז, וואָס די פּראָגראַם איז אַזוי ערנסט שיין דורכגעפירט געוואָרן.

אין דער פּראָגראַם האָבן אָנטייל גענומען קינדער פון דער סאָטאָ סטריט פאָלק־שול, קינדער פון דער סיטי טערעס פאָלקס־שול, קינדער פון די אַרבעטער רינג שולן, קינדער פון דער פעירפעקס קאמיוניטי שול, פון דער לאָס אַנדזשעלעסער ישיבה, פון דער טעמפּל בית־אל שול, פון דער ביאַליק שול, פון ספרדישער קהילה־שול, פון דער וועסט עדעמס קאמיוניטי שול. מיט דעם קינדער־כאָר האָט אָנגעפירט דער באַוואוס־טער מוזיקער יעקב וויינשטאָק, און מען מוז זאָגן אַז ער האָט אויפגע־טאָן אַ גרויסע אַרבעט. ער האָט דאָך געדאַרפט איינשטודירן אַ קינדער־כאָר פון אַזויפיל דערציאונגס־אַנשטאַלטן, און עס איז גאָרנישט אַזוי

גרינג אַרויסצוקריגן, פון צוזאַמענגעוואָרפענע קינדער פון פאַרשיידענע שולן, אַ סימפּאָניע פון האַרמאָנישער גאַנצקייט.

דער חזן גלאַדסטאָן פון דער בריד סטריט שול האָט זייער האַרציק געזונגען „רחל מבכה על בניה". עס איז געווען אימפּרעסיוו און יידיש־נוסחדיק אויסגעהאַלטן.

די קינדער וואָס האָבן געהאַט באַזונדערע אויפטריטן האָבן זיך אַלע שיין אויסגעצייכנט. ברכה וויינטרויב פון דער פּעירפּעקס קאַמיוניטי צענטער שול האָט זייער פיין פאָרגעטראָגן ביאַליקס „על השחיטה". בן־עמי פון דער היגער ישיבה האָט שיין געלייענט שלום אַשס „קינה על פּוילן. צ. בלעק, ס. לעוועטער, ס. אַדלער און פּ. סטיין, פון די אַרבעטער רינג שולן, האָבן שיין דורכגעפירט די פּאָעמע „מיר וועלן זיין". סאַלי באָכנער פון דער סאָטאָ פּאַל־שול האָט זייער האַרציק פאָרגעטראָגן „מיין פאָלק, מיין פאָלק". פון דער בית־אל שול, האָט די שילערין ברענדאַ לערנער פאָרגעטראָגן אין ענגליש „איף דהאַו וואודסט נאָו". אַזוי האָט אויך טרעפלעך דעקלאַמירט מעלווין סטאַוור־סקי „סאָנג אָוו מאַי פּיפּל" פון דער ביאַליק שול. קאַפּיטלעך תהלים און תפלות פון האָפענונג זיינען געלייענט געוואָרן פון אסתר קריספּין פון דער ספרדישער קהילה, אין העברעאיש, פון דזשיי אַקסעלראַד פון דער פּעירפּעקס שול, אין ענגליש, פון דוד פעלדמאַן פון דער ישיבה, אין העברעאיש. אַ תפילה פון חנה גאָלדנער פון דער סיטי טערעס פאָלק־שול, אַ קאַפּיטל תהלים פון סידני קוטין פון דער וועסט עדעמס קאַמיוניטע שול. אַ רעספּאָנסיוו תפילה בצבור פון אַלע אַנוועזנדע.

די צערעמאָניע פון אָנצינדן ליכט פון אַבילות איז געווען אייב־דרוקספול. זייער איינדרוקספול און פּאַטעטיש איז געווען דאָס מאַכן דעם „אל מלא רחמים" פון דעם יונגן בחורל א. סטאָון. עס איז געווען נוסחדיק יידיש און ווען ער האָט פון זיין קינדיש־מויל אַרויסגעוויינט די ווערטער „אשר נהרגו ונשחטו על קידוש השם" האָט זיך שטאַרק אָנגעהערט דאָס זיפצן און כליפּען פון אַלע אָנוועזנדע.

די באַגריסונגען פון מאַקסין וואַלדען פון דער פּראָטעסטאַנטישער רעליגיע שול, פון ראָבערט עמערע פון דער קאַטוילישער רעליגיע שול און פון אַרימאַ וואָלף פון דער דזשוניאָר אוקזילערי פון די בני־ברית, זיינען געווען האַרציק און איינדרוקספול.

## י. ש. נאומאָוו

עס האָבן האַרציק געדעדט חיים שאַפּיראָ, רבי בערנאַרד קאָהען, דער עדיוקיישאָנאַל דירעקטאָר פון דעם היגן קאָונסיל. עס האָט גע־רעדט סעמועל רייכלער, דער טשערמאַן פון דער סקול דיוויזיע פון דעם יונייטעד דזשואיש וועלפער פאָנד.

אימפּאָזאַנט איז געווען דער „טאַנץ פון האָפענונג", דורכגעפירט פון די הבונים און די השומר הצעיר יוגנט־גרופּן.

פון דעם גאַנצן עולם ווערט געלייענט אַ נדר אַז מיר וועלן נישט פאַרגעסן אונדזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים. מיר באַשליסן צו טאָן אַלץ אין אונדזער מעגלעכקייט צו היילן די וואונדן פון אונדזער פאָלק און מיר וולען העלפן רעאַליזירן די אידעאַלן, פאַר וועלכע די מלחמה ווערט אָנגעפירט.

רבי מאַקס ה. קערט בענטשט דעם עולם מיט דער ברכה „וברך" נאָכדעם ווי עס ווערן אָנגענומען די רעזאָלוציעס, וואָס ווערן געלעזן פון בוירטאַן הירש פון אָלימפּיק דזשואיש סענטער. דער מיטינג שליסט זיך מיט דער „התקוה". דער מיטינג איז אָנגעפירט געוואָרן פון גילבערט טהאָמפּסאָן פון דער פּעירפּעקס קאָמיוניטי שול.

איך האָב דאָ מיט אַ כיוון איבערגעגעבן די גאַנצע פּראָגראַם, צו ווייזן ווי אַזוי די קינדער און די לערער האָבן רעאַגירט אין אַזאַ פאַר אונדז טרויעריקן און ערנסטן מאָמענט. עס איז אַ פאַרדרוס וואָס מען האָט די קינדער, ווי שוין דערמאָנט, געלאָזט שטיין אויף דער בינע גאַנצע צוויי שעה. אין אַזעלכע אונטערנעמונגען קומען אַלעמאָל פאָר טעותן. מיר אַלע מאַכן טעותן און מיר לערנען דערפון. די פראַגע אָבער איז: וואו איז געווען דער גרויסער יידישער עולם, וואו זיינען געווען די מערסטע יידישע קינדער פון אונדזער שטאָט? מוז אַזאַ ערנסטע אונטערנעמונג זיין פאַריתומט? מוזן אונדזערע דורך צער אויסגעבריטע תפילות בלויז געזאָגט ווערן פון אַ פּאָר קאַרגע מנינים? יידן פון לאָס אַנדזשעלעס, פאַרטראַכט זיך!

יולי 2, 1943.

# קעמפּ קבוצה

אַ זשורנאַליסט איז אין דער בחינה פון אַ כירורג. פונקט ווי אַ כירורג שניידט איין מיט זיין שאַרף מעסערל אין אַן אומהיילבאַרער וואונד און זוכט זי אויסצושניידן, אַזוי איז אַמאָל אויך דער זשורנאַליסט געצוואונגען אַריינצושטעכן זיין פען אין אַ געזעלשאַפטלעכן וואונד און ראַדיקאַל עס אויסשניידן. אַמאָל טרעפט אַז מען מוז די פען טיף אַריינשטעכן און ווי טאָן געוויסע מענטשן. אַזעלכע אָפּעראַציעס אָבער זיינען נייטיק פון צייט צו צייט. אָבער צו זאָגן אַז עס גיט דעם ערנסטן שרייבער פאַרגעניגן עס צו טאָן, איז גאָר נישט ריכטיק. דער ערלעכער שרייבער וואָלט בעסער געוואָלט בויען ווי אַרונטעררייסן. עס איז אים מער ניחה צו טאָן קאָנסטרוקטיווע אַרבעט ווי דעסטרוקטיווע, כאָטש די אַרונטעררייסונג איז מיט אַן אבזיכט צו בויען. עס פרייט מיך דעריבער צו שרייבן וועגן אַן ענין וואָס איז דורכאויס קאָנסטרוקטיוו און אמת גוצלעך, און דאָס איז וועגן דעם „הבונים קעמפּ קבוצה״.

נישט קיין סך פון אונדזערע לייענער בפרט און אונדזערע יידן פון לאָס אַנדזשעלעס בכלל זיינען באַקאַנט מיט דער העכסט וויכטיקער אינסטיטוציע וואָס הייסט „קעמפּ קבוצה״ און ליגט כמעט ווי אונטער זיין נאָז. עס וואָלט דעריבער געווען פון העכסט וויכטיקן אינטערעס אַז דער יידישער עולם דאָ אין שטאָט זאָל זיך מער באַקענען מיט דער דערמאָנטער אינסטיטוציע, מיט אירע אויפטואונגען און מיט דעם פּערסאָנאַל וואָס פאַרוואַלטעט אים:

דער דערמאָנטער קעמפּ איז נישט גלאַט אַ זומער־קעמפּ פאַר יידישע קינדער, וועלכע קומען צו פאַרווילן דאָרטן דורכן זומער און הנאה האָבן פון די קאַנטרי־לופט און די פאַרשיידענע פאַרווילונגען וואָס די באַטרעפנדע קעמפּס גרייטן פאַר זיי צו. די מערסטע פון די קעמפּס, וועלכע געפינען זיך אין די מזרח־שטאַטן, זיינען פריוואַטע אונטערנעמונגען און די קינדער זוכן מערסטנס אַרויסצושלאָגן זייערע אייגענע בענעפיטן. ווען דאָס קינד פאָרט פון דאָרטן אַוועק בלייבט עס צו דעם באַטרעפנדן קעמפּ נישט צוגעבונדן, ווייל דער קעמפּ האָט דעם

קינד עפּעס ספּעציפישעס נישט געגעבן. דערפאַר אָבער זיינען די „קעמפּ קבצות" אינגאַנצן אַנדערש. זיי זיינען זומער־קעמפּס פאַר פאַרוויילונג, זיי זיינען אָבער אויך אמתע דערציאונגס־אַנשטאַלטן אויף אַ גאַר גרויסן מאַסשטאַב. נישט נאָר דינען זיי פאַר פאַרוויילונג און דערהאָ־לונג, נאָר זיי זיינען אויך הכשרה־פּונקטן, וואו די קינדער באַקומען אַן אמת חלוצישע צוגרייטונג.

איינער פון די קעמפּס איז דער „הבונים קעמפּ קבוצה" פון לאָס אַנדזשעלעס. דער קעמפּ איז אין איינעם פון די שענסטע געגנטן אַרום לאָס אַנדזשעלעס. ער געפינט זיך אין „גרין וועלי", דריי טויזנט פוס איבערן ים־פלאַך, און די בערג, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די פאַר־טרעפלעך שיינע לאַנדשאַפט וואָס רופט זיך „בוקיי קעניאָן" און גע־פינט זיך פינף און פופציק מייל פון לאָס אַנדזשעלעס. דער קעמפּ פאַרמאָגט אַ שטח פון פערציק אַקער לאַנד, וואָס ווערט באַשאָטנט פון פאַרשיידענע וואַלד־ביימער און סעדער. דער קעמפּ פאַרמאָגט אויך אַ גרויסן שטח פון קולטיווירט לאַנד פאַר אַגריקולטורעלער עקספּע־רימענטאַציע, מיט וועלכע די לענדער גיבן אָפּ. דער קעמפּ איז אָפן און נעמט אַן קינדער פון צען ביז אַכצן יאָר. פאַרשטייט זיך, די קינדער ווערן נישט אויפגענומען סיידן זיי באַקומען די צושטימונג פון דעם קעמפּ דירעקטאָר אָדער פאַרוואַלטער.

דער „קעמפּ קבוצה" איז געגרינדעט געוואָרן פון דער היגער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, ווי: די פּועלי־ציון־צעירי־ציון, דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, די חלוצות, די לייבאָר־ליגעס און די הבונים. דאָס אַליין איז שוין אַ גאַראַנטיע אַז דער קעמפּ האָט זיך נישט געגרינדעט צוליב די פּראָפיטן פון יחידים.

דער „קעמפּ קבוצה" ווערט אויך וואַרעם געשטיצט פון דער אָר־גאַניזאַציע „פריינד אָוו די הבונים".

דער קעמפּ איז קודם־כל געגרינדעט געוואָרן מיט אַן אויסזיכט און דער באַטאָנונג פון געבן די יידישע קינדער אַן אמת־יידישע דערציאונג, איינצופלאַנצן אין זיי די אמת־יידישע אידעאַלן, ליבע צו זייער פאָלק, ליבע צו ארץ־ישראל און אמתע ליבע צו דער גאַנצער מענטשהייט.

וואָס איז אייגנטלעך די פּראָגראַם פונעם קעמפּ ? דאָס ערשטע — אין די קינדער איינצופלאַנצן דעם אַמעריקאַנישן לעבנס־וועג, אַכטונג

צו אַלע ראַסן, גלויבנס און פעלקער, גלייכהייט פון געלעגנהייטן און גלייכהייט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייטן.

צווייטנס, דערציאונג און באַקענונג פון יידישע ווערטן און די וויכטיקייט פון קאָאָפּעראַטיוון צוזאַמענלעבן וואָס איז איינע פון די שענסטע דערגרייכונגען אין אונדזער ציוויליזאַציע. מען דערציט די קינדער פאַר זעלבסט־אַרבעט. אַלע אַרבעטן וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין קעמפּ ווערט געטאָן פון די קינדערשע הענט. מען דערציט דאָס קינד אויף די וועגן פון זעלבסט־הילף. קיין זאַך ווערט נישט געטאָן פון געדונגענע הענט פאַר דעם קינדערשן פאַרברויך. די אַלע גרינסן וואָס ווערן אין דעם קעמפּ קאָנסומירט ווערן געפלאַנצט און פאַרפאַרטיקט פון די קינדערשע אייגענע הענט. אַלץ קומט דאָרטן פאַר אויף אַ וואָ־לונטאַרער באַזע. אַפּילו די לערער קריגן נישט באַצאָלט.

אין קעמפּ ווערט געלערנט תנ״ך, אַלטע און נייע יידישע געשיכטע. דער קעמפּ פאַרמאָגט אַ קונסט־אָפּטיילונג אין גונסטן פון די פאַרשיי־דענע קונסט־נוווגונגען פון די קינדער. מען לערנט דאָרטן יידיש און העברעאישע פאָלקסלאָריסטיק, אַזוי אויך די פאָלקלאָרן פון אַנדערע פעלקער. די קינדער לערנען זיך זינגען און טאַנצן און לעבן זיך זייער שיין אויס ליטעראַריש און געזעלשאַפטלעך. דאָס שענסטע דערפון איז וואָס די קינדער האָבן זייער אייגענעם קאונסיל און פירן דורך אמתע הכשרה־אַרבעט אונטער זייער אייגענער און דעם לערערס אויפזיכט.

דער קעמפּ איז געבויט און פירט זיך לויט די מוסטערן פון די קבוצות אין ארץ־ישראל. מען טיילט זיך איין אין דער אַרבעט און אויך מיטן געלט, מען פּרואווט נאָכצוקומען ווי ווייט מעגלעך דעם מאָדעל פון דער ארץ־ישראלדיקער קבוצה. און מעגן עס די עלטערן, וועלכע שיקן זייערע קינדער אין דעם „קעמפּ קבוצה״ און אויך די וואָס האָבן בדעה צו שיקן זייערע קינדער אין אַ זומער־קעמפּ, וויסן, אַז דאָרטן הערשט אַן אמת ארץ־ישראלדיקער גייסט און פילע וועלכע קומען אַהין דערפילן עס גלייך.

דעם ספּעציפישן ווערט פון דעם יידישן שבת, די „שבת מלכותא״, „די פּרינצעסין שבת, ווי היינע האָט עס באַזונגען, האָט איצט צוריק גענומען באַהערשן די יידישע אינטעליגענץ. נישט לאַנג איז שאול טשערניכאָווסקי, און אַ גרויסע צאָל אַנדערע יידישע שרייבער אין

ארץ־ישראל, אַרויסגעקומען מיט אַ ווענדונג צו דער יידישער אינטעליגענץ, אַז זיי זאָלן זיך צוריק אומקערן צום שבת. אַפילו די פּאַרשטייער פון דעם השומר הצעיר, וועלכער איז אָנגעשטעקט מיט רוסיש־קאָמוניסטישע טענדענצן, האָבן אויך אַפּעלירט אַז דער שבת אַלס אַ רו־טאָג זאָל רעספּעקטירט ווערן פון יעדן איינציקן.

אין דער „צוקונפט“ פון יוני, איז אַרויסגעקומען דער געלערנטער בונדיסט, א. מענעס, מיט אַ ווענדונג צו דער יידישער אינטעליגענץ, אַז זיי זאָלן זיך צוריק אויסלעבן אין די יידישע גייסטיקע ווערטן, זיי זאָלן אָנהאַלטן די יידישע שבתים און ימים־טובים. ערשט לעצטע וואָך איז אַרויס א. ס. ליריק אין „יידישן קעמפער“ און אַפּעלירט אויך צו דער יידישער אינטעליגענץ צו פאַרהיטן די יידישע גייסטיקע ווערטן און צוריק אויפצולעבן די יידישע שבתים און ימים־טובים. אין דעם „קעמפּ קבוצה“ ווערט עס, צו אַ גרויסן גראַד, שוין לאַנג געטאָן.

דערציילט מיר מיינער אַ חבר, וועלכען האָט לעצטן יאָר פאַרבראַכט אַ „וויק ענד“ אין קעמפּ. ער זאָגט מיר אַז די אַרבעט פון אויפהאַלטן דעם קעמפּ וואָלט בלויז געווען צוליב די פּרייטיק־צו־נאַכטן, צוליב דעם „עונג שבת“, וואָס ווערן דאָרט אַלע פּרייטיק־צו־נאַכטס דורכגעפירט, וואָלט די גאַנצע מי ווערט געווען. דער פּרייטיק אָוונט האָט אים אַזוי גייסטיק דערהויבן, אַז ער וועט עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אַזעלכע גייסטיקע אָוונטן קויפט מען נישט פאַר געלט. עס דאַרף זיין די אַטמאָספערע אויף וועלכער איז אויסגעוואַקסן געוואָרן דער גייסט פון שבת. עלטערן דאַרפן עס וויסן און זיי דאַרפן אויך געדענקען אַז די קינדער קריגן עס נישט אין זייערע היימען. זיי דאַרפן אויך געדענקען אַז די פּרייטיק־צו־נאַכטסן און זייערע צערעמאָניאַלן פון גייסטיקער דערהויבונג לאָזן אין די קינדער אַ רושם וואָס וועט קיינמאָל פון זייער זכרון נישט אויסגעמעקט ווערן. די שמועסן וועגן דעם ווערט פון שבת, די געגאַנגען בציבור קריצן זיך איין אין דעם קינדערשן זכרון, וואָס וועלן אויף אייביק נישט פאַרגעסן ווערן.

צוליב דער מלחמה ווערן די קינדער געלערנט די קונסט פון סיגנאַלן און אויך די אַרבעט פון קאַמאָפלאַזש, אויך די זאַמלונג פון דעם נויטיקן „סקרעפּ“. אין זיי ווערט איינגעפלאַנצט אַ פליכט צו זייער לאַנד און זייערע מיטמענטשן.

יוני, 1943.

# אויף אַ גליטשיקן וועג

ווען פרומע יידן האָבן זיך אַלעמאָל, אין אַן עת־צרה, פאַרלאָזט אויף גאָט אַליין און פאַר זייערע אויגן איז געווען אויסגעקריצט מיט פייערדיקע ווערטער די פראַזע פון „אל תבטחו בנדיבים" — פלאָזט זיך נישט אויף גוטע מענטשן, איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון זייער שטאַרקער אמונה אין גאָט, וועלכער איז אַ כל־יכול. ביי גאָטלאָזע, מאָדערנע סאָציאַליסטן איז דער „אל תבטחו בנדיבים", נישט אַן אויס־גאַנג פון אמונה, נאָר אַ פונדאַמענטאַלער עיקר פועם סאָציאַליסטישן אמת. ס'איז דער קאַרדינאַלסטער פרינציפּ פון דער דעמאָקראַטישער פרייהייט און גלייכהייט. אין אַ סאָציאַיסטישער געזעלאַפּט טאָר די תקיפישע נדיבות גאָרנישט אַרויפקומען אויף די ליפּן.

נישט נאָר טאָר דער טערמין נדיבות נישט אַרויפגעבראַכט ווערן אויף די ליפּן, ווייל עס איז אַ באַצייכענונג פון שוואַכערע און שטאַר־קערע אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, נאָר דער באַגריף אַליין איז אַ ברוך אין דעם עיקר העיקרים אין אַ אידעאַלן שטאַט. אַפילו יענער הומאַניטאַרער געזעץ פון „חקה אחת יהיה לכם ולגר ולאזרח הארץ" — איין געזעץ פאַרן אַלט־געזעסענעם און פרעמדן — איז גע־געבן געוואָרן צו אַ נאָר־וואָס באַפרייט פאָלק פון אונטער דער רוט פון מוראַדיקער פאַרשקלאַפונג. עס איז טאַקע דערביי באַמערקט געוואָרן: געדענקט אַז איר זייט אַליין געווען פרעמדע אינעם לאַנד מצרים. אַ פאָלק וואָס איז געווען איינגעזונקען אין שקלאַפעריי פאַר יאָרן האָט מען געמוזט געבן אַזעלכע סאָציאַלע געבאָטן.

אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אָדער אַפילו אין דער פאַר־גרייטונג צו אַזאַ געזעלשאַפט, איז דער איין געזעץ פאַר דעם גר און דעם תושב אַ באַליידיקונג און אַ ברוך אין דעם עצם־באַגריף סאָציאַ־ליזם. פאַר דעם זעלבן טעם זיינען אַ סך אָרטאָדאָקסישע סאָציאַליסטן געווען קעגן דער שאַפונג פון אַן אייגן יידיש לאַנד. זיי זיינען געווען אונטערן איינדרוק, אַז עס איז אַן אַבסורד צו דענקען אַז עס קען גע־מאָלט זיין אַ וועלכער עז איז הבדל צווישן ייד און קריסט און אַ סאָ־ציאַליסטישער געזעלשאַפט. גלייכהייט אָן אונטערשייד פון ראַסע און

רעליגיע איז דער שלוס, דער הויפט־שטיין פון סאָציאַליסטישן פונדאַ־מענט. נעמט אַרויס דעם שטיין, פאַלט איין די גאַנצע געביידע.

ווען די יידישע קאָמוניסטן און אַפילו אַזעלכע יידן, ווי ראובן ברייניך, ווייזן אונדז אָן וועגן דער נדיבות פון סטאַלינען, אַז אַנטי־סעמיטיזם אין רוסלאַנד ווערט געהאַלטן אין דער רעגירונגס־צוואַנג, איז עס די טיפסטע באַליידיקונג פאַר אמתע סאָציאַליסטן. די יידישע קאָמוניסטן און זייערע נאָכשלעפּער פּילן גאָרנישט ווי זיי שפּייען זיך אַליין אין פּנים. מיט דעם אַליין גיבן זיי צו אַז נישט אַלץ איז גלאַט אין די גרענעצן פונעם ראַטנלאַנד. אָבער זעט, זאָגן זיי: „אין רוס־לאַנד זיינען קיין פּאָגראָמען נישטאָ.״ דערמיט אַליין צייגן די יידישע קאָמוניסטן אַרויס זייער מינדערווערטיקייט, און ווי זיי וואָלטן גע־זאָגט: על פּי דין קומט דאָך אונדז פּאָגראָמען, אָבער דורך סטאַלינס נדיבות האָבן מיט עס נישט, דעריבער דאַרפן מיר קאָמוניסטן און אַלע יידן זינגען דעם גרויסן סטאַלינען אַ הלל הגדול.

ווען עס טוט עס אַזאַ ייד ווי ראובן ברייניך, איז ער דאָך זיין גאַנץ לעבן געווען בלויז אַ לעבלעכער ליבעראַל און איז אַלעמאָל געווען אַ בוטח בנדיבים. אָבער ווען אַזאַ ייד ווי ד״ר זשיטלאָווסקי, וועלכער איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, פאַלט אַרונ־טער צו דער מדרגה פון אַ בוטח בנדיבים, איז עס שוין אַ ברוך אין דעם עיקר העיקרים פונעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם.

עס האָט מיר באמת וויי געטאָן צו לייענען ד״ר חיים זשיטלאָוו־סקיס אַרטיקל „היטלער אָדער סטאַלין״, אינעם „טאָג״ פונעם 14טן מערץ.

ווען סטאַלין ווערט קריטיקירט און אַמאָל ציניש אַרונטערגעריסן איז עס דערפאַר, ווייל אמתע סאָציאַליסטן ווערן אויפגעשוידערט פון פּראָוואָצירטע משפּטים און הורטאָוונע שחיטות אויף די בעסטע קינדער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע בפרט און פון דער איבערשטייגונג פון איוואַן דעם שרעקלעכנס מעטאָדן אין דער רעפּרעסיע פון אַלע די, וואָס זיינען דורך מיאוסער מסירות און פּראָוואָקאַציע אַריינגעוואָרפן גע־וואָרן אין קאַזעמאַטן און קאָנצענטראַציע־לאַגערן בכלל. עס איז אַ ווייטאָג־אויסגעשריי פון מענטשן וואָס האַלטן פון סאָציאַלער מאָראַל. עס איז דער ביטערער פאַרצווייפלונג־אויסגעשריי פון די פאַרביטערטע

און טיף־פאַרוואונדעטע הערצער, ביי וועמען דער „לא תרצח" איז דער קווינט־עסענץ פון מענטשלעכער מאָראַל. נישט נאָר פילן עס אַזוי אמתע סאָציאַליסטן, נאָר אויך אַלע יידן, וועלכע שוידערן אויף פון אַ קין־טאַט. אין זייערע אויגן קלינגען די ווערטער: „קול דמי אחיך צועקים אלי!" עס איז אָבער קיין אמתן סאָציאַליסט, אָדער וועלכן עס איז ייד, קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו ציען וועלכן עס איז פּאַראַלעל פון „היטלערן אָדער סטאַלינען".

אַזאַ מין פּאַראַלעל קען נאָר געבוירן ווערן אין דער קראַנקער פאַנטאַזיע פון אַ קראַנקן מענטשן. דעריבער איז טאַקע דער פּאַרדרוס גרויס ווען אַזאַ אומלאָגישער פּאַראַלעל און נאָך מיט אַ וואָרנונג צום יידישן פאָלק קומט פון דער פען פון ד״ר ח. זשיטלאָווסקי.

עס איז, דוכט מיר, נישטאָ דער ייד וואָס זאָל נישט מיט ווייטאָג אין האַרצן לייענען וועגן היטלערס אַ וועלכן עס איז דערפאָלג. יעדער קליינער שריט פאָראויס אין דער פאַרווירקלעכונג פון היטלערס טייוול־שע פּלענער רייסט ביי יעדן יידן אַרויס אַ שטיק האַרץ. עס איז נישטאָ, דוכט מיר, דער ייד וואָס זאָל נישט וועלן זען היטלערס מפּלה. נישט נאָר איז היטלער אַליין דערווידער יעדן אמתן יידן, נאָר זיין גאַנצער נאַציזם איז די פאַרקערפּערונג פונעם יידישן מלאך הדומה, פון יידישן אונטערגאַנג, פון יידישן חורבן.

סטאַלינס מעשים ווערן באַווייזט און פאַראַכטעט. דער פּרינציפּ אָבער, וועלכן ער פאַרטרעט (לייען צעטרעט), אָדער ער פּרעטענדירט צו פאַרטרעטן, ווערט פון מיליאָנען מענטשן פאַרגעטערט. היטלער און זיינע פּרינציפּן זיינען דער סם־המות פון יעדער פרייהייט און יעדער רעכטדענקענדער מענטש זוכט זיין אונטערגאַנג. די גאַנצע יידישע פּרעסע, וועלכע קריטיקירט סטאַלינס מעשים, האָט קיינמאָל, אין קיין מאָמענט, נישט אָנגעמערקט, אַז דערפאַר וואָס סטאַלין איז אַן אַכזר זאָל רוסלאַנד דערפאַר אַרונטערפאַלן אונטער היטלערס הער־שאַפט. נישט נאָר האָב איך עס אין ערגעץ נישט אָנגעמערקט, נאָר עס איז פּשוט אַן אַבסורד צו דענקען אַז אַזא געדאַנק זאָל וועמען עס איז אַרויף אויפן זינען. אַזאַ זאַך האָט טאַקע נישט פּאַסירט. ביי ד״ר זשיטלאָווסקין אין קאָפּ ווערט אַזאַ פאַנטאַזיע געשאַפן, וועלכע איז אַ

## י. ש. נאומאָוו

### בלבול און אַ מסירה אויף דער יידישער פּרעסע און דעם יידישן פאָלק.

לאָמיר אָבער לאָזן ריידן זשיטלאָווסקין אַליין:

„וואָס דאַרף זיין אונדזער שטעלונג אין דער געשאַפענער לאַגע? און מיט „אונדזער“ מיין איך קודם־כל אונדזער שטעלונג, ווי יידן. וועלן מיר ווידער ווערן „פּראָ־דזשוירמען“ ווי אַמאָל, אין דעם וועלט־קריג?

אַפּילו גאָר אַ טראַכט טאָן צו טאָן עפּעס אַזוינס איז אין פולג די ריינסטע משוגעת. „פּראָ־דזשוירמען“? „פּראָ־היטלער“? אָבער — ציט־אויף: אין אונדזער משוגענער צייט איז קיין משוגעת נישט אויסגעשלאָסן. הערט זיך צו צו די שטימען פון אונדזער פּרעסע וועגן ראַטנלאַנד. האָט אונדזער פּרעסע שוין אין תוך נישט דערקלערט דעם קריג דעם גאַנצן ראַטנלאַנד מחמת דעם סטאַליניסטישן רעזשים? איז נישט סטאַלין אַנשטאָט היטלערן דערקלערט געוואָרן „דער שונא פון דער מענטשהייט, נומער איינס?“ עס איז נישט ווייט דערפון דער צאָרנדיקער איינשטעל „אַ מצוה אויף אים!“

און ווען שוין אַביסל איינגעצוימט אונדזער צאָרן, קען אונדזער שטעלונג ווערן אַזאַ: „מיר זיינען קעגן יעדן אַגרעסיוון קריג. אָבער סוף־כל־סוף איז דאָך דאָס אַ קריג פון איין דיקטאַטאָר אַנטקעגן דעם אַנדערן. וואָס זאָלן מיר זיך רייסן דעם פעלץ פאַר דעם טריאומף פון דעם אָדער יענעם דעספּאָט? איז דען נישט סטאַלין די זעלביקע זאַך וואָס היטלער?“ און פאַר די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן איז דאָך שוין לאַנג בדוק ומנוסה, אַז איידער סטאַלין, איז שוין גלייכער — און נאָך אָי, ווי גלייכער! —טאַקע אַ היטלער.

אַזאַ איינשטעל וואָלט פון אונדזער יידישער זייט געווען די גרעסטע משוגעת, דער גרעסטער פאַרראַט פון אונדזערע פאָלקס־אינטערעסן. אָבער אונדזער פּרעסע מיט זיך, אין איר פאַנאַטישער פאַרבלענדעניש, צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר אים.

איז גראָד איצט די צייט צו וואָרענען:

— די וועלט־פּאָליטיק ווערט אַלץ מער און מער געטריבן צו

# געזאַמלטע שריפטן

דער אַלטערנאַטיווע: היטלער אָדער סטאַלין. קיין אַנדער אויס־וועג זעט זיך נישט. נייטראַל בלייבן אין אַט דעם וועלט־היסטאָ־רישן קאָנפליקט קענען מיר נישט. אויב מיר האָבן די אינטערעסן פון אונדזער פאָלק אין אויג, מוזן מיר איצטער זיין נישט נאָר אַנטי־היטלער, נאָר אויך פּראָ־סטאַלין."

איך האָב מיט אַ כיוון געגעבן דעם לאַנגען ציטאַט, צו ווייזן אויף וואָס פאַר אַ ריזיקאַלישן וועג דער אַלטער ד״ר איז אַוועק. ערשטנס, איז נאָך נישט בדוק ומנוסה אַז אַפילו יידישע קאַפּיטאַליסטן וואָלטן וועלן זען אַז „איידער סטאַלין זאָל זיין היטלער." וואָס דער יידישער קאַפּיטאַליזם האָט געוואונען פון היטלערן איז אַ גוטער עדות דער משפּט פונעם יידישן שיפן־מאַגנאַט בערענשטיין. אמת, זיי גלייכן טאַקע סטאַלינען נישט, אָבער זיי וואָלטן נישט געוואָלט זען היטלערן אין רוסלאַנד. היטלער וואָלט דאָך דעם יידישן קאַפּיטאַליזם אין רוס־לאַנד נישט געבראַכט צו קיין תקומה. צווייטנס, וואו האָבן די יידישע צייטונגען אויסגעשפּראָכן אַזאַ וואונטש? דריטנס, איז ווי ד״ר ח. זשילאָווסקי זאָגט אַליין: „אַפילו גאָר אַ טראַכט צו טאָן עפּעס אַזוינס איז אין פלוג די ריינסטע משוגעת." דעריבער איז טאַקע אַ ווייטאָג וואָס דער ד״ר איז געקומען צו אַזעלכע משוגענע געדאַנקען, וואָס פאַר דעם דורכשניטלעכן מענטשן איז עס אַ פּשוטע מסירה, וואָס קען האָבן די טרויעריקסטע קאָנסעקווענצן פאַר די רוסישע יידן ווען עס קומט אָן צו דעם „נדיב" אַליין. אויב ד״ר זשיטלאָווסקי וויל נישט ווערן אַ „זקן אשמאי", זאָל פאַר אים שטיין פאַר די אויגן: חכמים הזהרו בדבריכם! עס ווילט זיך מיר גלויבן אַז דר זשיטלאָווסקי וועט שטאַרק חרטה האָבן אויף דעם דערמאָנטן אַרטיקל, סיידן ער וויל אַבזיכטלעך גיין אויף אַ גליטשיקן וועג און ווערן — אַ חכם להרע.

מאַרץ, 1938.

י. ש. נאומאָוו

# די יידישע פּרעסע אין לאָס-אַנגעלעס

אייגנלעך האָב איך געדאַרפט דעם אַרטיקל מיינעם אָנרופן: „די יידישע פּרעסע אין קאַליפאָרניע„, ווייל סאַן פראַנציסקאָ האָט אין דעם אויך אַ חלק. דעם גרעסטן חלק פאַרנעמט אָבער פאַרט לאָס אַנדזשעלעס. אַגב זיינען די צייטונגען, וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרן אין סאַן פראַנציסקאָ, אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט אַן אויג געווענדעט מערסטן צו דער יידישער לאָס אַנדזשעלעס. ווען סאַן פראַנציסקאָ האָט נאָך געהאַט מער יידן ווי לאָס אַנדזשעלעס זיינען אָבער די יידן פון לאָס אַנדזשעלעס געווען מער יידיש ווי די יידן אין סאַן פראַנציסקאָ.

סאַן פראַנציסקאָ האָט געהאַט איינגעזעסענע רייכע יהודים, וועלכע האָבן מיט יידישע צייטונגען נישט געהאַט קיין שייכות, און זיי האָבן זיך באַנוגנט מערסטס מיט „טשאַריטי פאַר טהעיר פּור ברעטהרען״ און זייער גאַנצער שייכות מיט איסט־אייראָפּעאישע יידן האָט גע־טראָגן דעם כאַראַקטער פון געבן הילף צו די אָרעמע קאָ־רעליגיאָניסטן. און כאָטש סאַן פראַנציסקאָ האָט שוין ביי היינטיקן טאָג אַ סך באַ־וואוסטזיניקע יידן, ליגט אָבער נאָך איצט אויף דער יידישער סאַן פראַנציסקאָ אָדער אַן אַסימילאַטאָריש־שווערער חותם פון יענע אָפּ־געפרמעדטע דייטשישע יהודים, וואָס זייער וועלט־אנשויאונג איז גע־ווען אַסימילאַציע אָדער ווי די מאָדערנע יידן פון דעם מין רופן עס אַן ביי היינטיקן טאָג מיטן נאָמען — אינטעגראַציע.

און דאָך, ווען ד״ר וואָרטסמאַן איז אין 1912 געקומען אין לאָס אַנדזשעלעס און האָט זיך באַקענט מיט די ביידע שטעט, האָט ער דאַן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס ערשטע יידישע וואָכנבלאַט אין סאַן פראַנציסקאָ. ד״ר וואָרטסמאַן האָט גוט געוואוסט, אַז די גרעסטע שטיצע פאַר דער צייטונג וועט סוף־כל־סוף דאָך קומען פון לאָס אַנ־דזשעלעס, סיי אין דער צאָל פון אַבאָנענטן און סיי אין ממשותדיקער פינאַנציעלער הילף. ער האָט אויך געוואוסט, אַז אין לאָס אַנדזשעלעס האָבן זיך אויך געפונען די נויטיקע מיטאַרבעטער. אין לאָס אַנדזשע־לעס האָבן זיך שוין דאַן געפונען יידן, וועלכע האָבן געקענט האַלטן אַ פען אין האַנט. דאָ האָבן זיך געפונען דוד גיסנעט, נח מישקאָווסקי,

יעקב גינזבורג, ד״ר ל. בלעס, פ. ריסקין, איך אַליין און נאָך אַנדערע. אַגב מוז דאָ דערמאָנט ווערן, אַז עס איז געווען נח מישקאָווסקי, וועל־כער האָט וואָרטסמאַנען אָנגערעדט צו קומען אַהער. וואָרטסמאַן איז אָבער אַהער געקומען מיט גאָר ווייניק געלט. יעדער סענט איז ביי אים געווען אַ געציילטער. מער פון אַלץ האָט ער געהאַט צייטונגס־דערפאַרנקייט, אויסדויער, עקשנות און אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד צו אָנגעשטרענגטער שווערער אַרבעט.

זאָל דאָ געזאָגט ווערן אַז כאָטש אַ סך פון יענע יידן האָבן גע־שטרעבט צו אַנטוויקלען די יידישע קולטור אין דער זוניקער קאַלי־פאָרניע, האָבן זיי דאָך דערוואַרט אַז פאַר זייער פען־אַרבעט זאָלן זיי באַקומען גרויסע האָנאָראַרן. וואָרטסמאַן האָט געוויסע פאָדערונגען נישט געקענט נאָכקומען און אַ סך קאָנטראַקטן זיינען צעריסן געוואָרן נאָך איידער די צייטונג איז דערשינען. ד״ר וואָרטסמאַן האָט דאָ גע־זוכט צו פאַרקויפן שערס, אָבער צוליב דער קליינזלדיקער צעריסנקייט פון יענער צייט זיינען די רעזולטאַטן געווען מיזעראַבעלע. וואָרטס־מאַן האָט מיט אַן אויג אויף דעם גאַנצן יידישן פאַציפישן ברעג גע־דענקט, אַז סאַן פראַנציסקאָ איז יענער פונקט וואָס וועט פאַרבינדן דעם דרום מיטן צפון פון דעם פאַציפישן ים־פּאַס.

אָנפאַנג יאָר 1913 איז דערשינען אין סאַן פראַנציסקאָ דער ערשטער נומער יידיש וואָכנבלאַט אונטערן נאָמען „די קאַליפאָרניער אידישע שטימע״. די ערשטע נומערן זיינען געווען אין גאָר קליינעם פאָרמאַט, 12 ביי 9. דערפאַר זיינען די ערשטע נומערן געווען גאָר געלונגענע, ווייל אין זיי האָבן, אויסער היגע שרייבערס, זיך אויך באַטייליקט יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי, ד״ר פאָרענבערג און אַנ־דערע באַוואוסטע שרייבער. ווען דער ערשטער נומער איז אָנגעקומען אין לאָס אַנדזשעלעס, האָבן אַ סך פון זיינע פריערדיקע פריינט און שפּעטערדיקע שונאים עס פאַרשריען אַלס פאַרזעענעש. דער געשריי איז געווען, אַז עס איז די גרויס ווי אַ תחינה, אַז עס איז נישט גענוג סאָציאַליסטיש, אַז עס איז צופיל ציוניסטיש, אַז עס איז דאָס און עפּעס אַנדערש, און עס טויג בכלל נישט. מען האָט עס אויך געמאָסטן מיט די יידישע וואָכנבלעטער פון ניו יאָרק — נישט רעכענענדיק זיך מיט די אָרטיקע באַדינגונגען. זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז צווישן די יידישע

קולטור־טוער דאָ אין שטאָט, כאָטש די צאָל איז געווען נישט צו גרויס האָבן זיך געפונען ציוניסטן, פועלי־ציון, סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַ־ליסטן אַנאַרכיסטן, בונדיסטן און, זאָל עס נישט קלינגען ווי אַ שפּאַס, אויך וועגעטאַריאַנער. יעדערער האָט געוואָלט אַז די צייטונג זאָל אויסדריקן איר פּלאַטפאָרמע. פאַרשטייט זיך, יעדערער האָט געזוכט דאָס, וואָס ער האָט נישט געקענט געפינען און נישט געדאַרפט געפינען.

וואָרטסמאַן איז אידעאָלאָגיש געווען אַ דעמאָקראַטישער ציוניסט. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער דעמאָקראַטישער פראַק־ציע, וואָס האָט זיך געגרינדעט ביי דעם ציוניסטישן קאָנגרעס. ער איז געווען אַן אָנהענגער און שטאַרקער פאַרטיידיקער פון טרייד־יוניאָניזם. אַלס צייטונגס־מענטש האָט ער געוואוסט, אַז אַ שטרענג פּאַרטייאישע צייטונג האָט דאָ נישט קיין שאַנסן. ער האָט געוואָלט אַ גוטע יידישע צייטונג, וואו אַלע ריכטונגען זאָלן קענען אַרויסזאָגן זייערע מיינונגען אויף אַ ריין ערנהאַפטן אופן. ער האָט געזוכט צו דערמוטיקן נייע טאַלאַנטן, פון וואָס פאַר אַ ריכטונג זיי זאָלן נישט קומען. יעדער יידישער פּאַרטיימאַן אין יענער צייט האָט געוואָלט האָבן אָדער גאָר אָדער גאָרנישט, און זיי האָבן דאָס אויסגעפירט. וואָרטסמאַנס אַפילן האָבן נישט געהאָלפן, זיי האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ טויבער וואַנט. נישט אַכטנדיק איז די צייטונג אַרויסגעגאַנגען אומאונטערבראָכן פאַר גאַנצע צוויי יאָר. זי האָט שוין געזאָלט פאַרוואַנדלט ווערן, מיט דער הילף פון אייניקע יחידים, אין אַ טעגלעכער צייטונג. די מלחמה האָט אָבער אויסגעבראָכן אין 1914 און גרויסע שוועריקייטן זיינען אַנט־שטאַנען און די „ק. א. ש." האָט אויפגעהערט צו דערשיינען.

איך האָב זיך הויפּטזעכלעך אָפּגעשטעלט לענגער אויף דער ער־שטער צייטונג ווייל דאָס איז געווען דער ערשטער און שווערסטער טראָט אויפן יידישן צייטונגס־וועזן אין קאַליפאָרניע, און כל התחלות קשות.

* * *

אין די 2 יאָר וואָס די צייטונג האָט עקזיסטירט האָט זיך דאָך אַ גרעסערע צאָל יידן גענומען אינטערעסירן מיט דער צייטונג, און נישט אַכטנדיק וואָס די צייטונג האָט אויסגעהויכט איר נשמה פון

צופיל פּאָקן און מאַזלען, האָט עס אָבער געשאַפן אַ וועג און אַ מעג־לעכקייט פאַר צייטונג־אויסגאַבן ביי אונדז אין שטאָט. איינער פון וואָרטסמאַנס גרעסטע טעותן איז געווען דאָס, וואָס ער האָט אָנגע־פאַנגען אַרויסצוגעבן זיין צייטונג אין סאַן פראַנציסקאָ. לאָס אַנדזשע־לעס האָט גענומען וואַקסן ווי אויף הייוון, און זי האָט ווייט אַריבער־געיאָגט די יידישע באַפעלקערונג פון סאַן פראַנציסקאָ, און דער עלע־מענט איז געווען אַ מער יידישער ווי דאָרטן.

אין יענער צייט האָבן זיך דאָ געפונען ב. קאָהן און ס. ראַסקין. זיי זיינען געווען יידישע סאָציאַליסטן. צוציענדיק אַנדערע צו זיך האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ וואָכנבלאַט, „דער פּראָגרעס". דער רעדאַק־טאָר איז געווען דער דיכטער מ. ח. לונער. זיין אידעאָלאָגיע איז געווען אַ בונדיסטישע, ער איז אָבער געווען אַ הייסער נאַציאָנאַליסט, און כאָטש אונדזערע אידעאָלאָגיעס זיינען געווען פאַרשיידן, האָבן מיר זיך דאָך ביידע גוט איינגעלעבט. און כאָטש די צייטונג האָט געטראָגן אַ סאָציאַליסטישן חותם, איז מיר דערלויבט געוואָרן צו שרייבן וואָס און ווי איך האָב געוואָלט. צוליב לונערס שוואַכן געזונט און דוחק אין פינאַנצן, האָט „דער פּראָגרעס" נישט מוציא שנתו געווען. אין 1918 האָבן אַב. ראַבינאָוויטש צוזאַמען מיט ראַסקינען דאָ געגרינדעט „די צייט". זיי האָבן צוגעצויגן ד״ר לעאָ בלעס, ב. קאָהן, אַהרן און חיים שאַפּיראָ. זי האָט אָבער לאַנג נישט געלעבט. עס זיינען פאָרגעקומען סכסוכים און רייבונגען צוליבן סאַנאַטאָריום. דער אַרויסגעבער איז געווען פאַרעקשנט. מען האָט געזוכט אַהער צו ברענגען וואָרטסמאַנען. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט צונויפריידן מיט די אַרויסגעבער און אַביסל שפּעטער נאָך זיין קומען אַהער האָט ער צוריק אויפגעלעבט „די קאַליפאָרניער אידישע שטימע". ער האָט צוגעצויגן דעם דרוקער ל. זעלענקין און ה. שמערלערן אַלס זיין געהילפס־רעדאַקטאָר. דער ערשטער נומער איז דערשינען אין מאַי, 1924.

נאָך אַ געוויסער צייט און דורך וואָרטסמאַנס ענערגישער אַרבעט איז „די קאַליפאָרניער אידישע שטימע" געוואַקסן, אָבער ווי אַלעמאָל זיינען דאָ אין דעם יידישן צייטונגס־וועזן מער „מבינים" און מער עצה־געבער ווי אַבאָנענטן. וואָרטסמאַן האָט זיך אַביסל אויסגעמאַ־טערט. ער איז געווען קעמפעריש און האָט נישט געשאַנעוועט קיינעם.

ער האָט זיך געמאַכט אַ סך שונאים. די היגע שרייבער האָבן פון דער צייטונג דערוואַרט מאַטעריעלע בענעפיטן און אַ וואָכנבלאַט אין דער פּראָווינץ, צו יענער צייט, האָט עס נישט געקענט דערווייזן. די צייטונג איז אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער פאַרקויפט געוואָרן צו י. גאָרין, וועלכער האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַ טאָג־צייטונג. דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 11טן דעצעמבער, 1927, און איז דערשינען אין אַ טאַבלאָיד־פאָרמאַט, אונטער דער רעדאַקציע פון א. וואָהלינער (לאַנדאַו).

די צייטונג איז געווען אַ וויכטיקע געשעעניש. עס האָבן זיך אָבער ווידעראַמאָל געפונען מער מבינים איידער לייענער. יעדע גרופּע האָט געוואָלט אַז די צייטונג זאָל בלויז איר רעפּרעזענטירן. מיר דוכט זיך, אַז דער לעצטער נומער פון דער טאָג־צייטונג איז אַרויס דעם 27טן יאַנואַר, 1928. די צייטונג איז צוריק געוואָרן אַ וועכנט־לעכע אויסגאַבע, און ס׳האָבן איר געניאַנטשעט פאַרשיידענע רעדאַק־טאָרן, ביז זי איז איבערגענומען געוואָרן פון א. באַביטש און ל. זע־לענקאָ, דעם 14טן אויגוסט, 1931. זי איז אַרויס אין טאַבלאָיד־פאָר־מאַט און האָט גענומען קריגן אַ פּנים. שפּעטער זיינען צוגעשטאַנען ס. גאַך און ל. האַדעס. די צייטונג האָט געהאַט יידישע און ענגלישע אָפּטיילונגען. אַ געוויסע צייט איז אויך געווען פאַרבונדן מיט דער צייטונג ש. עפּשטיין. שפּעטער איז די צייטונג אַריבער אינגאַנצן אונ־טערן רשות פון ס. גאַך. די צייטונג האָט געהאַט אַלס אירע רעדאַק־טאָרן דעם געלערטן ש. מ. מלמד, מ. ראַטענשטיין, ה. רויזענבלאַט, און איצט ווערט זי אָנגעפירט פונעם אַרויסגעבער אַליין. די צייטונג וואַקסט און געדייעט.

אין די 20־קער יאָרן האָט זיך דאָ געגרינדעט „די פּאַסיפישע פאָלקס־צייטונג" פון דער פּאַסיפישער קאָאָפּעראַטיווער פּרעס. דער רעדאַקטאָר איז געווען דער סאָציאַליסט יעקב גינזבורג. מיר דאַכט אַז זי איז געווען רעדאַקטירט פון אַ קאָלעגיום, צווישן וועלכע עס האָט זיך באַטייליקט י. פרידלאַנד. פאַראינטערעסירט אין דער צייטונג זיינען געווען פּיטער קאָהן, י. לעוויט, ד״ר ה. לעוויטאַן, חיים שאַפּיראָ, ל. האָפּמאַן, מייערס, סעם טאָק, י. הערמאַן, י. יאפע. די צייטונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן. זי האָט אָבער נישט

מאריך ימים געווען. דער רעדאַקטאָר האָט נישט געקראָגן קיין שכירות, און זי האָט זיך געמוזט צומאַכן.

* * *

צווישן די אַלע צייטונגען און זשורנאַל־שפּראָצונגען זיינען דאָ געווען גאָר פיל וואָס האָבן געהאַט דעם שיקזאַל פון דעם „קיקיון דיונה", יונהס ריצנבוים. זיי האָבן דאָס מזל — אויפגעשפּראָצט און מיטן שפּראָץ אויף מאָרגן פאַרשוואונדן. דעם דערמאָנטן שיקזאַל האָט געהאַט דער חודשלעכער זשורנאַל „מערב", וואָס איז דערשינען אין פעברואַר, 1925, רעדאַקטירט פון יצחק הורוויץ, און מער ווי איין נומער איז נישט דערשינען. אין דעם זעלביקן יאָר האָט זיך געגרינ־דעט דער זשורנאַל „זונלאַנד". ס'האָט געזאָלט זיין אַ פאָרזעצונג פון „מערב". די רעדאַקטאָרן זיינען געווען: י. ל. מאַלאַמוט, י. קוצענאגי און י. פרידלאַנד. עס איז דוכט מיר אַרויס אַ 6 ־ 7 העפטן אין צוגאָב צו אַ פּאָר קינדער־ביכלעך. אַזוי זיינען אויך מער נישט דערשינען ווי עטלעכע נומערן פונעם „קרומען שפּיגל", אַ הומאָריסטיש בלעטל, רע־דאַקטירט פון י. ל. מאַלאַמוט, אינעם יאָר 1929. אין יענער צייט איז אויך דערשינען אַ חודש־זשורנאַל אונטערן נאָמער „ליד", אונטער דער רעדאַקציע פון יחזקאל א. מ. בראנשטיין, וועלכער האָט אויך נישט לאַנג לעבט. אַזוי דאַכט זיך מיר איז אינעם יאָר 1929 אויך דערשינען דער פערטל־יערלעכער זשורנאַל „פּאַסיפיק", רעדאַקטירט פון ה. רוי־זענבלאַט, שין מילער און ה. גאָלד. מער ווי 4 נומערן זיינען פון דעם זשורנאַל נישט דערשינען. אַזוי איז אויך דערשינען אַ וועכנטלעכע צייטונג, וואָס האָט געהייסן: „ל. א. אידישער בולעטין", אַרויסגע־געבן פון דער פּאַסיפיק קאָאָפּעראַטיווער פּרעס, רעדאַקטירט פון י. ל. מאַלאַמוט. די ערשטע נומערן זיינען געווען אין אַ „תחינה"־פאָרמאַט, און איז ביסלעכווייז אונטערגעגאַנגען, ביז ער איז דערוואקסן צו אַ דריי־פערטל צייטונגס־פאָרמאַט. דער ערשטער נומער איז דערשינען אין יולי, 1937, און האָט אויך לאַנג נישט געלעבט. די אויסגעוואַק־סענע נומערן זיינען מער ווי צוויי נישט געווען. ער האָט אָבער געהאַט אַן אונטערקעפּל מיט אַ גרויסער אויפשריפט: „די איינציקע, אידישע, אַלגעמיינע וואָכנטלעכע צייטונג אויף דעם פּאַסיפישן ברעג".

אין סעפּטעמבער, 1934, איז דאָ דערשינען אַ פּאָליטישע שריפט

אונטערן נאָמען „דער עפּיק“, „ענד פּאָווערטי אין קאַליפאָרניא“ (צום גונסטן פון אפּטאָן סינקלער). דער רעדאַקטאָר איז געווען חיים דויטש. מער ווי איין נומער איז נישט דערשינען. אין נאָוועמבער, 1935, איז דערשינען אַ חודשלעכע אויסגאַבע „דער געגעטאַריאַנישער גערדאַנק“, אונטער דער רעדאַקציע פון גאָלדבלום און ד״ר וו. אָסטראָווסקי. מער ווי פיר נומערן זיינען נישט דערשינען. אין דעם יאָר 1920, אין חודש אַפּריל, איז דערשינען אַ מאָנאַטשריפט „אידישע פאָלקס־שול“, רע־דאַקטירט פון א. טאַניס און וו. אָסטראָווסקי אַלס פאַרוואַלטער. אינ־גאַנצן זיינען דערשינען צוויי נומערן. אין יוני, 1932, איז דערשינען דער זשורנאַל „פאָלקס־שריפט“, רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: יצחק בלום, זשורנאַל פאַר ליטעראַטור און לעבן. בסך־הכל צוויי נומערן, יוני און אָקטאָבער.

אין 1940 איז אַרויסגעגאַנגען דער „לאָס אַנדזשעלעס קהילה־בולעטין. אינגאַנצן זיינען דערשינען זיבן נומערן. ס׳איז געווען אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע, אַרויסגעגעבן פון אַ פּאָבלישער קאָמיטעט. דער נאָמען פון רידאַקטאָר ווערט נישט אָנגעגעבן. „אונדזער וואָרט“, חודש־זשורנאַל, אַרויסגעגעבן פון לאָס אַנדזשעלעסער קולטור־קלוב, רעדאַקטירט פון ה. רויזענבלאַט, י. פרידלאַנד און ה. גאָלדאָווסקי. בסך־הכל זיינען דערשינען פיר נומערן פון מערץ ביז יוני, 1939. פאַר דער צייט זיינען דערשינען, וואָס עס ווערט אָנגערופן אין ענגליש „מאָשרום“־(שוואָמען)־אויסגאַבען, וועלכע האָבן זיך באַוויזן און זיינען גיך פאַרוועלקט געוואָרן אָן אַ זכר און אָן אַ שליאַד. אָט געדענק איך אַ שטייגער אַ שריפט, וואָס איז דערשינען אין די יאָרן 1913־14, וואָס נח מישקאָווסקי האָט רעדאַקטירט, און קען זיך בשום אופן נישט דער־מאָנען דעם נאָמען פון דער צייטונג. אַזוי זיינען געווען פיל אַנדערע, וואָס זיינען געקומען און פאַרגאַנגען אָן וועלכער עס איז ווירקונג.

פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר גייט דאָ אַרויס אַ מאָנאַטלעכער זשורנאַל אונטערן נאָמען „דער אידישער ביסנעסמאַן“. עס איז דער אָפיציעלער זשורנאַל פון די פאַראייניקטע יידישע גראָסערס. דער זשורנאַל ווערט אַרויסגעגעבן מיט געשמאַק און אויף גוטן פּאַפּיר, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1925 מיט אָפּטיילונגען אין יידיש און ענגליש. דער ערשטער רעדאַקטאָר און פאַרוואַלטער איז געווען הערמאַן ע.

ראבינס. איצט ווערט ער רעדאַקטירט פון ב. ל. גערון, וועלכער איז אויך דער פאַרוואַלטער. די פרעס־קאָמיטע באַשטייט פון א. פרענק, מ. שערשאָוו, ה. מאנסאן, ד. פראמסקי און י. ראָטהבלאַט. די מיטאַר־בעטער זיינען די אייגענע גראָסערס, און פון צייט צו צייט דרוקט דער זשורנאַל עסייען, ליטעראַטור און לידער פון זייטיקע שרייבער. דער זשורנאַל גיט אויך אַרויס פאַרגרעסערטע יום־טוב־נומערן. ס'ווילט זיך מיר דאָ אויך באַריכטן וועגן אַ וואָכנבלאַט, וואָס איז אייגנטלעך דערשינען אין סאַן פראַנציסקאָ אינעם זומער פון 1930. דער רעדאַק־טאָר איז געווען בען אויגוסט. עס איז אַרויס אין גאָר גרויסן צייטונגס־פאָרמאַט מיט אַן ענגלישער אָפּטיילונג. איך דערמאָן עס דאָ, ווייל פונקט ווי די ערשטע „קאַליפאָרניער אידישע שטימע", האָט די וואָכנ־שריפט געהאַט אַן אויסקוק אויף לאָס אַנדזשעלעס. זי האָט געהייסן: „אידישע פּרעסע", מיט אַ גרויסער אונטערשריפט: „סאַן פראַנציסקאָ־אָוקלאַנד־לאָס אַנדזשעלעס". זי האָט געלעבט פון מאַי ביז אויגוסט, דעם זעלבן יאָר.

דעם 22טן פעברואַר, 1934, איז דאָ דערשינען אַ טאָג־צייטונג אונטער דער רעדאַקציע פון ל. בלאַנק. זי איז דערשינען אין אַ טאַב־לאָיד־פאָרמאַט, און נאָכן נומער 9 איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צייטונגס־פאָרמאַט. אינגאַנצן זיינען פון דער צייטונג אַרויס 60 נומערן. אין מאַי, 1934, איז זי אונטערגעגאַנגען. אין אַפּריל, 1934, איז דאָ דערשינען די יידישע וועכנטלעכע צייטונג „די אידישע פּרעסע", רעדאַקטירט פון ל. בלאַנק. זי האָט זיך געהאַלטן ביז פעברואַר, 1936. צוליב פינאַנציעלע שוועריקייטן און אַ קראַנקהאַפטן צושטאַנד האָט זיך דאָס וואָכנבלאַט משנה השם געווען אויף „פאָלקס־צייטונג". די צייטונג האָט געזאָלט זיין אומפּאַרטייאיש, זי האָט אָבער געטראָגן אַ קאָמוניסטישן קאָלאָריט. אין נאָוועמבער, 1936, איז זי אונטער־געגאַנגען. אין די יאָרן 1941־42־43 איז דאָ דערשינען אַ פּעריאָדישער קינדער־זשורנאַל אונטער נאָמען „קולנו" (אונדזער קול). דער זשורנאַל איז געווען אַ דריי־שפּראַכיקער — יידיש, העברעאיש און ענגליש. מערסטנס פלעגט דער זשורנאַל אַרויסקומען אַרום די יידישע ימים־טובים, העקטאָגראַפירט. דער רעדאַקטאָר איז געווען רבי בערנאַרד קאָהען, מיט דער מיטווירקונג פון די יידישע שולן־לערער, און איז

גענוען אונטערן רשות פון דער יידישער דערציאונגס־ביוראָ. דעם מאַ־
טעריאַל פאַר דער אויסגאַבע האָבן צוגעשטעלט די קינדער אַליין.

צום סוף וויל איך בעטן דעם לייענער, אַז ער זאָל מיר מוחל זיין
אויב איך האָב דאָ און דאָרט נישט באַצייכנט די אויסגאַבן אין כראָ־
נאָלאָגישער אָרדענונג. אויב איך האָב אויסגעלאָזן געוויסע נעמען,
וועלכע האָבן געדאַרפט דערמאָנט ווערן, האָב איך עס נישט געטאָן
אַבזיכטלעך. עס איז בכלל אוממעגלעך אויסצורעכענען אַלע נעמען,
וועלכע האָבן זיך געקהלט אַרום די אויסגאַבן, און ווען מען וואָלט
זיי אַפילו געהאַט, וואָלט עס מער נישט געהייסן ווי עליות, און דער
פלאַץ איז פאַר דעם באַשרענקט.

זאָל מיר דאָ אויך דערלויבט ווערן אויסצודריקן מיין דאַנק צו
הרב ד״ר שלמה מיכאל נעכעס, פון דעם וועסטערן דזשואיש אינסטי־
טוט, פאַר דעם גרעסטן טייל פון די מאַטעריאַלן וואָס איך האָב דאָ
רעדאַקטירט. רבי נעכעס האָט אַ גרויסע קאָלעקציע פון וואָס עס
ווערט אָנגערופן „דזשואיש־קאַליפאָרניקאַ״. עס איז אַ זאַמלונג פון
יעדער זאַך וואָס דערשיינט אין דרוק פון יידן און איבער יידן אין
קאַליפאָרניע. צו זיין קרעדיט מוז אויך צוגעגעבן ווערן דער פאַקט,
אַז ער וואַכט אויף איבער די אַלע זאַמלונגען ווי אַ געטרייער פאָטער.
אַלע צייטונגס־קאָפּלעטן האָב איך געפונען אין שיינעם בונד און גוט
פרעזערווירט.

.1943

# אַרונטער מיטן שלייער

נישט אַלעמאָל איז אַ שלייער אַ חנעוודיקער צודעק. אין גאָר
אַ סך פאַלן דינט דער שלייער אַלס אַ צודעק פאַר אַן אָפּשיילעך, מיאוס
פנים. דער אָנגענומענער כלל אַז שווייגן איז גאָלד טאָר נישט גענו־
מען ווערן אַלס מאָסשטאַב ווען עס האַנדלט זיך וועגן כלל־אנגעלעגנ־
הייטן. עס קומען אַמאָל צייטן אין קהלשע אנגעלעגנהייטן ווען שריי־
ענדע עוולות ציען דעם זשורנאַליסט פאַרן צונג און קענען זיין ווילן מוז

ער, אַלס פליכט צו זיינע לייענער, אַרויסקומען מיט רייד, וועלכע קענען נישט שמעקן געוויסע ביוראָקראַטן פון אונדזער קהילה.

ווען געוויסע קאָנווענציאָנאַלע, היפּאָקריטישע מאָראַליסטן האָבן מאַקסים גאָרקין געדודפט, ווען ער איז אין 1904 געקומען קיין אַמע־ריקע, האָט ער געזאָגט: „ווען מען נעמט אַרונטער דאָס רעקל פון דעם פעסל פון מאָראַל צעשפּרייטן זיך גאָר נישט קיין אנגענעמע ריחות.“ כדי צו פאַראַפראַזירן דאָס געזאָגטע וואָלט איך עס געמאַכט נאָך אַביסל שטאַרקער — איך וואָלט געזאָגט אַז ווען די נישט־בשמימ־דיקע ריחות האָבן נישט קיין אויסגאַנג רייסט עס אויף דאָס דעקל און די ריחות צעשפּרייטן זיך אויף גרויסע פּעריפעריעס.

דאָס אויבערשטע קען אויך געזאָגט ווערן בנוגע געוויסע ביוראָ־קראַטישע הנהגות אין אַ רעגירונג, אַ שטאַט, אַ פּאַרטיי, אָדער אירגענד וועלכע אָרגאַניזאַציע. ווען פּערזאָנען־קולט פירט צו ביוראָקראַטיע, וואָס גרענעצט זיך מיט דיקטאַטור, מוז דאָס פעסל מיט די אָנגעקלי־בענע עוולות פון זיך אַליין אויפרייסן. נישט נאָר הייבט עס אויף דאָס דעקל, נאָר עס צעברעכט אויך די רייפן און דער גאַנצער פאַס צעפאַלט זיך. צוליב נישט קיין גאָר זויבערע מעשים פון געוויסע ביוראָקראַטן שטייט פאַר אַ סכנה אַז אונדזער היגער קאַמיוניטי קאונסיל זאָל דורכ־לעבן אַ שווערן קריזיס.

מיט אַ קאַרג יאָר צוריק האָט אַ געוויסער בן־שמחה זיך געווענדט מיט אַן אָפענעם בריוו צו דעם חשובן דזשאָדזש האָלצער. דער בריוו איז דערשינען אין דער ענגלישער אָפּטיילונג פון דער „ק.א.ש.“ דער בריוו איז געווען זייער אַ שאַרפער און האָט דעם געערטן דזשאָדזש געשטעלט גאָר האַרבע פראַגן מכוח דער אָנפירערשאַפט פון דער יידי־שער ביוראָ אָוו עדיוקיישאָן. דער שרייבער האָט דעם בכבודן דזשאָדזש אָנגעוויזן די אָבסטרוקציעס און די נישט־קאָאָפּעראַציע מצד דעם טשער־מאַן פון דער דערמאָנטער ביוראָ בנוגע אַלע אַרבעטן וואָס האָבן אַ שייכות פאַר דעם גונסטן פון דער קערפערשאַפט. אויך האָט ער פראָסט און פשוט אָנגעוויזן אַז די באַטרעפנדע פערזאָן איז בכלל נישט ראוי צו פאַרנעמען אַזאַ אַמט. לויט דער מיינונג פון קאָמפּע־טענטע לערער און פאַך־מענטשן, איז די באַטרעפנדע פערזאָן נישט

דערוואקסן צו דעם אמת וואָס דאַרף קאָאָרדינירן אַזעלכע קאָמפּלי־
צירטע אנגעלעגנהייטן ווי יידישע דערציאונג.

דער ווירדיקער דזשאָדזש האָט די מעגלעכקייט צו באַשטימען
אַ מער פּעאיקערן מענטש פאַר דעם אַמט און ער טוט עס נישט. ווי
געזאָגט, עס זיינען שוין אַוועק גאַנצע ביין מאַנאַטן און קיין פּאַך איז
נישט געטאָן געוואָרן אין דער הינזיכט. יידישע דערציאונג איז אַ
צו וויכטיקער ענין אַז זי זאָל פאַרוואַלטעט ווערן פון אַ קאַפּריז. עס
פאָדערן זיך פאַר דעם פּעאיקע און קאָמפּעטענטע מענטשן, און אויב
די יידישע דערציאונג ליידט פון אַ נישט־קאָמפּעטענטער פירערשאַפט,
וועלכע שאַפט דיסהאַרמאָניע אין שטאָט און אין קאָונסיל, מוז אַזאַ
פירערשאַפט באַזייטיקט ווערן. איך וויל דאָ פון מיין זייט באַמערקן
אַז פּערזענלעך האָב איך צום באַטרעפנדן פּערזאָן קיין בייזווילן. איך
האָב אים קיינמאָל פּערזענלעך נישט געטראָפן. אַלס פּערזאָן קען ער
זיין אַ גאַנץ שיינער מענטש, אָבער ווי זאָגט דאָרטן שלום־עליכם —
פאַר קיין סאָלדאַט טויג ער אָבער נישט. פאַר דעם הויפּט פון אַזאַ
פאַרצווייגטער און העכסט וויכטיקער אינסטיטוציע ווי די „ביוראָ אָוו
דזשואיש עדיוקיישאַן", אין לאָס אַנדזשעלעס, טויג ער נישט.

דאָס איז עוולה נומער איינס, אָדער, בעסער געזאָגט, נבלה
נומער איינס. די יידישע דערציאונג טאָר נישט זיין דער אָביעקט
פון ביוראָקראַטישער פירערשאַפט.

עוולה נומער צוויי — עס ווערט איבערגעגעבן אַז אין אָפיס פון
קאָונסיל בלאָזן שטאַרקע אַסימילאַטאָרישע ווינטן. עס האָבן זיך דאָרט
פאַרקליבן ביוראָקראַטן פונעם גאָר אַלטן יאַהודימשן חדר. ס'ווערט
פאַרוואַלטעט פון מענטשן וועלכע רעכענען זיך נישט מיט דעמאָקראַ־
טישע פּרינציפּן, מענטשן ביי וועמען ציפערן און סטאַטיסטיקס שטייען
העכער פון מענטשלעכער באַציאונג, מענטשן וועלכע זיינען געצנדי־
נער און דינען צום אָפּגאָט פון אַ פּסעוודאָ־סאָציאַלער וויסנשאַפט. די
וויסנשאַפט איז נישט סאָציאַל און נישט וויסנשאַפטלעך. זיי פאַר־
קנעכטן די מענטשן צו זייערע טעאָריעס און צווינגען אויף די אָרעמע
אַרויף „וויסנשאַפטלעכע טשאַריטי". פאַרשטייט זיך, אַזעלכע מענטשן
פאַרשליסן זייערע הערצער און קענען איבערהויפּט קיין דעמאָקראַטן
נישט זיין.

## געזאַמלטע שריפטן

דער דזשואיש קאמיוניטי קאונסיל איז אַ דעמאָקראַטישע אינסטי־טוציע. אינעם קאונסיל קומען פאַרטרעטער, פאָרשטייער פון פאָלק און עס טאָר אין אים נישט הערשן קיין ביוראָקראַטישער גייסט. ס'ווערט איבערגעגעבן אַז די לעצטע עטלעכע מיטינגען פון דעם קאונסיל זיינען געווען שטורמישע. די דעמאָקראַטישע עלעמענטן האָבן רעוואָלטירט. און דאָס דאַרף דינען אַלס אַ וואָרנונג צו די ביוראָקראַ־טישע עלעמענטן, אַז ספּעציעל איז, ווען אַ וועלט קעמפט אַזוי ביטער פאַר דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, און ווען דאָס יידיש פאָלק, דער הויפּט־טרעגער פון דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, איז דער פאָקאַלער פּונקט פונעם קריג, און איז איר גרעסטער קרבן, טאָרן מיר פאַר קיין פאַל נישט מקריב זיין אונדזער דעמאָקראַטישן איינשטעל.

ס'ווערט אויך איבערגעגעבן אַז אין דעם קאונסיל ווערן דורכגע־פירט „פּוירדזשעס", ס'ווערט דורכגעפירט רייניקונגען פון אַלטע באַ־אַמטע, אָנגעשטעלטע וועלכע האָבן דאָרטן געדינט פאַר יאָרן ווערן אָפּגעזאָגט פון זייערע שטעלן נייע אָנגעשטעלטע ווערן אַריינגענומען, וועלכע זיינען נישט באַקאַנט מיט די פריערדיקע הנהגות, בכדי עס זאָל הערשן אַ הכנעהדיקע גלייכשאַלטונג. אַזעלכע זאַכן טאָן נישט פּאַ־סירן. געוויס דאַרפן די אָנגעשטעלטע זיין קאָמפּעטענטע מענטשן. די מענטשן וואָס האָבן שוין דאָרט געאַרבעט פאַר יאָרן און האָבן דער־פילט זייער מיסיע אויף אַ געהעריקן אופן טאָרן צוליב אַ קאַפּריז פון אַ הויכן באַאַמטן נישט דעמיסיאָנירט ווערן, אָדער אָפּגעזאָגט ווערן פון זייערע שטעלעס. אַזעלכע הנהגות פאַרוואַנדלען זיך אין אַ בומע־ראַנג, ווייל עוולות האָבן אַ טבע צו שרייען אויף אַ הויך קול און אַ וועלט אָדער אַ קהילה דערהערט עס.

איבערן שטאָט ווערן אויך אַרומגעטראָגן קלאַנגען, אַז מ'קלינגט איז חגא, און וואו ס'איז דאָ רויך איז אויך דאָ פייער, אַז ס'ווערן אין דער שטיל געקליבן אונטערשריפטן בכדי צו ענדערן די איצטיקע קאָנ־סטיטוציע, בכדי אַז מענטשן וועלכע האָבן נישט נושא חן געווען אין די אויגן פון געוויסע באַאַמטע זאָלן קענען באַזייטיקט ווערן. עס האַנדלט זיך אויך וועגן מענטשן וואָס האָבן אַ סך פאַרדינסטן און וואָס האָבן אַוועקגעגעבן אַ סך צייט פאַר די אינטערעסן פון דער קאמיוניטי.

# י. ש. נאומאָוו

די גרעסטע פון אַלע עוולות איז וואָס געוויסע באַאַמטע האָבן דעם היי־יאָריקן „וועלפעיר פאָנד" צעשפּאַלטן און אים צעטיילט אין קלאַסן פון „פּלעבייער" און „אַריסטאָקראַטן". מען האָט אָפּגעטיילט די „דאַונטאַונער דיוויזיע" פון דער „מואַווינג פּיקטשור דיוויזיע". מען האָט איינגערעדט די לייט פון דער לעצטער דיוויזיע אַז זיי טאָרן זיך נישט מישן מיטן פּאָלק, כאָטש די לעצטע האָבן נישט געהאַט קיין זיידעס וועלכע זיינען געווען אָנטרייבער פון שלמה המלכס רייטוואָגן. ביז דער מזל האָט זיי צוגעשפּילט זיינען זיי אויך געווען אימיגראַנטן, וועמעס זיידעס זיינען נישט געקומען אויף דער „מעיפלאַור". זיי אַליין און זייערע טאַטעס זיינען געלאָפן פון די רוסישע און רומענישע פּאַר־פּאָלגונגען. ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז די אַריסטאָקראַטן, די געלט־זעק, וואָס קענען געבן אַ סך און וואָס פלעגן ביז איצט געבן מער, האָבן דעם יאָר געשאָפן אַ סך ווייניקער ווי די „פּלעבייער גרופּע". אינעם „דזשואיש קאָמיוניטי קאָונסיל" טאָרן זיך נישט געפינען אַזעלכע פירער, וועלכע פאַלן כורעים און בוקן זיך צום עגל הזהב. אויב יענע פירער זיינען אַזוי דערצויגן געוואָרן און קענען זיך נישט איבעראַנ־דערשן מוזן זיי באַזייטיקט ווערן. דער אמת וואָס ווערט פון זיי פאַר־נומען איז נישט באַשאַפן געוואָרן פון זייער טובה וועגן. ס'איז אַ וועג און אַ מיטל ווי צו דינען דאָס פאָלק. און אויב דאָס פאָלק פאַרלירט דורך זיי מוזן זיי דעם אמת אָפּטרעטן צו איינעם וואָס פאַרשטייט די נויטן פון פאָלק און קען זיך מיט זיי אידענטיפיצירן. ס'זיינען בכלל נישטאָ קיין מענטשן וואָס אָן זיי קען זיך אַ קהילה נישט באַגיין. מען קען אַלעמאָל קריגן אַ ריכטיקן מענטשן ווען מען זוכט אים.

ס'זיינען דאָ נאָך שרייענדע און אויגן־שטעכנדע עוולות. דער פּלאַץ איז אָבער באַשרענקט. פיליכט וועל איך עס אָנרירן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. ס'מוז דאָ אָבער פעסטגעשטעלט ווערן אַז דער קאָונסיל בייטיקט זיך שטאַרק אין אַ סך רעפאָרמען. ער מוז זיך איינ־שאַפן אַ גוטן בעזים און איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויסקערן אַלע איבלען אויב ער וויל לעבן און געדייען, און וואָס שנעלער אַלץ בעסער. זאָלן עס געוויסע עלעמענטן נעמען אין אַכט.

אָקטאָבער 23, 1942.

## געזאַמלטע שריפטן

# שיריים פון אַ וויזיע

(טרוימען און ווירקלעכקייט פון אַ יובילאר)

אין פאַרבינדונג מיט דער פייערונג פונעם צוואַנציק־יאָריקן יובילײ פון דער „קאַליפאָרניער אידישער שטימע״, אין לאָס אַנדזשעלעס, ווילט זיך מיר אַביסל אָראָפּריידן פון האַרצן. איך וויל אָבער צו דער זעלבער צייט מוסר מודעה זיין, אַז אויב מיינע רעפלעקסן וועלן אַנדריקן אויף אַן אומעטיקער סטרונע, וואָס וועט אַביסל אָוועקנעמען פון דער גרויסער שמחה, טו איך עס אָבער נישט מיט קיין שלעכטע אַבזיכטן.

איך זוך דאָ נישט אַריינצוּוואַרפן פליגן אָדער אַנשפּייען אין קידוש־בעכער. פאַרקערט, איך קום מיט די בעסטע אַבזיכטן. איך געפין זיך אָבער אין דער לאַגע פון דער גוטער יידישער באָבע וועלכע טאַנצט אין אַ ברוגז־טאַנץ אויף איר אייניקלס חתונה. האָט דאָך די באָבע געפּאָקט און געמאָזלט און דורכגעמאַכט אַלע ליידן און אַלע פריידן אין דעם וואוקס־פּעריאָד פון און צוזאַמען מיט איר אייניקל.

אגב ווילט זיך מיר זאָגן — נישט נאָר בין איך געווען ביי דעם געבורט פון דער „ק.א.ש.״ מיט צוואַנציק יאָר צוריק, נאָר איך האָב אויך מיטגעפּילט די געבורט־ווייען פון דער „ק.א.ש.״, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון ד״ר יחזקאל וואָרטסמאַן ע״ה, אין סאַן פראַנציסקאָ, אין 1913, וועלכע איז אונטערגעגאַנגען אין 1915 צוליב די ערשטע וועלט־מלחמה־אומשטענדן.

אין יענע יאָרן בין איך נאָך יונג געווען, פול געווען מיט אידעאַלן, געחלומט פאַנטאַסטישע חלומות, געזען גרויסע וויזיעס און געהאַט אילוזיעס וועגן אַ גרויסער, אָדער גרויסע, טעגלעכע יידישע צייטונגען אויף דעם פּאַסיפישן ים־ברעג. נישט נאָר האָט זיך מיר אין יענער צייט געחלומט בלויז וועגן יידישע צייטונגען אויף דעם פּאַסיפישן ברעג, נאָר אויך וועגן העברעאישע אויסגאַבן. מיר איז דאַן געווען, און איז אויך איצט, טייער די גאַנצע יידישע קולטור אין אַלע אירע פאַזן, מעג עס זיין אין וועלכער עס איז שפּראַך — יידיש, העב־

רעאיש, ענגליש און אַנדערע שפּראַכן, וועלכע דינען אַלס כּלים פאַר יידישן אינהאַלט.

איך בין קיין אַמעריקע געקומען באַזעלט און באַוואָרעמט פון יענע רענעסאַנס־שטראַלן וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט די רוסיש־יידישע יוגנט אין די לעצטע ניינציקער יאָרן. קומענדיק אין אַמעריקע, האָב איך, ווי די יידן אין דער מדבר, געבענקט נאָך די „פיש", וואָס איך האָב געגעסן זייענדיק אין וואַרשע. איך האָב געבענקט נאָך יענע פּרייטיק־פּאַרנאַכטן, ווען איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויף אַ פּריש־דערשינענעם „יוד" אַ „פאָלקס־צייטונג", פרישמאַנס „הדור", „הצפירה" און „הצופה". היינט ווער רעדט נאָך ווען מען האָט אויף דזשיקע גאָס געקענט אַלע פרימאָרגן קויפן דעם „פריינד", וואָס איז דערשינען אין פּעטערבורג. אויך די דעראינערונג פון דעם גייסטיקן גענוס פון די רוסיש־יידישע וועכנטלעכע צייטונגען, ווי „וואָסכאָד", „ראַזסוויעט" א.אַז.וו.

קומענדיק קיין לאָס אַנדזשעלעס אין 1912, האָב איך אָנגעטראָפן אַ קליינע יידישע קהילה, אפשר אַ 25 טויזנט נישט־אָרגאַניזירטע יידן, באַהערשט פון די דייטשישע יאַהודים. די מזרח־אייראָפּעאישע יידן האָבן זיך באַנוגנט מיט תלמוד־תורות, וואו ווייטער פון קדיש און קידוש איז עס נישט געגאַנגען. איך האָב אָבער געזען ווי די שטאָט בכלל ברייטערט זיך אויס. איך האָב געזען פאַר זיך אַ וואַקסנדע שטאָט מיט גאָר גרויסע מעגלעכקייטן פאַר קאָמערץ, אינדוסטריע און ים־פאַר־קער. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אויך געחלומט וועגן אַ גרויסער יידישער באַפעלקערונג. זיינען דאָך די פּאָטענציאַליטעטן פאַר דעם געווען גרויס. צוזאַמען מיטן וואוקס פון דער יידישער געמיינדע אין לאָס אַנדזשעלעס בפרט און דעם פּאַציפישן ים־ברעג בכלל, האָב איך, און אַנדערע מיט מיר, געחלומט וועגן אַ לאָקאַלער, שטאַרקער יידי־שער פּרעסע. דאָס ערשטע איז מקוים געוואָרן. מיר האָבן דאָ אין לאָס אַנדזשעלעס צום ווייניקסטן אַ 135 טויזנט יידן, אויב נישט די גאַנצע 15 טויזנט. האָבן מיר דאָך אין לאָס אַנדזשעלעס אַזוי פיל שיינע אינ־סטיטוציעס, וועלכע דאַרפן זיך נישט שעמען פאַר אַנדערע גרויסע, לייטישע שטעט. האָבן מיר דאָ שיינע שולן, טעמפּלען, האָספּיטאַלס, סאַניטאַריומס, קליניקס, יתומים־הייזער, אַ זעלטן שיינעם בית מושב

זקנים, אַ האָספּיטאַל פאַר אומהיילבאַרע, און נאָך, און נאָך אַזעלכע אינסטיטוציעס, וועלכע טוען גוטע אַרבעט און זיינען אַ כבוד פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

וואַרפט מען אַן אויג אויף דער גרויס און ברייט פון דער שטאָט, געפינט מען יידן אין כמעט אַלע געגנטן. איבערנאַכט שפּראָצן אַרויס טעמפּלען און צענטערס אין אַזעלכע געגענטן, וואו עס האָט אייך קיינ־מאָל נישט געחלומט. באַטראַכט מען דעם וואוקס, אָן עין־הרע, אויף די געגנטן אין באַיל האַיטס, סיטי טעראַס, בעלווידיר און אַנדערע וואַקסנדע יידישע קוואַרטאַלן און מען פאַרגלייכט עס מיטן וואוקס פון דער היגער יידישער פּרעסע, ווי זי איז און ווי זי האָט געדאַרפט זיין, פּאַראַלעל מיט דעם וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג, נעמט אייך אַרום אַ טרויער, און נישט־ווילנדיק מישט זיך אויס אייער פרייד מיט טרויער און אין אייער יובלדיקן קידוש־בעכער פאַלט אַ ריין אַ טראָפּן גאַל. אין אמתן, ס'איז שוין דער יידישער גורל — צו יעדער שמחה דערמאָנט מען זיך אין טרויער, צעברעכט מען דאָס גלעזל פון דעם וויין, וואָס חתן־כלה טרינקט צו דער חופּה, ברעכט מען טעלער אין דער צייט ווען מען שרייבט תנאים. פרייד און טרויער מישן זיך צוזאַמען.

זיינען דאָך פאַר מיינע אויגן אויפגעוואַקסן אַזוי פיל אַרבעטער רינג צווייגן, אַ פיינע משפּחה פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַר־באַנד, אַ גרויסע יידישע יוניאָן־אַרבעטערשאַפט, אַ גרויסע צאָל יידי־שע פאַבריקאַנטן, אַן אויסערגעוויינלעך גרויסע צאָל יידישע געשעפטס־לייט, אַ נעץ פון יידישע פאָלקס־שולן, מאָדערנע תלמוד־תורות, צענ־טערס מיט פאַרוויילונגס־פּלעצער פאַר דער יוגנט און לעקציעס פאַר גרויסע.

עס איז גענוג דורכצובלעטערן אַ שטאָטישן טעלעפאָן־בוך, צו קענען זיך איבערצייגן וועגן דער צאָל יידן וואָס געפינען זיך ביי אונדז אין שטאָט. אָנהייבנדיק פון אַלף ביז תו, וועט איר קענען אויסרעכע־נען די אַבראַמסאָנס, די אַבעלס און די אַבעלסאָנס, די אַדלערס, די אַשכנזים און די אַבאַרבאַנעלס; די כהנס, די קאַהאַנסקיס, די קאַהאַ־נאָוויטשעס, די בערקס, די בערקמאַנס, די בערקאָוויטשעס און די בוירקס

און די אַלע אַנדערע גלגולים ווי פון קאהאן צו קאַרדיי און פון שפּריצוואַסער צו לאַ־פאנטיין, פון לעווין צו לעראַי. ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ יידישער צייטונג, וואו קומען אַהין די זילבערס, די זילבערשטיינס, די זילבערטס און די זילבערמאַנס. וואו זיינען די מינסקיס, די סלוצקיס, די וואַרשאַווסקיס, די זאַסלאַווסקיס און כאַס־לאַווסקיס, די פּינסקיס, די ווילענסקיס און לעווינסקיס? נישט נאָר געפינען זיך דאָ גענוג וואָס קענען לייענען יידישע צייטונגען און נישט נאָר געפינען זיך דאָ גענוג יידן וואָס וואָלטן בכבוד געקענט אויסהאַלטן אַ לאָקאַלע טעגלעכע צייטונג, נאָר אויך די ניו־יאָרקער צייטונגען האָבן דאָ געקענט פאַרשפּרייט ווערן אין פיל מער עקזעמפּליאַרן ווי עס ווערט איצט געטאָן.

אַ זייטיקער מענטש קען אַמאָל אַ פרעג טאָן, וואָס האָט זיך דער ייד, נאומאָוו, אַזוי צעוויינט? אפשר פאַר דעם וואָס איז נישט פאַר־אינטערעסירט, אָדער דער וואָס איז אינדיפערענט און „וועמען אַרט עס" מענטש איז דאָס אַ טאַקע אַ האַרבע קשיה — צו וואָס זאָל זיך אַ ייד אַוועקזעצן וויינען על גלות הצייטונגס־וועזן? פאַר מיר אָבער, וואָס איז געשטאַנען ביי דעם וויגעלע פון דער ערשטער „ק.א.ש." און בייטראָגנדיק אַזויפיל, סיי מאַטעריעל און סיי גייסטיק „לא על מנת לקבל פרס", נישט, חלילה, ווייל איך בין אַזוי פרום און וואָלט זיך אָפּ־געזאָגט פון געלטלעכער קאָמפּענסאַציע, נאָר פּשוט ווייל ס'האָט אויס־געפעלט און ס'איז נישט געווען דאָס וואָס ס'האָט געזאָלט זיין. פאַר־שטייט זיך, אַז דורכמאַכנדיק אַ כמעט דרייסיק־יאָריקן שפּאַן ביי דער זייט פון דער „ק.א.ש." (מיט דער אויסנאַם וואָס איך בין אַוועקגע־שטאַנען צוליב דעם ווייל זי איז געלעגן אין שלעכטע הענט), און צור־קוקנדיק ווי די צייטונג איז נישט געוואקסן אין דער דערוואַרטעטער מאָס, איז צו דערוואַרטן אַז עס זאָל מיר ווי טאָן. אפשר ווייל די היגע יידישע צייטונג איז מיר אַזוי נאָענט צוליב גייסטיקער פאַרבינ־דונג קען איך וועגן דעם עניין נישט טראַכטן אָביעקטיוו. אָבער ווען איך טראַכט וועגן דער צייטונג אין פאַרבינדונג מיט אונדזער אייגענער יידישער באַפעלקערונג, מיט דער באַפעלקערונג פון דער פּעריפעריע, מיט די באַפעלקערונגען פון סאַן פראַנציסקאָ, אָוקלאַנד, פּאָרטלאַנד, סיאַטל און אַנדערע יידישע ישובים אַרום דעם פּאַסיפיק און דרום־

מערב, קוק איך מיט פֿאַרדרוס אויף אַנדערע שטעט, ווי אַ מאָנטרעאָל, אַ וויניפּעג און אַנדערע שטעט, וואָס זיינען געאָגראַפיש אַ סך נענטער צו ניו־יאָרק. אפשר איז דאָס בלויז אַ קנאת סופרים, אָבער דאָך אַ קנאה.

נעמט, אַשטייגער, אַזאַ לאַנד ווי בראַזיל, מיט אַ גאָר קליינער יידישער באַפעלקערונג, און דערוויַיזט דאָך אַרויסצוגעבן גאַנצע דריי יידישע צייטונגען. לייען איך אַ נייעס וואָס איז דאַטירט אויגוסט 1, סאַן פּאַולא, בראַזיל (איטא) — דריי יידישע צייטונגען האָבן נעכטן אַנאָנסירט, אַז זיי וועלן אָנהייבן דערשיינען אין אַ פּאָרטוגעזישער שפּראַך אין איינקלאַנג מיט דעם געזעץ וואָס פֿאַרבאָט די פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען צו דערשיינען אין בראַזיל.

די דריי יידישע צייטונגען וואָס האָבן דערקלערט אַז זיי גייען איבער אויף פּאָרטוגעזיש זיינען: „די יידישע פֿאָלקס־צייטונג״, וואָס דערשיינט פינף מאָל אַ וואָך אין ריאָ דע זשאַנעירא; „די יידישע פּרעסע״, אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע, אין דער זעלבער שטאָט, און די סאַן פּאַולער „יידישע צייטונג״, וואָס דערשיינט דריי מאָל אַ וואָך. אַגב איז אויך ווערט צו באַמערקן אַז „די יידישע פֿאָלקס־צייטונג״, וואָס דערשיינט פינף מאָל אַ וואָך, איז שוין פערצן יאָר אַלט. פֿאַר־שטייט זיך, אַז דער איבערגאַנג פון יידיש צו פּאָרטוגעזיש איז עס אַ דאַנק דער היטלעריאַדע.

נעמט אַרגענטינע, זעט די גרויס פון די יידישע צייטונגען, טעג־לעכע, וועכנטלעכע און פּעריאָדישע אויסגאַבן, אין פֿאַרגלייך מיטן גרויס פון אונדזער צייטונג. און אויב דער יידישער צייטונגס־וועזן איז אייך טייער, מוז עס אייך ווייטאָן. איר מוזט דאַן ווילנדיק נישט־ווילנדיק, באַשולדיקן די היגע גאָלדס, גאָלדבערגס, גאָלדמאַנס, גאָלד־פּאַרבס, גאָלדשטיינס, גאָלדמינצעס, גאָלדגליעדס, גאָלדשמידס און גאָלדענזאָנס. ס'איז די אַפּאַטיע, די גלייכגילט פון די אויסגערעכנטע און נישט־אויסגערעכנטע נעמען, וואָס די היגע צייטונג איז נישט גע־וואַקסן פון הויך צו הויך און פֿאַרנעמט נישט דעם פּלאַץ וואָס זי האָט געדאַרפט פֿאַרנעמען. סיבות פֿאַר דעם זיינען דאָ אַ סך. אפשר וועל איך ביי אַן אַנדער געלעגנהייט עס אַנאַליזירן.

דאָס וואָס איך קען צוגעבן און זיך דערמיט טאַקע טרייסטן איז

נישט קיין שאַנד. לויט די אומשטענדן און לויט דעם באַשרענקטן פּלאַץ וואָס די „ק.א.ש." האָט פאַר דער יידישער אָפּטיילונג איז זי ריין און רייך אין אינהאַלט, לויט דער קליינער קאַפּאַציטעט, פאַרשטייט זיך. מיין אייגענער שכר איז דער, אויב מיינע וויזיעס, מיינע אילו־זיעס און חלומות זיינען נישט אינגאַנצן מקוים געוואָרן, איז די שולד נישט מיינע. איך האָב מיין חלק געטאָן. די שולד ליגט אין דעם סטערילן, זאַמדיקן באָדן און אין אַ דור וואָס איז פאַרזונקען אין זאַמד־לאָזער „קאַרטניאַדע", וואו מענטשן האָבן זיך אויסגעטאָן נאַקעט, „פּאָוקערן" און „פינאַקלען", „ברידזשעווען" און „ראַמיוועז" ביזן גרויסן טאָג אַריין. אָבער נאָך די אַלע שטרויכלונגען איז נאָך ערגעץ פאַרטייעט אין מיר די האָפענונג, אַז כל־זמן די „ק.א.ש." האָט אין זיך לעבן, וועט זי ווייטער לעבן און געדייען. פאַרשטייט זיך, ס'איז אָפּ־געוועגדט אָן מענטשן מיט אַביסל קאַפּיטאַל, אָן דער אָנשטרענגונג און פעאיקייט פונעם אַרויסגעבער אַליין, אָן דער שטיצע פון דער וואַקסנ־דער יידישער באַפעלקערונג און, ועל כולם, די ווירקונג פון אַ שטייגנדן רענעסאַנס נאָך דער מלחמה.

לויט די אומשטענדן, דאַרפן מיר זיין צופרידן וואָס מיר לעבן אין דער פרייער אַמעריקע און מיר קענען ריידן וועגן אַזעלכע ענינים, ווי פון גרויסע און קליינע צייטונגען. ס'גייט דורך אַ שוידער ווען מען דערמאָנט זיך וואָס ס'איז געוואָרן פון אַלע גרויסע עטאַבלירטע צייטונגען און אַלע ביבליאָטעקן אין ווילנע, וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק, קאָוונע, און די אַלע יידישע אויסגאַבן אין מערב־אייראָפּע. מיר דאַרפן דאַנקבאַר זיין וואָס ווען דער שטן פון טויט האָט אויסגעשפרייט זיינע פליגלען איבער כמעט דריי־פערטל פון דער וועלט, קענען מיר דאָ נאָך טראַכטן וועלן יובילייס.

און דאָ וויל איך צוגעבן: אויב דער צוואַנציק־יאָריקער יובילײ פון דער „ק.א.ש.", אין לאָס אַנדזשעלעס, האָט מיינע גייסטיקע דער־וואַרטונגען נישט אינגאַנצן צופרידנגעשטעלט און האָט מיר פערזענ־לעך נישט געגעבן וועלכע עס איז מאַטעריעלע קאָמפּענסאַציע, זע איך אָבער דעם שכר אין דעם פאַקט — וואָס איך האָב פאַר דער גאַנצער צייט מיינע אַרטיקלען, עסייען, פעליעטאָנען און אַנדערע חיבורים גע־

## געזאַמלטע שריפטן

שריבן פון קיינעם נישט באַהערשט, פון קיינעם נישט דיקטירט. מיין גייסטיקע אַרבעט איז שטענדיק באַווירקט געוואָרן פון מיינע אייגענע אידעאַלן און דיקטירט געווען דורך מיין אייגן געוויסן.

יאַנואַר, 1932.

## צו וואָס פאַרקלענערן אונדזער צאָל?

אין דער פערטל־יאָר־שריפט „געדאַנק און לעבן", אַרויסגעגעבן פון דעם יידישן לערער־סעמינאַר און פאָלקס־אוניווערזיטעט, ניו־יאָרק, ווערט אויך געדרוקט אַ גאָר גרויסע ענגלישע אָפּטיילונג אונטערן נאָמען „דהי דזשואיש רעוויו". אַרום און אַרום איז דאָס זאַמלבוך אַ גאָר וויכטיקער בייטראָג צו יידישע שטודיעס און אויסטייטשונג פון יידישן געדאַנק און לעבן.

אין דעם יולי־אָקטאָבער העפט פון 1944 איז אין דער ענגלישער אָפּטיילונג פאַראַן אַ גאַנץ באַלערנדער אַרטיקל וועגן דעם וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָס אַנדזשעלעס. דער אַרטיקל הייסט „דהי דזשואיש קאָמיוניטי אוו לאָס אַנדזשעלעס", פון ד״ר סעמועל סי. קאהס.

אינעם יאָר 1942 האָבן ד״ר סעמועל סי. קאהס און לואיס ה. בלומענטהאַל געמאַכט אַ סורוויי איבער די קולטורעלע און פאַרוויי־לונגס־נויטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָס אַנדזשעלעס. פאַרשטייט זיך, זיי האָבן שוין געמוזט אין דעם סורוויי, צו אַ געוויסן גראַד, פעסטשטעלן די גרויס פון דער יידישער באַפעלקערונג.

ד״ר סעמועל קאהס האָט געמאַכט, לויט מעגלעכקייטן, פאַרשטייט זיך, אַ גרינטלעכע אונטערזוכונג און באַזירט זיינע ציפערן אויף נישט־קאָנקרעטע באַפעלקערונג־צאָלן, נאָר אויף בערכדיקע, דאָס הייסט, אין דעם יאָר איז די יידישע באַפעלקערונג אין ל. א. געווען ב ע ר ך אַזויפיל און אין דעם און דעם יאָר האָט זי זיך פאַרדאָפּלט אָדער פאַרדרייפאַכט. ער נעמט אויך אַרויס די בערכדיקע צאָלן פון די טאַבעלן פון דער שטאָטישער באָרד אוו עדיוקיישאַן בנוגע די שיכטונגען פון דער יידי־

שער באַפעלקערונג פון איין שכונה צו דער אַנדערער און די רעגיס־
טראַציע פון יידישע קינדער אין די פאַרשיידענע סקול־דיסטריקטן.
דורך די אַלע טאַבעלן און פיגורן דערפירט ער דעם גרויס פון דער
יידישער באַלעקערונג צו דער קיילעכדיקער צאָל פון 130,000 אין
דעם יאָר 1941.

וואוינענדיק אין לאָס אַנדזשעלעס פאַר אַ גאָר לאַנגער צייט, בין
איך כמעט ווי זיכער אַז דער ציפער איז זייער אַ קאָנסערוואַטיווער.
איך באַזיר דאָס אויף די פאָלגנדע מאָטיוון: ערשטנס, איז זייער
שווער צו באַזירן די אמתע צאָלן פון דער יידישער באַפעלקערונג אויף
דער רעגיסטראַציע פון יידישע קינדער אין די שטאָטישע שולן, ווייל
ס׳זיינען דאָ אַ סך יידן וועלכע האָבן נישט קיין יידישע נעמען און
זיי גיבן גערן נישט אָן זייער יידישע אָפּשטאַמונג און רעליגיעזע אָנ־
געהעריקייט. צווייטנס, קען מען צו קיין זיכערע ציפערן נישט קומען
דורך די טאַבעלן פון דער איבערשיכטונג פון דער יידישער באַפעל־
קערונג און איין געגנט צו דער אַנדערער. אָט די דאָזיקע איבערשיכ־
טונגען זיינען געגאַנגען אַזוי האַסטיק, אַז עס איז פּשוט אוממעגלעך
צו קומען צו ריכטיקע ציפערן. אַלס אַ תושב, וועלכער איז באַקאַנט
מיט די פאַרשיידענע נייע געגנטן פון אונדזער צעשפּרייטער שטאָט,
ווייס איך אַז די יידישע באַפעלקערונג אין לאָס אַנדזשעלעס איז אויס־
געוואקסן אין נישט־בערכדיקער גרעסערער צאָל ווי ד״ר סעמועל קאהס
גיט אָן אין דעם יאָר 1941.

ד״ר קאהס זאָגט אַליין אַז די סטאַטיסטיק וואָס ער גיט אָן
זיינען נישט קיין הונדערט־פּראָצענטיקע. ער האָט, פאַרשטייט זיך,
גענומען די ציפערן פון די צאָלן פון יידישע קינדער־שיכטונגען פון
איין סקול דיסטריקט צו דעם אַנדערן, פון די אָפּשאַצונגען פון דער
פעדערייישאַן און פון דעם יידישן קאָמיוניטי קאָונסיל. און דאָ ווילט
זיך מיר באַמערקן, אַז אין די דערמאָנטע קערפּערשאַפטן געפינען זיך
יאַהודים, אָדער אַפילו איסט־אייראָפּעאישע יידן מיט יאַהודימשע פּסי־
כאָלאָגיעס, וועלכע האָבן מורא פאַר אַן עין־הרע. זיי האָבן מורא פאַר
אַ צו גרויסער צאָל יידן דאָ אין שטאָט. זיי האָבן מורא צו זיין גרויס
אין גויאישע אויגן. זיי זיינען אין דער בחינה פון יענע פּרויען וואָס
זאָגן קיינמאָל נישט אויס זייער עלטער, כאָטש זייערע פּנים־צייכנס

און קנייטשן גיבן זיי אַרויס. אָבער אַז מיר זאָלן אָננעמען אַז ד״ר קאהסעס צוגאַנג איז דער איינציק מעגלעכסטער ווי אָפּצושיילן די יידישע באַפעלקערונג ביי אונדז אין שטאַט, און ער אַליין גיט צו אַז וואָס עס איז שייך דער יידישער באַפעקערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן מוז מען זיך פאַרלאָזן אויף טרעפונגען (געסעס), איז לויט נאָך זיינע טאַבעלן מוזן מיר קומען צום באַשלוס אַז די יידישע באַפעלקע־רונג אין לאָס אַנדזשעלעס גרייכט ווייט אַריבער די צאָל פון 200,000.

לויט זיינע טאַבעלן גיט ער אָן אַז אין געוויסע יאָרן האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט אין איין אָדער צוויי יאָר אויף גאַנצע הונדערט און אַכציק פּראָצענט. אַזוי איז די לאָס אַנדזשעלע־סער יידישע באַפעלקערונג אויסגעוואַקסן פון דעם יאָר 1905 מיט אַ באַפעלקערונג פון 2,500 צו 7,000 אין 1907, אַ פאַרגרעסערונג פון גאַנצע 4,500 יידן אין משך פון איבער אַ יאָר. אַזוי האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פאַרדאָפּלט פון דעם יאָר 1912־1917. ד״ר קאהס גיט אָן טאַבעלן ווי אַזוי די יידישע באַפעלקערונג איז דאָ געוואַקסן מיט ראַשיקע טריט. אַזוי גיט ער אָן אַז פון דעם יאָר 1937 איז די יידישע שטאָט פאַרגרעסערט געוואָרן ביז דעם יאָר 1939 אויף גאַנצע 18 טויזנט, דאָס הייסט, פון 82,000, אין 1937, צו הונדערט טויזנט, אין 1939, אַ פאַרגרעסערונג פון 22 פּראָצענט. און פון 1939 ביז 1941 איז די יידישע באַפעלקערונג אויסגעוואַקסן אויף גאַנצע 30 פּראָצענט, פון הונדערט טויזנט ביז הונדערט און דרייסיק טויזנט.

ווען מיר זאָלן זיין קאָנסערוואַטיוו און אָננעמען אַז אין די מלחמה־יאָרן פון 1941־1945 האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פאַרמערט יעדן יאָר מיט 30 פּראָצענט, געפינען זיך צו היינטיקן טאָג אין לאָס אַנדזשע־לעס אַ סך מער ווי 200 טויזנט יידן. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, קאָנ־סערוואַטיוו גערעדט. אין אמתן אָבער האָבן די לעצטע דריי יאָר אימי־גריסט אַהער אַ נישט אין ערך קיין גרעסערע צאָל יידן ווי מיר שטעלן זיך פאָר. אין פיל מזרח־שטאַטן האָבן זיך די יידישע קהילות פאַר־קלענערט און די אַרויסגעפאָרענע האָבן זיך באַזעצט אין דרום־קאַלי־פאָרניע, און דער גרעסטער טייל האָט זיך אָפּגעזעצט ביי אונדז אין שטאָט.

אונדזער שטאָט בכלל און אונדזער יידישע שטאָט בפרט איז גע־

וואַקסן צו ראַשיק און אונדזער קהלשער לעבן האָט זיך נישט געקענט איינשטעלן לויט דעם וואוקס פון דער באַפעלקערונג. אונדזער קערפּער איז אויסגעוואַקסן סיי אין כמות און סיי אין איכות. אונדזערע אינ־סטיטוציעס זיינען נישט דערוואַקסן צו די באַדערפעענישן פון דער ראַ־שיקן פאַרגרעסערטער באַפעלקערונג. די בגדים וואָס האָבן זיך געפּאַסט צו אונדזער געוואוקס מיט צען־צוואַנציק יאָר צוריק פּאַסן זיך נישט אויף דעם אויסגעוואַקסענעם קערפּער. נייע „בגדים״, נייע אינסטיטו־ציעס אָדער אויסגעברייטערטע נייטיקן זיך איצט פאַר דער אויסגע־וואַקסענער יידישער באַפעלקערונג דאָ אין שטאָט. אונדזערע פאַר־שטייער פון דעם קאַמיוניטי קאַונסיל דאַרפן עס נעמען אין אַכט.

מיר דאַרפן נישט פאַרלייקענען דעם וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג, און די וואָס האָבן מורא פאַר אַן עין־הרע דאַרף מען זיי די עין־הרע אָפּשפּרעכן. די יידישע באַפעלקערונג וואַקסט, כן ירבו. דער קאַמיוניטי קאַונסיל דאַרף זיך דערפאַר אויך אויסברייטערן, בכדי ער זאָל ריכטיק פאַרטרעטן די קהילה־אינטערעסן.

* * *

עס וועלן אָפּגעהאַלטן ווערן די יערלעכע וואַלן פון דעם קאַמיוניטי קאַונסיל. אין פיל פון מיינע פריערדיקע אַרטיקלען האָב איך באַ־קעמפט די אַסטעריסקן (שטערנדלעך) פאַר די וועלכע ווערן נאָמינירט פון דער נאָמינאַציע קאָמיטע. עס וואָלט פשוט געזאָגט: שטימט פאַר די וואָס מיר האָבן נאָמינירט. די וועלכע זיינען באַצייכנט מיט אַסטע־ריסקן זיינען פּריווילעגירטע כאַראַקטערן. מיר האָבן אויפגעוויזן אויף דער שעדלעכקייט. יענע וואָס זיינען דורך אַ קאַפּריז פון אַ טשערמאַן באַשטימט געוואָרן צו זיין אין דער נאָמינאַציע קאָמיטע זיינען נישט בעסער און נישט ערגער ווי אַלע דורכשניטלעכע מענטשן. זיי זיינען, פּונקט ווי איר און איך, אַ מיקראָקאָזם, אַ קליין וועלטעלע פאַר זיך. זיי האָבן זייערע נייגונגען, סימפּאַטישע און אַנטיפּאַטישע. זיי האָבן זייערע פאַוואָריטן, זייערע פּרעפערענצן, זייער קעגנערשאַפט און האַס; זיי האָבן קנאה און שנאה.

אַלס מענטשן מיט די אויסגערעכנטע גוטע און שלעכטע אייגנ־שאַפטן וועלן זיי פיל מאָל פאַרבייטן דעם קלענערן אויף דעם גרע־סערן, ווייל דער קלענערער איז זיי נענטער. זיי וועלן אין זייערע

שוואַכקייטן נאָמינירן די וועלכע זיינען נישט פּאַסנד אין פאַרצוג צו די וואָס זיינען פּאַסנד. אין דער נאָמינאַציע קאָמיטע וועלן זיך געפינען אַזעלכע מענטשן, וועלכע געהערן אין אָרגאַניזאַציעס, וועלכע וועלן נאָמינירן איינעם וואָס וועט טאָן זייער ווילן אין פאַרצוג צו דעם וואָס האָט אַן אייגענע שטעלונג און איז נישט אַלעמאָל איינשטימיק מיט דעם וואָס האָט געהאַט דאָס גליק אַריינצופאַלן אין דער נאָמינאַציאָנס קאָמיטע.

איך וויל דאָ נישט רעפלעקטירן אויף דער איצטיקער נאָמינאַציע קאָמיטע. אַלע נאָמינאַציע קאָמיטעס זיינען עלול צו האָבן אַזעלכע מענטשן, וועלכע וועלן זוכן אַריינשטופּן יענע מענטשן וואָס זיינען זיי נאָענט און פּאַסן זיך אַריין אין זייערע פּערזענלעכע נייגונגען און אַמביציעס, וועלכע זיינען צייטנווייז שמאָל און ענגהאַרציק. אַזוי קענען דורך דער קאָמיטע גוטע פּאַרזען ווערן און שלעכטע נאָמינירט ווערן.

די מענטשן פון דער נאָמינאַציע קאָמיטע האָבן פּריינט וואָס זיינען זיי גערן און אַזעלכע וואָס האָבן נישט קיין לייטזעליקייט אין זייערע אויגן. זיי טראַכטן נישט אָביעקטיוו. זיי זיינען נוטה צו איין צד, און ס׳איז דעריבער וויכטיק אַז קאַנדידאַטן זאָלן נאָמינירט ווערן דורך פּעטיציעס. דאַן גיט עס אַ גרעסערן אויסוואַל.

איך בין, פאַרשטייט זיך, זייער צופרידן וואָס די אַסטעריסקן זיינען דורכגעפאַלן, און פאַר דעם זעלביקן טעם טאַקע בין איך אויך צופרידן וואָס דער צוואַנג פאַר 20 אָדער 21 איז אָפּגעשאַפט געוואָרן און עס האָט אַרונטערגענומען דעם „מוז“ צו שטימען פאַר אַנטיפּאַטישע קאַנדידאַטן. פאַר דעם זעלבן טעם בין איך אויך געווען קעגן ביאָגראַפיעס.

ביאָגראַפיעס זיינען אַזעלכע זאַכן וואָס קענען אָפּנאַרן; זיי קענען קאָליִרט ווערן און נישט אויסזאָגן דעם גאַנצן אמת. מען קען, למשל, שרייבן אַז איינער איז געווען רב אין אַ געוויסער שטאָט פאַר 20 יאָר. דער סכום פון 20 יאָר זאָגט אַ סך, ער זאָגט אָבער נישט אַז פאַר די גאַנצע 20 יאָר פון זיין רבנות איז דאָס שטעטל געגאַנגען אויף רעדלעך, דער רב איז געווען דער קוואַל פון מחלוקת און נישט איין שבת האָט מען, צוליבן רב אין שול, נישט געלאָזט לייענען. די זעלביקע זאַך קען

זיין מיט איינעם וואָס איז געווען אַ דירעקטאָר פאַר געוויסע טערמינען אין דעם קאמיוניטי קאונסיל, מיט איינעם וואָס האָט געהאַלטן פיל פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס און ער האָט פאַר קיין איינעם פון זיי נישט געטויגט. אַזוי קען זיין מיט איינעם וואָס איז געווען פאַר עט־לעכע טערמינען אַ פּרעזידענט פון אַ שול, פון אַן אינסטיטוציע, און די שול, אָדער די אינסטיטוציע, האָט פריי אָפּגעאָטעמט ווען ער איז דורכגעפאַלן. אַמאָל קען איינער וואָס איז אַ לא־יוצלח ווערן אַן אָפּגאָט, דערפאַר וואָס דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט, ער איז געוואָרן רייך און איז פרייגעביק. אַזוי קען מען ביי אונדז דערהויבן איינעם וואָס ווייסט נישט דעם אונטערשייד פון „אָז ישיר" ביז דער „תוכחה" צו דער מיטגלידערשאַפט פון דער „דזשואיש באָרד אָוו עדיוקיישאָן". אין אַ ביאָגראַפיע קען מען אויסרעכענען אַז ער איז געווען אַ דירעק־טאָר דאָ און אַ דירעקטאָר דאָרטן און אין עצם קען ער נישט צייכענען זיין נאָמען. איינער קען זיין גוטהאַרציק און פרייגעביק, כאָטש פיל מאָל ווערט עס געטאָן צוליב כבוד, און דאָך נישט זיין פּאַסיק צו פאַר־נעמען אַ דירעקטאָרן־פּלאַץ אין דעם קאמיוניטי קאונסיל. מען טאָר זיך אויף ביאָגראַפיעס נישט פאַרלאָזן. זיי זיינען פאַרפירעריש. פילע פון די אַלטע דירעקטאָרן האָבן לכתחילה נישט געהאַט קיין פּלאַץ אין קאונסיל, און דאָס וואָס זיי האָבן געדינט שוין איין אָדער צוויי טער־מינען גייט נישט פאַר זיי, נאָר קעגן זיי.

אונדזער שטאָט איז אויסגעוואקסן און דער קאמיוניטי קאונסיל קען זיין אַזוי גרויס און אַזוי שטאַרק ווי די מענטשן וועלכע וועלן אים צוזאַמענשטעלן. אויף די ווייל[ע]ר ליגט דער חוב צו דערוויילן די פּאַ־סיקסטע, די ענערגישסטע און די וועלכע האָבן דרך־ארץ פאַר דעמאָ־קראַטיע. איך וויל האָפן אַז די ווייל[ע]ר וועלן וועגן און מעסטן די קאַנדידאַטן און דערוויילן די וועלכע זיינען ראוי פאַר דעם.

* * *

ריידנדיק וועגן דעם וואוקס פון שטאָט ווערט טרויעריק וואָס די צאָל פון יידישע אינסטיטוציעס איז נישט געוואקסן גלייכצייטיק מיט דעם וואוקס און די בויטן פון דער באַפעלקערונג. אָט האָט מען אויס־געדונגען דעם יידישן קולטור־קלוב, וואָס פאַר גאַנצע פערצן יאָר איז דאָרטן געווען אַ בית־ועד פאַר פיל קולטורעלע אונטערנעמונגען. אונדז

פעלט אויס אַ גרויסע געביידע, וואָס זאָל איך זיך אַריינגעמען אַ שיין טעאַטער, קלוב־צימערן און אַ גרויסן עס־זאַל. די יידישע צענטערס, ווי זיי געשטאַלטן זיך איצט, זיינען נישט צוגעפּאַסט. די נאַציאָנאַלע יידישע אַרבעטערשאַפט אויף דער וועסט־סאַיד בייטיקט זיך זייער שטאַרק אין אַזאַ אינסטיטוציע, אַזוי אויך דער קלוב, וועלכער איז דערווייל געבליבן אָן אַ היים.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט אונדזער יעקב מיללער געאָפּערט זיין פינף הונדערט דאָלאַרדיקן באָנד פאַר דעם צוועק. עס געפינען זיך ביי אונדז אין שטאָט אַ סך אַזעלכע מיללערס. ס׳געפינען זיך אָבער ביי אונדז אין שטאָט אַ סך גרעסערע „גבירין" ווי מיללער. זיי קענען געבן צו פינף און צו צען טויזנט דאָלאַר גאַנץ גרינג. זיי קענען אַזוי גרינג אַרויסנעמען אַ גרויסע סומע, אַז אין זייערע בייטלען זאָל זיך דאָס נישט פילן. עס דאַרף זיין פאַר דעם דער ווילן, עס דאַרפן זיך געפינען איניציאַטאָרס און עס קען גרינג ווערן אַ ווירקלעכקייט. אַזאַ געביידע קען אויך דינען פאַר אַ קינדער־שול, פאַר אַ הויכשול און אַ פאָרום פאַר גרויסע, אַזוי גוט ווי אַ גרויסע יידישע ביבליאָטעק. עס איז איצט די צייט צו פאַרטראַכטן זיך אין דעם און צוטרעטן צו דער אַרבעט, טאַקע שוין גלייך!

יאַנואַר 26, 1945.

## פּערזענלעכע אַמביציעס ווערזוס כלל-אינטערעסן

(אין פאַרבינדונג מיט דעם יידישן דערציאונגס־חודש)

דער קומענדער מאָנאַט איז דעזיגנירט געוואָרן אַלס דער חודש פון יידישער דערציאונג. עס איז דעריבער די ריכטיקע צייט אונטערצוציען אַ ליניע און מאַכן זיך אַ חשבון־הנפש איבער דעם פאָרשריט פון אונדזער דערציאונגס־וועזן אין שטאָט.

מאַכט מען אָבער אַ גרינטלעכן חשבון און מען ציט אונטער אַ טאָטאַלן סך־הכל, ווערט טרויעריק אויפן האַרצן. די יידישע דערציאונג איבערן לאַנד בכלל איז נישט דאָס וואָס אַ פינף־מיליאָניקער יידישער כלל קען מיט דעם שטאָלץ זיין.

# י. ש. נאומאָוו

ביי אונדז אין שטאָט אָבער איז דער דערציאונגס־וועזן, וועלכער שטייט אונטער דער השגחה פון יידישער דערציאונגס־ביוראָ פון דעם יידישן קאָמיוניטי קאָונסיל, אַן אמתער דורכפאַל. לאָס אַנדזשעלעס, צוליב דער מלחמה־אינדוסטריע, האָט זיך שטאַרק צעוואַקסן, די יידישע באַפעלקערונג וואַקסט אויך מיט ריזן־שריט. מען קען כמעט מיט זיכערקייט זאָגן אַז די יידישע באַפעלקערונג דאָ אין שטאָט ציילט קרוב פון צוויי הונדערט טויזנט, און דאָך האָט דער טשערמאַן פון דער יידישער ביוראָ אָוו עדיוקיישאַן באַריכטעט לעצטן יאַנואַר די מיזעראַבעלע רעגיסטראַציע פון אַן ערך עלף הונדערט קינדער, אַריינגערעכנט אַלע סאַנדעי־סקולס.

געוויס זיינען יידישע עלטערן גלייכגילטיק און נישט איין יידישע פאַמיליע שיקט זייערע קינדער אין קריסטלעכע זונטיק־שולן. די צאָל אָבער פון יידישע עלטערן וואָס וואָלטן גערן געשיקט זייערע קינדער אין די אַלע סאָרטן יידישע שולן, וואָס געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון דער יידישער דערציאונגס־ביוראָ, ווערן פאַרנאַכלעסיקט. זיי ווערן נישט באַזוכט און ווערן נישט דערמונטערט.

די ביוראָ פון יידישער דערציאונג ווערט פאַר די לעצטע פינף יאָר פאַרוואַלטעט פון דעם זעלביקן טשערמאַן, ביי וועמען פערזענלעכער כבוד און פערזענלעכע אַמביציעס וועגן אַריבער די אינטערעסן פונעם כלל. פאַר די גאַנצע פינף יאָר פירט דער טשערמאַן אַלע מיטינגען פון דער ביוראָ ביד רמה. ער טעראָריזירט די מיטינגען. ביי אים האָט זיך אויסגעאַרבעט דער געפיל אַז די ביוראָ פון דער יידישער דערציאונג איז זיין פערזענלעך אייגנטום. ער פירט זיך ווי אַ קליינער דיקטאַטאָר. ער טראַכט ביי זיך: די ביוראָ — דאָס בין איך! און נישט איינמאָל האָט שוין געטראָפן אַז די ביוראָ באַשליסט עפּעס צו טאָן טוט ער פונקט דעם היפּוך פון וואָס די ביוראָ האָט באַשלאָסן.

מיט איין וואָרט — ער פאַרגעסט אַז ער איז בלויז דער טשערמאַן צו דינען די ביוראָ און נישט דיקטירן איר. ער דערלויבט זיך אָנצורופן מיטגלידער פון דער ביוראָ, וועלכע שטימען מיט אים נישט איין, מיט די שענדלעכסטע נעמען, ווי פעלשער און דעמאַגאָגן. אַנשטאָט צו ציען דעם וואָגן פאַראויס האַלט ער דעם וואָגן פאַר די הינטערשטע רעדער און לאָזט אים זיך נישט רירן פון אָרט. עס איז נישטאָ קיין

מיטינג וואָס זאָל נישט אַוועק אָן קירגערייען צוליב זיינע פּערזענלעכע אַמביציעס. ער איז אַזוי כבוד דורשטיק, אַז ער שטעלט זיין פּערזאָן העכער פון יעדן איינציקן אין דער ביוראָ.

אַזוי זיינען צוליב אים אַוועק פון דער ביוראָ אַזעלכע פּערזענלעכ־קייטן, ווי מאַרקא ניומאַרק, ד״ר מאַקס קראַקאָווסקי פון סיטי קאָלעדזש, דזשוליוס פליגעלמאַן, און לעצטענס — דער געלערנטער סעמועל רייכ־לער. ווען דער לעצטער האָט איינגעווענדט קעגן דעם טשערמאַנס מעטאָדן האָט דער טשערמאַן זיך דערלויבט צו זאָגן אַז אין דער ביוראָ איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר צוויי, ער איז איינער און מער קיינער. פאַרשטייט זיך, אונטער אַזעלכע אומשטענדן קען די ביוראָ גאָרנישט אויפטאָן.

איבערהויפּט שטייט דעם טשערמאַן דער דירעקטאָר פון דער ביוראָ ווי אַ ביין אין האַלדז. פאַר די גאַנצע פינף יאָר האַלט דער טשערמאַן אין איין אינטריגירן קעגן דעם דירעקטאָר. אַזוי איז ווען די גאַנצע מאַכט ליגט אין די הענט פונעם טשערמאַן, קען דער די־רעקטאָר גאָרנישט אויפטאָן אין דער ריכטונג פון בעסערער דערציאונג סיי פאַר גרויס און סיי פאַר קליינע. דעם דירעקטאָרס הענט זיינען געבונדן. ווייל ער עפּעס אונטערנעמען אַן אַקציע, דערלאָזט עס נישט דער טשערמאַן. און ערגער איז וואָס אין דער ביוראָ האָט זיך אויס־געאַרבעט, ווי דער שטייגער איז אַלעמאָל, אַ צדדימדיקע פּאָליטיק וואָס דינט אַלס אַן אָבסטרוקציע אין דעם פאָרווערטס גאַנג פון דערציאונג. און מאָדנע ווי עס זאָל נישט זיין, האָט די צדדים־פּאָליטיק, ווי מען זאָגט אין ענגליש, אַריינגעוואָרפן אין איין בעט מענטשן פון קעגנגע־זעצטע אידעאָלאָגיעס, מענטשן וואָס וואָלטן דאַכט זיך געדאַרפט אין דער ביוראָ קעמפן פאַר אַ דעמאָקראַטישן איינשטעל שטיצן אַ דיקטאַ־טאָרישע הנהגה.

אַזוי קענט איר זען מענטשן, וועלכע רימען זיך מיט רעוואָלוציאָ־נערער פאַרגאַנגענהייט, וועלן, צוליבן כבוד־גלאַנץ פון אַן אַמט, האַלטן מיטן טשערמאַן, וועמענס פּערזענלעכע אַמביציעס עס שטייען העכער פון אַלץ. איר וועט זען מענטשן אין דער ביוראָ וואָס פאַרטרעטן דאָרט דעם אַרבעטער־ציוניסטישן פליגל און וואָס דאַרפן אין דער ביוראָ אַרבעטן פאַר אַ ליבעראַלן דערציאונגס־איינשטעל, ווערן זיי די

שטיצער פון דעם ביוראָקראַטישן טשערמאַן און טראָגן זײַנע זאַכן אין באַד אַרײַן. אַ דאַנק אָט די פּעזאָנען האַלט דער טשערמאַן זײַן אַמט.

ווי עס זעט אויס, איז די אַרבעט פון די פּערזאָנען אָפּגעטאָן געוואָרן אין די אינטערעסן פון געוויסע אײַנפלוסרײַכע פּערזענלעכקייטן, וועלכע פּראָטעקטן דעם טשערמאַן, כאָטש עס איז קעגן די אינטערעסן פון די אָרגאַניזאַציעס וואָס זיי פאַרטרעטן קעגן די אינטערעסן פון יידישער דערציִאונג דאָ אין שטאָט און במילא קעגן די אינטערעסן פונעם יידישן כלל. און דאָך וואונדערן זיך יענע מענטשן ווען זיי פאַרלירן דעם צוטרוי פון זייערע אייגענע חברים.

נאָך דעם ווי די נײַע ביוראָ איז לעצטן יאַנואַר צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן, האָט דער דירעקטאָר אויסגעאַרבעט אַ קאָנסטרוקטיווע פּראָגראַם פון ווייטערער טעטיקייט. דער טשערמאַן סאַבאָטאַזשירט די פּראָגראַם און דערלאָזט נישט אַז זי זאָל בײַ די מיטינגען דיסקוטירט ווערן, ווײַל טאָמער וועט די פּראָגראַם אָנגענומען ווערן וועט דאָך דער דירעקטאָר קריגן קרעדיט פאַר דעם. עס איז נישטאָ קיין זאַך וואָס דער דירעקטאָר פאַרקלערט אָדער טוט אַז דער טשערמאַן זאָל עס נישט סאַבאָטאַזשירן.

דער טשערמאַן שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין זאַך. ער אינטריגירט צווישן די לערער און זוכט צו פאַרמיאוסן דעם דירעקטאָר אומעטום, וואו ער האָט נאָר אַ מעגלעכקייט. איצטער האָט מען אויסגעקליבן אַ קאָמיטע צו אונטערזוכן דעם דירעקטאָר.

שטעלט זיך די פראַגע: פאַרוואָס זאָל די שטאָט נישט דערווײַלן אַן אומפּאַרטייאישע קאָמיטע צו אונטערזוכן די האַנדלונגען פון דעם טשערמאַן אַליין, וועמענס אַמט, אַגב, איז נישט אַזוי צוליב קענטעניש ווי צוליב כבוד און פּערזענלעכער אַמביציע? ווען עס זאָל קומען צו מעסטן די פאַך־קענטעניש פון די ביידע, שטייט דאָך דער דירעקטאָר אַ סך העכער פון דעם טשערמאַן.

דער דירעקטאָר האָט דאָך דורכגעמאַכט אַ דערציִאונגס־קורס, ער באַזיצט גוט די יידישע, די העברעאישע און ענגלישע שפּראַכן, אין וועלכע שפּראַכן די קינדער פון די ביוראָ־שולן ווערן אונטערריכט. דער טשערמאַן קען זיך דאָך מיט דעם נישט באַרימען. ער קען זײַ אַ גוטער לאָיער — דאָס אָבער לאָזן מיר איבער צו זײַנע פאַך־קאָלעגן.

וואָס אָנבאַלאַנגט צו דער דערציאונג, מעג זיך דער טשערמאַן פון דער ביוראָ צוהערן צו דעם דירעקטאָר, דעם פאַך־מענטש.

אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: לא הקפדן מלמד — דער כעסניק, דער בייזער מענטש קען נישט זיין קיין לערער. ספעציעל איז עס ווי אָנגעמאָסטן אויף אַ טשערמאַן פון אַ דערציאונגס־ביוראָ. אַ ביוראָ טאָר נישט אָנגעפירט ווערן מיט בייזקייט, קפדנות, קליינ־לעכקייט און פערזענלעכע אַמביציעס.

אַלס זשורנאַליסט, וואָלט זיך מיר געוואָלט וויסן דאָס פאָלגנדע: איז דער אַמט פון אַ טשערמאַן אין דער דערציאונגס־ביוראָ אַ פּערמאַ־נענטע פּאָזיציע, צי דער טשערמאַן טויג בכלל פאַר דעם אַמט אָדער נישט? מוז אַ שטאָט זיין אונטערוואָרפן די אַמביציעס און די קאַפּ־ריזן פון איין מענטשן, וועלכער איז דער פראָטעזשע פון אַ געוויסער איינפלוסרייכער גרופּע, כאָטש זיין טעטיקייט גייט קעגן די אינטערעסן פון דער שטאָט? וואָס זיינען די פונקציעס פון אַ טשערמאַן פון אַ דערציונגס ביוראָ? זיינען זיי די פון אַ צאַר, אַ דיקטאַטאָר, אָדער זיינע פונקציעס זיינען די פון צו דינען דעם כלל? מוז דער טשערמאַן אַלעמאָל גוזר זיין, אָדער פאַרקערט? דאַרף די ביוראָ דינען דעם טשערמאַן, אָדער דער טשערמאַן דער ביוראָ? איז עס שיין פאַר אַ טשערמאַן וואָס האַלט דעם אַמט צוליב זיין אייגענעם כבוד וועגן צו רודפן דעם דירעקטאָר אויף אַזוי וויט, אַז ער זאָל פאַרלירן זיין אַמט?

אפשר פאַרשטאַרקט עס דעם כבוד פון טשערמאַן, וואָס איך צווייפל. דעם כבוד פון דער שטאָט פאַרשטאַרקט עס געוויס נישט. עס מיינט, אַז אַ שטאָט לאָזט זיך פירן פאַרן נאָז פון אַן אַמביציעזן מענטשן.

עס איז כדאי דאָ אָנצואוואַרפן אַביסל פאַקטן, בכדי דער יידישער עולם זאָל וויסן וואָס עס גייט אָן אונטער זיין נאָז: ווען דער טשער־מאַן האָט איבערגענומען דעם אַמט, אין 1938, האָט די ביוראָ קעגן זיין ווילן אויפגענומען דעם דירעקטאָר. דער טשערמאַן איז געווען אַזוי קליין און האָט נישט אַנדערש, אַנשטאָט דירעקטאָר, געוואָלט דעם לעצטן רופן זיין „טעכניקאַל עדווייזער״. דאָס הייסט אַז דער דירעק־טאָר איז ער אַליין, ער האָט בלויז, הייסט דאָס, אַ „טעכניקאַל עד־ווייזער״.

דער טשערמאַן טוט אָפּ זאַכן אויף זיין אייגענער אַחריות און קומט דערנאָך צו דער ביוראָ, צי גוט, צי שלעכט, אַז זי זאָל עס באַ־שטעטיקן. אַזוי האָט ער אָנגעפירט אַ קאַמף קעגן דער ביאַליק־שול, ביז עס איז געקומען צו אַ משפט און אַ בוררות, און אַפילו זיין באַ־שיצער, דזשאַדזש האַלצער, האָט געפסקנט אַז ער איז אומגערעכט.

דער דירעקטאָר, וועמענס עובֿדה ס'איז אָנצופירן די גאַנצע אַר־בעט, מוז זיך וואַלגערן אין אַ ווינקל פון אַן אַנדערנס אָפיס, עס זאָל הייסן אַז די ביוראָ וויל איינשפּאָרן געלט.

אויב דאָס איז נישט קיין רשעות, ווייס איך נישט וואָס דאָס איז. אויב אַ דירעקטאָר קען נישט האָבן קיין באַזונדער אָפיס, טאָר די ביוראָ נישט עקזיסטירן און דאַרף נישט האָבן קיין באַצאָלטן סעקרעטאַר און קיין טשערמאַן אַוודאי און אַוודאי נישט.

רייכלער האָט אַוועקגעגעבן אַ סך צייט פאַר דער ביוראָ. ער איז געווען טשערמאַן פון דער ביוראָ זינט 1936, איידער דער טשערמאַן איז באַשטימט געוואָרן, און דאָך האָט דער טשערמאַן זיך נישט אָפּ־געהאַלטן פון צו רופן רייכלערן אַ דעמאַגאָג.

די ביוראָ באַשטייט פון מענטשן פון פאַרשיידענע אנשויאונגען, גראָד די מענטשן וועלכע זיינען ווייט פון יידישער דערציאונג, ווי רבי דובין און מ"ר נארטאן און נאָך אַנדערע, זעען איין די אינטריגעס פונעם טשערמאַן און סעקרעטאַר. דער לעצטער מיטינג איז געווען אַ שטורעמדיקער און דער טשערמאַן האָט זיך דערלויבט אָנצורופן עפנטלעך איינעם פון דער ביוראָ מיטן שיינעם נאָמען דעמאַגאָג, ווייל דער לעצטער האָט געקעמפט קעגן די אינטריגעס פונעם טשערמאַן. דער מיטינג איז אַגב באַריכטעט געוואָרן אין צייט אין דער „ק. א. ש.".

דער דירעקטאָר האָט אַראַנזשירט צוויי דערציאונגס־קאָנפערענצן, וועלכע זיינען געווען אַ גרויסער דערפאָלג, און דער טשערמאַן און דער סעקרעטאַר האָבן עס באַקעמפט. דער טשערמאַן באַקעמפט דעם קינדער־שולן־זשורנאַל „קולנו" און דער זשורנאַל ווערט נאַציאָנאַל אנערקענט. ערשט נישט לאַנג האָט דער „מאָרגן זשורנאַל" אין זיין קינדער־אָפּטיילונג איבערגעדרוקט אַ ליד פון אַ שילערין פון די היגע שולן. מיט איין וואָרט, עס איז נישטאָ קיין געביט וואָס דער טשערמאַן

און דער סעקרעטאַר זאָלן נישט זוכן מיט די נידעריקסטע מיטלען צו באַקעמפן דעם דירעקטאָר.

איצט איז פאַרקלערט געוואָרן אַ נייע סכעמע, דאָס הייסט מען גייט אַראָפּברענגען אַן עקספּערט צו מאַכן אַ „סורווייי" איבער דעם יידישן דערציאונגס־וועזן דאָ אין שטאָט. דער סורווייער וועט זיין מ"ר דושקין, וועלכער איז אַ סאָשיאַל וואָרקער און אַן עדיוקייטאָר. מיט מיין גאַנצן רעספּעקט צו דעם הער דושקין, וועלכן איך קען נישט, בין איך זיכער, אַז ער ווייסט זיין פאַך און אַוודאי מער פון דעם היגן טשערמאַן. אָבער, דוכט מיר, אַז מען האָט דאָ ביי אונדז אין שטאָט געקענט געפינען גענוג מענטשן וועלכע זיינען מומחים אין דעם פאַך און זיי וואָלטן עס גערן געטאָן. און אויב מען זאָרגט זיך וועגן די אויסגאַבן פאַר אַ ספּעציעלן דירעקטאָר־אָפיס, צו וואָס דען אויסגעבן אַזויפיל געלט צו ברענגען אַן עקספּערט פון ניו־יאָרק? די גאַנצע סורוויי־אַפערע איז געבוירן געוואָרן בטומאה, דורך אַן אויסגאַנג פון פּאָליטישער שמד־שטיק. ווי אַזוי דען קענען מיר דערוואַרטן אַז עס זאָל ברענגען גוטע רעזולטאַטן?

וואָס איך וויל דאָ זאָגן איז: קיין דירעקטאָר וועט גאָרנישט אויפטאָן, אַפילו ווען ער זאָל זיין אַ מלאך, ווען אַן אַמביציעזער כבוד־לוסטנדער טשערמאַן וועט אים האַלטן געבונדן. דער איינציקער אויס־גאַנג פון דער טרויעריק־געשאַפענער לאַגע איז, אַז דער טשערמאַן זאָל רעזיגנירן. מיר דוכט, אַז די שטאָט האָט שוין צוגעטיילט גענוג כבוד איין מענטשן, וועלכער איז פאַר פינף יאָר געווען פאַרזיצער פון דעם לאָס אַנדזשעלעסער ועד־התרבות. עס איז שוין גאָר אַ גרויסער כבוד און איבער הונדערט יאָר אַרום וועלן זיינע נאָענטע שטאָלץ זיין ווען אויף זיין מצבה וועט, צו אַלע זיינע מעלות, אויך זיין אויסגעקריצט:

פינף יאָר טשערמאַן פון דער לאָס אַנדזשעלעסער יידישער דער־ציאונגס־בוירא."

דער טשערמאַן מעג זיך אויך טרייסטן אַז דער שיינער עפּיטאַף וועט יענעם דור נישט אויסזאָגן וואָס פאַר אַ שטורעמדיקע און פּוסטע צייט עס איז געווען.

סעפּטעמבער 10, 1943.

י. ש. נאומאָוו

# אויפגעבלאָזענער קינדער - באַלאָן

מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער יערלעכער מיטינג פון דעם היגן יידישן קאָמיוניטי קאַונסיל. פאַרשיידענע רע־פּאָרטן זיינען צוגעשטעלט געוואָרן פון די פאַרשיידענע טשערלייט איבער געוויסע דעפּאַרטאַמענטן. עס איז נישט דאָ מיין אויפגאַבע צו אַנאַליזירן יעדן באַריכט, און כאָטש יעדער באַריכט דאַרף אינטערע־סירן, אין יעדן באַריכט קען מען אָנוויַיזן די גוטע און שלעכטע זייטן. פּערפעקטע זאַכן זיינען אין דער נאַטור אויך אַ גאַר גרויסע זעלטנהייט און מען דאַרף דערוואַרטן אַז יענע אַרבעטן וואָס ווערן געטאָן פון מענטשן זאָלן נישט זיין פּערפעקט אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט. אָבער אַז דער באַריכט איבער דעם יידישן דערציאונגס־וועזן זאָל אין זיך אַבסאָלוט גאָרנישט האָבן, אויף דעם האָב איך זיך נישט געריכט.

איך האָב זיך געפּרואווט אַריינטראַכטן אין דעם רעפּאָרט וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן צום יערלעכן קאָונסיל־מיטינג פון דער יידי־שער ביוראָ אָוו עדיוקיישאָן. איך האָב דאָרטן געזוכט פּאָזיטיווע מאָ־מענטן און איך האָב זיי נישט געפונען. דער רעפּאָרט איז אין דער בחינה פון אַ קינדערשן אויפגעבלאָזענעם באַלאָן. דער באַלאָן איז שיין קאָלירט און ווען אָנגעבלאָזן מיט לופט זעט ער אויס שיין און רונד און האַלט זיך אין דער לופטן, מען דאַרף אָבער אין דעם אַ שטאָך טאָן מיט אַ קליינער שפּילקע און ער פאַלט צוזאַמען.

דער באַלאָן־רעפּאָרט איז קאָלירט געוואָרן מיט אַ וואָרט וואָס הייסט טראַנזיציע. אין פּשוטן לשון הייסט דאָס איבערגאַנגס־צייט. עס איז אַ שיין וואָרט וואָס זאָגט גאָרנישט און גיט גאָרנישט. דאָס וואָרט „טראַנזיציע״ ווערט דאָרטן צוויי מאָל געזאָגט. דאָס הייסט אַז דאָס לעצטע יאָר איז געווען אַ יאָר פון טראַנזיציע און דאָס קומענדע יאָר וועט אויך זיין אַ יאָר פון טראַנזיציע. דאָס הייסט אַז דאָס לעצטע יאָר איז בלויז געווען אַ יאָר פון עקספּערימענטן און דאָס קומענדע יאָר מיט דעם נייעם דירעקטאָר, וועט אויך זיין פון הכנות און עקספּערי־מענטן. די אמתע רעזולטאַטן וועט מען ערשט קענען זען אין אַ יאָר אַרום.

## געזאַמלטע שריפטן

אין דעם באַריכט ווערט געלייגט גרויס געוויכט אויף דעם דושקין רעפּאָרט און עס קומט אויס אַז דער קרעדיט גייט אויף דעם חשבון פון דער איצטיקער אַנפירערשאַפט פון דער ביוראָ. דער דושקין סורוויי איז שוין אַלט אַ יאָר און זינט דאַן האָבן נאָך זיינע רעקאָמענדאַציעס נישט אָנגענומען קיין הויט און ביינער. עס איז אמת, אַז דער דער־פאַרענער דירעקטאָר איז אַנגעשטעלט געוואָרן. ס׳איז שוין אָבער אַ יאָר זינט דושקין איז דאָ געוועזן און דער נייער דירעקטאָר האָט נאָך זיין אַרבעט נישט אָנגעפאַנגען. ווען דער אַרטיקל ווערט געשריבן איז נאָב ד״ר שמואל דינין דאָ אין שטאָט נישטאָ.

אין דעם „ענראָלמענט״־ציפער ווערט אָנגעגעבן אַז אין די יאָרן 1944־45 האָבן זיך רעגיסטרירט 1,123 קינדער אין דער ביוראָ אַפּי־ליאירטע שולן לגבי 973 קינדער אין די יאָרן 1943־44. ווילט זיך מיר דאָ זאָגן, אַז אויב ס׳איז דאָ אַ פאַרגרעסערונג אין דעם ענראָלמענט איז דאָס נישט די פאַרדינסטן פון דער איצטיקער ביוראָ, נאָר גאָר פּשוט, עס איז צו פאַרדאַנקען דעם שנעלן וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג ביי אונדז אין שטאָט, און לויט דעם צופלוס־ציפער פון דער יידישער באַפעלקערונג איז די צאָל פון עלף הונדערט מיט דריי און צוואַנציק קינדער זייער אַ קליינע. אַגב וויל איך זאָגן, אַז לויט דעם באַריכט־אָפּגעבער מיט די ענראָלטע 1,123 אין 1944־45 איז שוין גאָרנישט קיין געווינס, נאָר אַ שטאַרקער צוריקטריט.

פאַר מיינע אויגן ליגט דער באַריכט פון דעם דושקין סורוויי, און אָט האָט איר דושקינס ציפערן. ער זאָגט דאָרטן, ווען ער רעדט וועגן דער אַלגעמיינער צאָל יידישע קינדער רעגיסטרירט אין די פאַרשיי־דענע יידישע שולן, דאָס פאָלגנדע: „אין דעם יאָר 1944 געפינען זיך 38 יידישע שולן אין לאָס אַנדזשעלעס, וועלכע האָבן אַ טאָטאַלן ענ־ראָלמענט פון 4,415 שילער. פון זיי זיינען 13 שולן אַפּיליאירט מיט דער באָרד אָוו דזשואיש עדיוקיישאַן, וועלכע האָבן רעפּאָרטעט אַן ענראָלמענט אין פעברואַר 1944 פון 1,360 קינדער. דאָס הייסט אַז אין פעברואַר פון 1944 זיינען געוועזן מער ענראָלטע קינדער ווי סוף יאַנואַר 1945, ווען דער לעצטער רעפּאָרט איז צוגעשטעלט געוואָרן. דאָס הייסט אַז דאָס יאָר האָט נישט געוויזן קיין פאַרגרעסערונג פון

פאַרשריבענע יידישע קינדער אין די ביוראָ־אַפּיליאירטע שולן, נאָר אַזאַ גרויסן פאַרלוסט ווי גאַנצע 237 קינדער.

איך ווייס אויך פון אַ רעפּאָרט וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן צו דער ביוראָ אָוו דזשואיש עדיוקיישאָן נאָך אין אָקטאָבער 1941, פון דעם אַלטן דירעקטאָר. צו זיין געגוי, איז עס געווען דעם 23טן אָקטאָ־בער פון דעם דערמאָנטן יאָר. דאַמאָלס איז אָנגעגעבן געוואָרן די צאָל פון די ענראָלטע קינדער 1,211 און די נעטע צאָל פון באַזוכנדע קינ־דער — 999. דאָס הייסט אַז נישט אַלע רעגיסטרירטע קינדער באַזוכן די שולן רעגלמעסיק. די רעגיסטראַציע פון קינדער מיטן פאַקטישן באַזוך גלייכן זיך קיינמאָל נישט אויס. וואָס איך בין דאָ אויסן אויפ־צואווייזן איז, אַז די איצטיקע ביוראָ האָט זיך נישט מיט וואָס צו באַ־רימען אַפילו מיט דעם אימפּעטיקן צוואוואוקס פון דער באַפעלקערונג.

איך וויל דאָ אין דעם נישט באַשולדיקן די איצטיקע ביוראָ. די איצטיקע באַאַמטע זיינען אַריין אין אַ צייט ווען די ביוראָ איז געווען אין אַ קראַנקן צושטאַנד אַ דאַנק דעם געוועזענעם דיקטאַטאָרישן טשערמאַן מיט זיינע אַרויסהעלפער, וועלכע געפינען זיך ליידער אויך איצט אין דער ביוראָ. דאָס וואָס די ביוראָ באַרימט זיך איצט מיט די גרויסע אויפטואונגען פון דעם דושקין רעפּאָרט און פאַרשפּרעכט זיינע רעקאָמענדאַציעס דורכצופירן, האָט שוין די זעלבע רעקאָמענדאַציעס נאָך אַ סך פריער צוגעשטעלט דער פריערדיקער דירעקטאָר, בערנאַרד קאָהען. פיל פון זיינע רעקאָמענדאַציעס, וואָס דער לעצטער האָט אַריינגעבראַכט, זיינען אָנגענומען געוואָרן פון דער ביוראָ, נאָר זיי זיינען קיינמאָל נישט דורכגעפירט געוואָרן. שולדיק אין דעם איז נישט געווען קיין אַנדערער ווי דער געוועזענער טשערמאַן. און דושקין זאָגט טאַקע אין זיין באַריכט ווען ער רעדט וועגן פראָפעסאָנאַלער און נישט פאַכמענישער פירערשאַפט. ער זאָגט דאָרטן:

„דער צווייטער פונדאַמענטאַלער חסרון פון דער ביוראָס צוגאַנג צו איר אַרבעט איז די קאָנפוזיע פון נישט פאַכמענישער פירערשאַפט מיט דער פאַכמענישער. פון אָנפאַנג האָט מ״ר הערמאַן באַכראַך גע־דינט אי אַלס טשערמאַן פון דער ביוראָ און אויך אַלס עקזעקוטיוו פון דער ביוראָ. קיין עקזעקוטיוו דירעקטאָר איז נישט געווען.״ מ״ר

## געזאַמלטע שריפטן

באַכראַך איז נישט קיין פּאַכמאַן און אים האָט זיך קיינמאָל נישט גע־וואָלט אויפגעבן ביידע פונקציעס, אַפילו ווען אַ פּראָפעסיאָנאַלער דירעקטאָר איז אָנגעשטעלט געוואָרן. דער דירעקטאָר פלעגט פּלאַנירן און דער טשערמאַן פלעגט עס נישט דערפירן. דער טשערמאַן האָט נישט געוואָלט אַז אַ פּראָפעסיאָנאַלער דירעקטאָר זאָל אויפגענומען ווערן. ער האָט בלויז געוואָלט האָבן צו זיך אַן אַרויסהעלפער (אַסיס־טענט) (זע דושקינס רעפּאָרט, ז׳ 10). ער האָט געוואָלט זיין דאָס וואָס ער האָט, אַלס נישט־פּאַכמאַן, נישט געקענט זיין.

דעם עצם־סורוויי האָט דער פריערדיקער טשערמאַן געצילט צוליב דער באַזייטיקונג פון דעם געוועזענעם דירעקטאָר. ווען ער האָט פּלאַנירט דעם סורוויי זיינען שפּעטערדיקע אונטערהאַלטער גע־ווען קעגן דעם פּלאַן. זיי האָבן געזען וואוהין ער צילט. אים האָט זיך געוואָלט באַזייטיקן דעם פּראָפעסיאָנאַלן דירעקטאָר. ער האָט געמיינט אַז ער וועט עס דורך דעם סורוויי דערגרייכן. עס איז אָבער אַזוי מאַ־נעווורירט געוואָרן דורך אָפּגעשפּיצטער פּאָליטיק, אַז דער דירעקטאָר איז באַזייטיקט געוואָרן נאָך איידער דער סורוויי איז געמאַכט געוואָרן. אַזוי איז דעם סורווייער נישט אויסגעקומען צו באַראַטן זיך מיטן פּראָפעסיאָנאַלן דירעקטאָר, ווי עס פירט זיך אין אַלע אַזעלכע סורווייס ביי די אומות העולם.

דער טשערמאַן, און מיט אים די ביוראָ, האָבן אַלעמאָל געהאַלטן אַז אַלע געלטער וואָס די ביוראָ פאַרנוצט, אויסער וואָס זי גיט די סקולס, זיינען איבעריקע (אָווערהעד). אַזוי האָט מען דעם דירעקטאָר נישט געוואָלט געבן קיין באַזונדער אָפיס און קיין באַזונדער סעקרע־טאַר פאַר דעם דירעקטאָר. פאַר יעדער קלייניקייט האָט זיך דער די־רעקטאָר געמוזט אַרומרייסן מיט דעם טשערמאַן. פאַר פּובליקאַציעס און דערציאונגס־מאַטעריאַל איז נישט געווען גענוג געלט. דער דירעק־טאָר האָט נישט געדאַרפט מאַכן זיינע אייגענע ציגל און קלייבן זיינע אייגענע שטרוי. אונטער אַזאַ אַטמאָספערע האָט קיין שלום־בית נישט געקענט זיין. און דושקין זאָגט טאַקע אין זיין באַריכט, אַז ווען דער געוועזענער דירעקטאָר וואָלט געווען אַ סך שטאַרקער ווי ער איז, וואָלט ער אויך נישט געקענט אויסהאַלטן דעם דרוק פונעם טשערמאַן. זאָגט טאַקע דושקין אַז די אַרבעט פון דער ביוראָ איז נישט געווען אַזוי

עפעקטיוו ווי די ברייטע פּראָגראַם און די שטיצע פון דער קהילה האָט געפאָדערט.

אין איין אָרט זאָגט דושקין אַז בערנאַרד קאָהען האָט געהאַט גוטע פּלענער און ער רעקאָמענדירט זיי אין זיין באַריכט. פרעגט זיך די קשיה: צו וואָס האָט מען געדאַרפט האָבן אַז אַ גאַנץ יאָר זאָל אַוועק אין טראַנזיציע? פאַרוואָס האָט מען די רעקאָמענדאַציעס נישט דורכגעפירט? די ביוראָ דערוואַרט דאָך, אויב זי נעמט אָן דושקינס רעפּאָרט ווי ער שטייט און גייט, אַז דער נייער דירעקטאָר זאָל עס דורכפירן. נישט נאָר האָט די ביוראָ דעם יאָר וועגן דעם גאָרנישט געטאָן — זי האָט אַפילו נישט דורכגעפירט די גוטע איינפירונגען וואָס דער אַלטער דירעקטאָר האָט דורכגעפירט. אַשטייגער, ווי דעם יידישן דערציאונגס־חודש, מאָנאַטלעכע לערער־פאַרזאַמלונגען און סעמינאַרן, וועלכע פלעגן באַזוכט ווערן פון רבנים און לערער נישט פאַרבונדן מיט דער ביוראָ. וואו איז אַהינגעקומען די פּעריאָדישע אויסגאַבע „קולנו״, וועלכע האָט געדינט אַלס סטימול פאַר די קינדער פון אַלע יידישע שולן?

דער פריערדיקער דירעקטאָר פלעגט האָבן סוף יאָר שיינע דער־ציאונגס־קאָנפערענצן. עס זיינען דאָ נאָך זאַכן וואָס דעם יאָר איז נישט פאָרגעקומען. דעם יאָר איז דאָך די ביוראָ נישט געענגט געוועזן אַזוי אין געלט ווי אין די פריערדיקע יאָרן. פאַרשטייט זיך, דער פרי־ערדיקער טשערמאַן האָט די ביוראָ איבערגעלאָזט אין אַ קראַנקן צו־שטאַנד. עס איז פאַרקריפּלט געוואָרן אין די אומפּרוכטבאַרע יאָרן פון רייסערייען. וואָלט טאַקע פיל בעסער געוועזן ווען דער רעפּאָרטן־שרייבער, פון דער ביוראָ, וואָלט אַרויס מיטן אמת און וואָלט געזאָגט: רבותי, מיר האָבן איבערגענומען אַ קראַנק קינד און עס וועט נעמען צייט ביז מיר וועלן עס אַרויספירן אויף אַ דרך. און דאָ טאַקע ליגט דער הונט באַגראָבן. די זעלבע מענטשן וואָס פירן אָן מיט דער איצ־טיקער ביוראָ זיינען דאָך געוועזן די אַרויסהעלפער פון דעם געוועזענעם טשערמאַן און זיי זיינען געוועזן אינסטרומענטאַל אין דעם טרויעריקן צושטאַנד פון דער ביוראָ. ווען זיי באַשולדיקן דעם געוועזענעם טשער־מאַן, וואָלטן זיי דאָך באַשולדיקט זיך אַליין.

* * *

# געזאַמלטע שריפטן

אַזוי איז דער יערלעכער רעפּאָרט אַנגעפּילט מיט גוטע האָפּע־נונגען פאַר דער צוקונפט. מיט דער פאַרגאַנגענהייט האָט ער זיך נישט וואָס צו באַרימען. נאָך אַ זאַך וואַרפט זיך אין די אויגן ווען מען לייענט דעם רעפּאָרט. דאָרטן ווערט געזאָגט אין דעם זעלביקן באַריכט, וואו עס רעדט זיך וועגן דער כלומרשטער פאַרגרעסערטער ענראָלמענט, אַז דאָס לעצטע יאָר האָט אויך געזען דעם אויפגאַנג פון אַ פּאַראָקיעל שול.

פון אויבן־אויף קוקט דאָס אויס ווי עס וואָלט געווען צום קרעדיט פון דער ביוראָ. דער אמתער אמת איז אַז די פּאַראָקיעל שול איז נישט קיין קינד פון דער ביוראָ, נאָר אין אַ זין האָט די ביוראָ אַרויסגעוויזן אַ קעגנערשאַפט צו איר. איך וויל דאָ נישט אָנגעבן די אמתע פאַקטן. ווען עס וועט נייטיק זיין וועל איך עס זיכער טאָן. אַזוי איז דער יערלעכער רעפּאָרט פון דער ביוראָ אָוו עדיוקיישאָן אַ גאָרנישט־זאָגנ־דער. די רעפּאָרטן פון די פריערדיקע יאָרן פלעגן זאָגן אַ סך מער. עס ווילט זיך דעריבער האָפן אַז מיטן אָנקומען פון דעם נייעם דירעקט־טאָר, ד״ר שמואל דינין, וועט די ביוראָ אַרויס פון אַ טראַנזיציע־צושטאַנד, אָבער זי וועט אַריין אין עוואָלוציע־צושטאַנד, וואָס וועט שטייגן פון מדרגה צו מדרגה, און ווען נייטיק אויך צו רעוואָלוציע — זאָל אונדז דאָס וואָרט נישט אָפּשרעקן. עס ווילט זיך האָפן אַז ד״ר דינין וועט אויסקלייבן זיינע אייגענע מיטהעלפער און נישט די וואָס פאַטראָנען פון דער ביוראָ וועלן אים רעקאָמענדירן. עס ווילט זיך האָפן אַז ער וועט ווידערשטיין דעם דרוק פון ניט־פאַכמענישע טשער־לייט, ווער זיי זאָלן נישט זיין, און עס ווילט זיך אויך האָפן אַז די אַלטע־נייע ביוראָ וועט איבערקערן אַ ניי בלאַט און וועט נישט באַאייננ־פלוסט ווערן פון קליינלעכער פּאָליטיק. און לאָמיר האָפן אַז מיטן אָנקום פונעם נייעם דירעקטאָר וועט די ביוראָ אָוועקגיין אויף נייע רעלצן, וועלכע וועלן פירן צו פּרוכטבאַרע רעזולטאַטן אין דעם יידישן דערציאונגס־וועזן דאָ אין שטאָט . . .

פעברואַר 16, 1945.

י. ש. נאומאָוו

# נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע דערציאונגס-ווערטן

דער הויפּט־פאַקטאָר אין אמתער דערציאונג איז די פּאָזיטיווע ווערט וואָס די דערציאונג גיט דעם קינד אָדער דעם דערוואַקסענעם. געוויס שפּילט די שפּראַך אַ גרויסע ראָלע. דער תנ״ך האָט נישט דעם טעם, און וועט עס קיינמאָל נישט האָבן, אין וועלכער עס איז גוטער איבערזעצונג, ווי ער האָט אינעם אָריגינאַל.

מעדעלע, שלום־עליכם און פּרץ קענען נישט איבערזעצט ווערן אין וועלכער עס איז שפּראַך. עס איז פּונקט ווי איבערצוגיסן גוטן וויין פון אַ פול גלאָז אין אַן אַנדער. אַ סך טראָפּנס ווערן פאַרלוירן, אַ געוויסער טייל פונעם אינהאַלט מוז פאַרגאָסן ווערן. זיכער איז די אָריגינעלע כּלי די בעסטע און מיר מוזן זיך אָנשטרענגען אָנצוהאַלטן דעם גוטן וויין אינעם אָריגינעלן פאַס.

אונדזער לעבן איז אָבער נישט קיין נאָרמאַלס. אַלס שטענדיקע מינאָריטעטן מוזן מיר זיך אַריינפּאַסן אין פאַרשיידענע שפּראַכן און דיאַלעקטן. מיר ווערן, אַ סך מאָל קעגן אונדזער ווילן, אין דעם אַריינ־געצוואונגען. מיר זיינען געניים צו מוותר זיין אויף דעם חיזוק הנשמה צוליב דעם חיזוק הגוף. ווען אָבער דעם פאָלקס גוף טיילט זיך איינ־גאַנצן אָפּ פון דער פאָלקס־נשמה, האָט דער גוף קום שום אָנהאַלט אָן די פאָלקס־ווערטן און שטאַרבט אָפּ צוליב מאַנגל אין גייסטיקער שפּייז. דעריבער איז ריכטיק דער אויסדרוק פון — שמע בכל אשר אתה שומע — לערן אין יעדער שפּראַך וואָס דיר איז פאַרשטענדלעך. דאָס הויפּט־געוויכט ליגט שטענדיק אין דעם לערנען אַליין.

איך געדענקט נישט ווער עס האָט עס געזאָגט, אָבער אַ געוויסער דענקער האָט זיך וועגן בילדונג אויסגעדריקט אַזוי: „בילדונג איז אַ באַגלייטער, וועלכן קיין אומגליק קען נישט אונטערדריקן — קיין פאַרברעכן פאַרניכטן, קיין שונא אַנטפרעמדן, קיין דעספּאָט פאַר־שקלאָפן. אין דער היים — אַ פריינט, אין דער פרעמד — אַ באַקאַנט־מאַכער, אין איינזאַמקייט — אַ טרייסט, און אין געזעלשאַפט — אַ צירונג. אָן דעם, וואָס איז מענטש ? — אַ גוטער שקלאַף, אַ טראַכטנ־דיק ווילד באַשעפעניש.״

# געזאַמלטע שריפטן

פאַרשטייט זיך, דאָס געזאָגטע איז געזאָגט געוואָרן וועגן דער־ציאונג און בילדונג בכלל. בילדונג ראַפינירט דעם פּרא־אדם און מאַכט אים פאַר אַן אדם־המעלה. דאָס געזאָגטע קען אָבער אויך גע־זאָגט ווערן נישט נאָר וועגן פּרא־אדם בכלל, נאָר אויך וועגן פּרא־ייד, וואָס האָט נישט געגאָסן פון קיין יידישע ווערטן און האָט נישט געגאָסן פון יידישער דערציאונג אין וועלכער עס איז שפּראַך. אַזאַ ייד איז עלול צו זיין אַ „יידישער אַנטיסעמיט״ און איז מסוגל צו גלויבן אין אַלע פאַרלוימדונגען וואָס די פּראי־גויים גלויבן בנוגע דעם יידישן פאָלק, און צייטנווייז איז דער פּרא־ייד שעדלעכער ווי דער דורכשניט־לעכער פּרא־גוי, ווייל דער פּרא־ייד האָט אין זיך דעם אינפעריאָריטי קאמפּלעקס, וואָס מאַכט אים פיינט צו האָבן זיין אייגן פאָלק.

אויף אונדז אַלעמען ליגט דעריבער די פליכט צו זען אַז יעדעס יידיש קינד זאָל קריגן אַ יידישע דערציאונג אויף דעם ערשטן בעסטן אופן און אויף דעם בעסטן וועג. און דאָ קומען מיר צו דער פראַגע — ווי אַזוי קענען מיר פועלן אַז די יידישע דערציערישע בילדונג וואָס איז אין דעם יידישן קינד, אָדער אין דעם יידישן דערוואַקסענעם, אריינגעגעבן געוואָרן, אַז עס זאָל האָבן אַ פעולה און דויערהאַפטן ווערט ?

די הפקרות וואָס עָס האָט ביז איצט געהערשט אין דער יידישער גאַס בנוגע דער יידישער דערציאונג טאָר ווייטער אַזוי נישט אָנהאַלטן. דער הפקרדיקער צושטאַנד וואָס האָט געהערשט ביז איצטער האָט אָנ־געפילט מיט פּראי־יידן די קריסטשען סייענס טשוירטשעס, ס׳מאַכט וואָס יידישע עלטערן שיקן זייערע קינדער אין מיסיאָנערישע שולן און שמד־הייזער.

דאָ נישט לאַנג איז אין אַ גרויסער יידישער צייטונג באַשריבן געוואָרן וואָס אַ געוויסער משומד טוט אויף אויפן געביט פון אָפּשמדן יידישע קינדער אין אונדזער באַיל האַיטס, גלייך אונטער דער נאָז פון דער סאַמער יידישער אָרטאָדאָקסיע, גלייך לעבן שוועל פון דער יידי־שער ישיבה און פון דער יידישער גרויסער שול.

די דויערהאַפטע יידישע ווערטן קענען נישט געגעבן ווערן אין אַ גרויסער מאָס צו אַלע יידישע קינדער וואָס נייטיקן זיך אין יידישער דערציאונג פון איבערגעגעבענע, גוט־מיינענדע יחידים. עס מוז זיין

## י. ש. נאומאָוו

אונטער דער אויפזיכט פון דער שטאָטישער יידישער דערציאונגס־ביוראָ, וואָס איז דער דערציאונגס־אַגענט פון דער גאַנצער יידישער קהילה. פאַרשטייט זיך, די דערציאונגס־ביוראָ מוז געבן אַלע דערציערישע אַנשטאַלטן אינערלעכע אויטאָנאָמיע. די ביוראָ דאַרף אָבער אַכטונג געבן אַז עס זאָלן נישט פעלן קיין פאָנדן און די שול־הנהגה זאָל זיין איבערגעבן און ערלעך, אירע פונקציעס זאָלן דורכגעפירט ווערן אויפן בעסטן אופן.

וואָס זיינען אָבער די נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע ווערטן אין דער יידישער דערציאונג? לערנען מיט קינדער אָדער מיט דערוואַקסענע אַ שפּראַך אָדער שיינע ליטעראַטור גיט דער דערציאונג נישט קיין פּאָזיטיוון כאַראַקטער. אויב דאָס קינד, ווען עס פאַרלאָזט די שול, פּראַקטיצירט נישט די שפּראַך און עס האָט נישט קיין געלעגנהייט אויסצולעבן זיך אין דער שיינער ליטעראַטור, גיט עס אים נישט קיין דויערהאַפטע ווערטן. רוקט עס זיך פון דעם אָפּ, ווערט דאָס גלייך פאַרגעסן. אויב דאָס געאַקערטע פעלד ווערט ווייטער נישט קולטיווירט און באַוואָסערט, ווערט עס פאַרטריקנט און ווערט באַוואַקסן מיט ווילד גראָז.

יידישע שולן, ווי וויכטיק זיי זאָלן נישט זיין, אויב זיי גיבן נישט אַריין אין דעם קינד אַ דויערהאַפטע ירושה, האָבן נישט קיין דויערהאַפטן ווערט. געבענטשט זאָלן זיין די וואָס זוכן רעוויזיעס אין דעם לימוד פון די ביז איצטיקע מאָדערנע יידישע שולן. עס דאַרף געפרעגט ווערן: וואו זיינען די יידישע קינדער, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט די יידישע שולן פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר? וואָס פאַר אַ וואָגיקע רעזולטאַטן האָבן זיי אונדז געבראַכט?

איך בין צופרידן וואָס מנחם באָריישא האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן זעלבען געדאַנק, אין דעם „יידישן קעמפער" פון ראש־השנה, וואָס איך האָב דאָ אַרויסגעזאָגט ווען די רוסיש־יידישע געסט זיינען אויפגעטראָטן אין דעם שריין אודיטאָריום.

איציק פעפער האָט צו דעם נישט־טראַכטנדן, באַגייסטערטן עולם אויסגעשריען: „מען פרעגט אונדז: אמת, דער יידישער גוף האָט געקראָגן אַ תיקון, וואו איז אָבער די יידישע נשמה? — אויב איר

ווילט וויסן וואָס ס׳איז מיט דער יידישער נשמה, וועל איך אייך זאָגן אַז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד לערנען זיך אין די יידישע שולן דריי הונ־דערט טויזנט קינדער, און זעט דעם צעטל פון גרויסע יידישע שרייבער!״

דאָ האָט פעפער אויף אַ פּיפיקן אופן אויסגערעכנט דעם צעטל יידישע שרייבער, וואו ער האָט אַריינגערעכנט בערגעלסאָנען, אַ נסתר, פיל אַנדערע און אים אַליין. דער עולם האָט זיך אָבער נישט געכאַפּט אַז די אַלע שרייבער האָבן געלעבט און געשריבן נאָך פאַר דער באָל־שעוויסטישער רעוואָלוציע. אַגב האָט ער איבערטריבן וועגן דער צאָל יידישע קינדער אין די סאָוועטיש־יידישע שולן. לויט לעשצינסקין, וועלכער האָט עס אַרויסגענומען פון רוסיש־יידישע קוואַלן, האָבן אין גאַנץ סאָוועט־רוסלאַנד, אינעם יאָר 1940, באַזוכט אַן ערך 85־90 טויזנט יידישע קינדער יידישע שולן. אַפילו אַז מיר גלויבן פעפערן, אַז גאַנצע דריי הונדערט טויזנט קינדער באַקומען יידישן אונטערריכט, פרעגט זיך, וואָס איז דער סך־הכל פון דער רוסיש־יידישער דערציאונג ? וויפיל יידישע שרייבער און פּאָעטן, וויפיל יידישע געלערטע האָבן אונדז יענע שולן געגעבן פאַר די לעצטע 25־26 יאָר ? דער סך־הכל, פאַרשטייט זיך, איז אַ טרויעריקער, ווייל די יידישע שולן דאָרטן זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן פון דויערהאַפטע יידישע ווערטן.

מיר מוזן, אויב מיר ווילן אַז אונדזערע לימודים זאָלן האָבן אַ האַפט, אַכטונג געבן אַז אונדזערע שולן זאָלן נישט טראָגן דעם כאַ־ראַקטער פון אַ זיפּ, וואָס מען האַלט אין דעם גיסן אַן אינהאַלט און עס רינט גלייך אויס. אויסער וואָס די מאָדערנע שולן נייטיקן זיך אין מיטל־שולן און טעגלעכע פּראַקטיקעל שולן, מוזן די לימודים אין די עלעמענטאַרע שולן רעוויזירט ווערן. עס דאַרפן אַנגעווענדט ווערן מעטאָדן וואָס זאָלן דאָס קינד נישט אָפּגעריסן ווערן פון זיינע „גרסא דינקותא״. מען דאַרף פאַר דעם אַמעריקאַנעם יידישן קינד אויסאַר־בעטן אַ יידישן דרך החיים, בכדי אַז זיין דערציאונג זאָל זיין אַ קוואַל פון תורת חיים.

די אָרטאָדאָקסישע יידן האָבן פאַר דעם וועג, די תלמוד־תורה, די ישיבה. דער בית־המדרש איז פאַרבונדן מיט דעם בית־הכנסת. די אַלע אַנשטאַלטן גיסן זיך צוזאַמען און זיי ווערן די פעסטונג וואָס האַלט דעם יידן פאַר זיין גאַנץ לעבן. עס זיינען די מצוות מעשיות וואָס גיבן

צו די הלכה צו דער הגדה, ווי ביאַליק האָט עס געזאָגט אין זיין עסיי „הלכה און אגדה״.

לידער און שיינע ליטעראַטור ווערט פאַרגעסן אויב עס ווערט נישט איבערגעחזרט און עס האָט נישט קיין המשך. דאָס שיינע ליד פון ר׳ יהודה הלוי, „ציון הלא תשאלי״, וואָלט לאַנג פאַרגעסן געוואָרן ווען יידן חזרן עס נישט איבער אַ תשעה־באָב אין די שולן. אויב די מאָדערנע יידישע שולן ווילן האָבן אַ האַפט און אַ קיום, מוזן זיי אייג־פירן אין זייערע שולן, נישט נאָר אגדה, נאָר אויך הלכה. מען מוז דעם קינד נישט גלאַט געבן יידישע ווערטן, נאָר מען דאַרף זען אַז זיי זאָלן אויך פּראַקטיצירט ווערן, עס זאָל ווערן אַ חוב אַז דאָס קינד זאָל זיך אויסלעבן אין יידישע ווערטן. אַלע יידישע לעבנס־וועגן, די יידישע עטיק, איז פאַרבונדן מיט יידישע ימים־טובים, מיטן יידישן שבת און מיט דער גאַנצער יידישער געשיכטע.

ביאַליק האָט געזאָגט אין זיין עסיי „הלכה און אגדה״: „ יידיש־קייט וואָס איז אינגאַנצן אגדה איז געגליכן צום אייזן, וואָס איז צע־גליט אין פייער און איז נישט אָפּגעטונקט געוואָרן אין קאַלט וואַסער. שטרעבונג פון האַרץ, גוטער ווילן, גייסטיקע דערוואַכונג, אינערלעכע ליבע — די אַלע זאַכן זיינען שיין און נוצלעך ווען זיי שליסן זיך מיט מעשים, מעשים האַרט ווי אייזן, ווי גרויזאַמע פליכט.״ (י. י. שוואַרצס איבערזעצונג, „יידישער קעמפּער״, ר״ה, תש״ד.)

איך גלויב אַז דער דירעקטאָר פון דער היגער יידישער ביוראָ אָוו עדיוקיישאָן האָט אַ סך פּלענער, וואָס וואָלטן אַרויפגעפירט די היגע יידישע דערציאונג אויף נייע רעלצן, ווען מען גיט איר אַ פרייע האַנט. אויף די פּלענער ליגט אַ טויט־געוויכט און זיי קענען נישט קומען מכוח אל הפועל.

אין זיינעם אַ רעפּאָרט האָט דער דירעקטאָר געזאָגט: „כאָטש אייניקע פון אונדזערע שולן האָבן געוויזן אַ קליינעם פּראָגרעס, איז אָבער נישט קיין אורזאַך פאַר צופרידנשטעלונג מיט דעם איצטיקן מצב פון יידישער דערציאונג אין אונדזער געמיינדע. איצט, נאָך מער ווי אַלעמאָל, פאָדערט פון אונדז אַז מיר זאָלן זיך ווידמענען צו דער פאַרשטאַרקונג פון אונדזערע אינערלעכע קרעפטן, צו פאַרזיכערן אונ־

דזער קיום און דעם אַמעריקאַנעם דעמאָקראַטישן לעבנס־שטייגער. מיר קענען עס אָם בעסטן טאָן דורך דער פאַרברייטערונג און פאַר־שטאַרקערונג פון אונדזער אָנשטרענגונג אָנצורעגן און דערמוטיקן אַלע פּאָזיטיווע פאַזן פון יידישער דערציערישער אַקטיוויטעט.״

און דאָ מוז איך זיך אומקערן צו דער נישט־דאַנקבאַרער טעמע פון דער היגער יידישער ביורא פון דערציאונג. געוויסע מענטשן פון דער ביורא, וועלכע האָבן זיך געפונען געטראָפן פון מיינעם אַ פריר־דיקן אַרטיקל, זוכן אויסצוטייטשן אַז איך האָב געוואָלט שאָדן טאָן דער ביורא. וואָלטן זיי נישט געווען איינזייטיק און וואָלטן זיך פאַר־טראַכט אין דעם גאַנצן ענין, וואָלטן זיי פאַרשטאַנען אַז איך בין אַ פריינט פון דער ביורא. ווען די ביורא וואָלט נישט געהאַט איר אַמ־ביציעזן טשערמאַן, וואָלט די ביורא געקענט אויפטאָן אַ סך גוטע אַרבעט. ביי מיר איז דאָ נישט געגאַנגען אין פּערזאָנען, נאָר אין פּרינציפּן. די ביורא איז זייער וויכטיק. די ביורא קען און דאַרף זיין אַ ברכה פאַר יידישער דערציאונג. די ביורא קען פאַרגליכן ווערן צו אַן אויוון וואָס גיט וואַרעמקייט, דער קוימען איז אָבער נישט אין אָרדענונג, ער ברענגט מער טשאָד ווי וואַרעמקייט. שולדיק אין דעם טשאָד איז דער קוימען. וואָס טוען קלוגע מענטשן? זיי טוען איינס פון די ביידע — אָדער מען רייניקט אויס דעם קוימען, אָדער מען וואַרפט אים אַרונטער און מען מאַכט אַ נייעם קוימען — אי עס איז נישטאָ קיין טשאָד, אי דער אויוון גיט וואַרעמקייט. וואָס טוען אָבער די חכמי הביורא? אַנשטאָט צו אונטערזוכן דעם אַמביציעזן טשערמאַן באַשטימען זיי אַ קאָמיטע צו אונטערזוכן דעם דירעקטאָר, וועלכער רייסט זיך צו טאָן אַרבעט און דער טשערמאַן לאָזט נישט. און נאָך וואָס פאַר אַן אונטערזוכונג! ווען עס וואָלט נישט געווען טרויעריק וואָלט עס געווען אַ פאַרס אָדער אַ קאָמעדיע.

די ביורא האַנדלט ווי יענער קלוגער דאָקטאָר, ווען דער מעיאָר פון שטאָט האָט זיך צו אים פאַרקלאָגט אויף אַ קאָפּווייטאָג האָט ער געהייסן צולייגן אַ פּלאַסטער צום וואַקזאַל. מענטשן האָבן דאָ אַ פאַר־טיקן דיאַגנאָז — אַ דיקטאַטאָרישער טשערמאַן, און מען זוכט עס אין אימפּראָוויזירטע מייזן־לעכער.

איך בין נישט קיין שונא פון דער ביורא און איך האָב נישט

געוואַלט שעדיקן דעם דערציאונגס־מאַנאַט. גראַד אין דעם חודש איז נייטיק געווען אַז מען זאָל אויפשניידן דעם בלאַטער פון דער ביוראַ. עס איז זייער שלעכט אַז אונדזער דערציאונגס־וועזן דאָ אין שטאָט זאָל זיין אַנגעווענדט אויף בלויז איין מאַנאַט. אויב דאָס גומענע ראָד האָט אין זיך אַ לאָך וועט נישט העלפן וויפיל לופט מען זאָל אין אים אַריינבלאָזן. ווען די ביוראָ איז געלעכערט איז זי נישט מסוגל צו טראָגן אין זיך אַ רוח חיים. ווערט פטור פון דעם לאָך און דאָס ראָד וועט זיין אין אָרדענונג.

איך בין מיט מיין גאַנצער נשמה פאַר אַ דויערהאַפטער פּאָזיטיווער יידישער דערציאונג און איך האַלט זיך ביי מיין פריערדיקן פאָרשלאַג, און דאָס איז: אויב דער יידישער קאָמיוניטי קאונסיק אין דער ביוראָ וועט נישט אונטערזוכן די הנהגה פונעם טשערמאַן, דאַרף עס אונטער־נומען ווערן פון פּריוואַטע פּערזאָנען אין דער קהילה.

עס זיינען דאָ מענטשן אין דער ביוראָ וואָס ליידן פון אַ שנאת חנם קאָמפּלעקס און זיי שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר קיין זאַך. עס איז אַ שנאה וואָס איז מקלקלת השורה. די ביוראָ, וואָס איר אויפגאַבע איז יידישע עטישע דערציאונג, דאַרף אַכטונג געבן אַז דער אינצידענט זאָל נישט מגולגל ווערן און זיך קולמינירן אין מעשי־סדום.

אויב געוויסע מענטשן פילן אַז איך האָב זיי אין מיין ערשטן אַרטיקל און אין דעם איצטיקן געטראָפן, האָב איך זיי נישט געוואָלט ווי טאָן. איך האָב זיי בלויז געוואָלט אָנרעגן אַז זיי זאָלן זאָגן צו זיך אַליין — נחפשה דרכינו, לאָמיר אונטערזוכן אונדזערע וועגן. אויב מיר וועלן עס אַזוי טאָן און מיר וועלן זיך אָפּגרענעצן פון פּערזענלעכער שנאה, וועט די ביוראָ מיט אונדז אַלעמען צוזאַמען דערגרייכן פּאָזי־טיווע רעזולטאַטן.

אָקטאָבער, 1943.

# אויף קבר אבות

(מכות יידישע שטעט און שטעטלעך)

געוויס געפינט מען טרייסט אין די באַשרייבונגען פון שטעט און שטעטלעך ווי זיי האָבן זיך אויסגעקריסטאַליזירט אין דעם 19טן יאָר־הונדערט אין דעם איינגעשלאָסענעם יידישן לעבן. נאָך די אַלע טאַק־סעס און קאַראָבקעס וואָס די השכלה־פּעריאָדע האָט שטאַרק אַרונטער־געריסן האָבן זיך דאָך דאָרטן אויסגעבילדעט פאַרשיידענע יידישע מוסדות, פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן מאָדולירט און געפורעמט אַ געשלאָסן יידיש לעבן און יעדעס שטעטל און יעדע שטאָט האָט געהאַט איר אייגנאַרטיקייט, איר אייגענע געשטאַלטונג איז איי־גענעם כאַראַקטער, און ווען אַ ייד איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַן אַנדער שטאָט אָדער שטעטל פלעגט ער האָבן אַ סך צו דערציילן ווען ער פלעגט זיך אומקערן אַהיים פון דער פרעמדער שטאָט אָדער שטעטל.

יעדע שטאָט און שטעטל האָט געהאַט איר באַזונדער חותם, איר באַזונדער פּרצוף. טאַקסע און גבאות האָבן זיך דאַכט זיך געהאַט איין און די זעלבע אייגנשאַפט, אָבער דאָך האָט עס אין יעדער שטאָט און שטעטל זיך אַנדערש מאַניפעסטירט, ווייל אָן דער שפּיץ זיינען גע־שטאַנען אַנדערע מענטשן, וואָס יעדער, אויף זיין אופן, האָט צוגעגעבן אַן אַנדער קאָלאָריט. אַפילו די שולן, די בתי־מדרשים און להבדיל די בעדער האָבן זיך אונטערשיידט אין זייער אַרכיטעקטור, זייער געבוי און זייערע אייגנאַרטיקע סביבות. יעדעס שטעטל האָט פאַרמאָגט זיינע אייגנאַרטיקע לומדים, זיינע אייגנאַרטיקע משכילים, זיינע אייגנאַר־טיקע רבנים און זיינע אייגנאַרטיקע מחלוקותן. צוליב מחלוקותן פלעגט פאַסירן אַז אין אַ חסידישער שול זאָל זיך אויסלעבן אַ רב אַ מתנגד, אין אַ מתנגדישער שול זאָל זיך אויפהאַלטן אַ רב וואָס איז אַ חסיד בן חסיד.

אַזאַ פאַל האָט פאַסירט אין דעם שטעטל אוזדע, מינסקער גו־בערניע, וואו אין דער מתנגדישער שול איז געווען רב ר' שעפּסל, אַ חסיד, און אין דער חסידישער שול איז געווען דער רב ר' דוד, וועלכער איז געווען אַ מתנגד. די שטעטלשע מחלוקותן פלעגן זיך נישט אָפּשטעלן

אין שטעטל גופא, נאָר פלעגן אַריבערגעטראָגן ווערן אין די גובערניע שטעט און דער געגנט אַרום פלעגט פון דעםריידן.

יעדעס שטעטל, ווי קליין עס איז נישט געווען, האָט געוואָלט האָבן ביי זיך דעם שענסטן רב. זיי האָבן געוואָלט האָבן אַ רב וואָס זאָל שמ׳ען מיט זיין גרויס לומדות, מיט זאָגן אַ שיינעם הדרן און אַ טיפן פילפול און זאָל זיין אַ גרויסער בעל־דרשן, וואָס זיינע דרשות זאָל מען געדענקען פון איין שבת שובה צו דעם אַנדערן און פון איין שבת הגדול צו דעם אַנדערן.

פאַרשטייט זיך, דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז נאָך דער ערשטער מלחמה. אייגנאַרטיק איז נישט נאָר געווען אין יעדן שטעטל דאָס רעליגיעזע לעבן, נאָר אויך ווען די רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך האָבן זיך איינגעבירגערט אין יעדער שטאָט און שטעטל, האָט אויך יעדעס שטעטל געהאָט זיינע אייגנאַרטיקע רעוואָלוציאָנערן, זיינע אייגענע אָרגאַניזאַטאָרס, זיינע אייגענע פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן. און כאָטש די מערסטע שטעטלשע איינוואוינער זיינען געווען מנחם מענדלס און פלעגן נישט האָבן מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען, האָט זיך אָבער אין שטעטל גערודערט און עס האָט געצאַפּלט מיט לעבן.

ס׳זיינען געווען מחלוקותן איבערן רב, איבערן שוחט, איבערן חזן און שמש. אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָט זיך געלעבט בעסער, אין אַנדערע ערגער, אָבער יעדעס שטעטל האָט געקאָכט מיט לעבן, און כאָטש יעדער שטורעם איז געמאַכט געוואָרן אין אַ גלאָז וואַסער, האָט עס אָבער דאָך געברויזט מיט לעבן און ס׳האָט זיך מאַנפעסטירט דאָס יידיש לעבן אין אַלע זיינע געשטאַלטונגען. פיל שטעטלעך האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע ישיבות און אַנדערע — מיט אַנדערע קול־טורעלע אַנשטאַלטן. איך ווייס נישט אויב פון די אַלע אַנשטאַלטן איז פאַרבליבן אַ זכר נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

מעגלעך אַז ווען די גרויסע שטראָמען פון דער רעוואָלוציע וואָלטן זיך מיט דער צייט אָפּגעזעצט, וואָלטן די יידישע אינסטיטוציעס ווידער אויפגעלעבט. אמת, זיי וואָלטן נישט געטראָגן זייער אַמאָליקן כאַראַק־טער, ווייל בכלל שטייען נישט קיין אינסטיטוציעס אויפן זעלבן אָרט. אויב אַ רעוואָלוציע מאַכט נישט קיין ענדערונג, עוואָלוציאָניזירט זיך עס אַליין, ווייל די צייט שטייט נישט און זי באַוועגט מיט זיך סיי

מענטשן און סיי אינסטיטוציעס. אַנשטאָטן גייען אונטער ווען אַרום זיי זיינען קיין מענטשן נישטאָ. און דאָס האָט די היטלער־בעסטיע באַוויזן צו טאָן.

קען זיך אימעצער אויסמאָלן אין דער פאַנטאַזיע ווילנע מיט דריי יידן, מינסק מיט צוועלף יידן? געוויס וועלן זיך אַהין אומקערן אַ געוויסע צאָל יידן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער, די יעניקע וואָס האָבן אַלס פּאַרטיזאַנען אָנגעפירט געריליא־קאַמפּן. עס וועלן זיך אויך אומקערן גאָר אַ סך וואָס האָבן זיך מיטן לעבן געראַ־טעוועט אין טיף רוסלאַנד אָדער אין סיביר. צי וועלן זיי אָבער געפינען זייערע אַלטע היימען. וועט נאָך ווילנע אַלץ גילטן אַלס ירושלים דליטה, וועט נאָך מינסק אַלץ גילטן ווי אַן עיר ועם בישראל, וועלכע האָט אַרויס־געגעבן אַזויפיל יידישע אנשי שם, אַזויפיל יידישע געלערטע?

און אויב די אינסטיטוציעס וואָלטן געשאַנעוועט געוואָרן, וואָלטן זיי כאָטש געדינט אַלס מצבה־שטיינער, וואָס וואָלטן דערמאָנט יענע מענטשן, וועלכע האָבן זיי געבויט, וועלכע האָבן זיך אַרום זיי מתעסק געווען. די נאַציסטן האָבן אָבער נישט געלאָזט פון די יידישע אינסטי־טוציעס קיין שטיין אויף אַ שטיין. זיי האָבן געגאָסן און געטרונקען יידיש בלוט, און ווי וואַנדאַלן האָבן זיי חרוב געמאַכט יעדע געביידע, וואו יידיש לעבן, וואו יידישע קולטור האָט זיך אַמאָל אויפגעהאַלטן. און ווען יידן קערן זיך אום אין די חרוב־געוואָרענע יידישע שטעט, קערן זיי זיך אום צו אַ בית־הקברות וואָס האָט נישט אויף זיך קיין מצבה־שטיינער. אַפילו די אַלטע יידישע בית־עלמינס זיינען די מצבות פאַרשוואונדן און קיינער קען נישט וויסן וועמענס געביין עס איז דאָרטן באַגראָבן געוואָרן.

* * *

דאָס איז געוואָרן פון די גרויסע שטעט, ווי ווילנע, מינסק, מאָהי־לעוו, בריסק, פינסק, ביאַליסטאָק, גראָדנע, לובלין, לאָדזש, וואַרשע, לעמבערג, קראָקע און די אַנדערע שטעט וועלכע האָט געשמט מיט זייערע מענטשן, מיט זייערע געלערטע, מיט זייערע מוסדות, וואָס ס׳האָט גענומען זיי דורות אויפצובויען. היינט וואו זיינען די אַלע קלענערע און גאָר קליינע שטעטלעך, וואָס יעדערער האָט געהאַט זיין באַזונדער קאָליר. איז נאָך פון קאַפּוליע געבליבן אַן אָנצוהערעניש.

## י. ש. נאומאָוו

וואָס איז געוואָרן פון די יידן פון סלוצק, פון באָברויסק, פון נעסוויזש און די אַלע שטעט און שטעטלעך וועלכע ליטווין האָט אַזוי שיין באַ־שריבן אין זיינע קולטור־געשיכטן „יידישע נשמות" און „פאַרגאַנגענע וועלטן". ווען ער האָט עס געשריבן זיינען די וועלטן אינגאַנצן נישט פאַרגאַנגען, זיי זיינען איבערגעגאַנגען, זיי זיינען געווען אין דער בחינה פון פושטות ולובשות צורה. די אַלטע וועלטן זיינען פאַרגאַנגען, נייע וועלטן זיינען אָבער אויפגעגאַנגען, ווייל עס איז געווען המשך, עס איז געווען קאָנטאַקט, עס איז געווען איבערגאַנג. די מענטשן האָבן בלויז איבערגעביטן זייער אויסערדיקן לבוש. אינערלעך האָבן זיי זיך אויך אַנדערש געשלייערט, אָבער אויסטאָן זיך אינגאַנצן נאַקעט האָבן זיי נישט געקענט, ווייל עס זיינען געווען דיקע שטריק, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן געבונדן צום עבר. איצט איז אָבער דער עבר איבערגעריסן געוואָרן, ס'איז פון אים קיין זכר נישט געבליבן.

היטלער האָט אויסגעריסן גאַנצע בלעטער פון אונדזער געשיכטע, יענע בלעטער פון אונדזער קולטור־געשיכטע וואָס זיינען געווען פאַר־שריבן מיט גאָלדענע אותיות האָבן די היטלעריסטן פאַרברענט און האָבן אין דער יידישער געשיכטע אַריינגעבונדן בלעטער וואָס זיינען דורכאויס געפאַרבט אין יידיש בלוט. ווען די רוסן דרינגען אַריין אין אַ געוועזענער יידישער שטאָט, כאַפּן זיך אויף די שטעט אַרויף יידישע שרייבער און באַשרייבן זייערע היסטאָרישע גרויסקייטן. יעדעס מאָל ווען איך לייען וועגן די גדולות פון יענע שטעט און ווען איך זע זייערע היסטאָרישע בלעטער פאַרשמירט מיט דעם בלוט פון זייערע אייגענע יידן גייט מיר דורך אַ שוידער איבערן לייב.

איך וואָלט געקענט באַשרייבן אַ סך שטעט וואו מיין גורל האָט מיך אַהין געבראַכט און וואָס האָבן אויף מיין לעבנסגאַנג געהאַט אַ השפעה. עס פאַרנעמט מיך אָבער פאַרן האַרצן און מער ווי אַן איכה קען ביי מיר נישט אַרויסקומען. ס'ווערן ביי מיר פאַרפרוירן די ווער־טער און מיינע הענט ווערן געליימט. אַלץ וואָס איך זע פאַר מיינע אויגן איז איין גרויסער חורבן, איין גרויסן בית־עלמין. דאָס אַמאָליק רייך, יידיש קאָלירפול לעבן איז געוואָרן איין גרויע מאַסע. עס איז נישטאָ קיין אונטערשייד פון ווילנע צו קאָוונע, פון קאָוונע צו מינסק, פון מינסק צו זשיטאָמיר, פון זשיטאָמיר צו לובלין.

# געזאַמלטע שריפטן

די אַלע שטעט האָבן אַמאָל צו מיר גערעדט, יעדע אויף איר באַזונדער שפּראַך. יעדע שטאָט איז געווען אַ געמעל איינגעפּאַסט אין אַ באַזונדער ראַם. איצט זיינען אַלע בילדער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין בלוטיקן קאָליר, איין גרויס טויטן־פעלד אָן אַן אַדרעס און אָן אַ מצבה, און ווען איינער וויל אין זיין פאַנטאַזיע גיין אויף קבר־אבות, זעט ער אַ גרויס פעלד מיט מיליאָנען געשפּענסטער פון די הרוגים פון ווילנע,, די הרוגים פון מינסק, די הרוגים פון וואַרשע, די הרוגים פון פּינסק, ביאַליסטאָק, לובלין און לעמבערג, פראַנקפורט, האַמבורג און בערלין.

און עס ווילט זיך פאַראַפראַזירן אַ פערז פון פרוגס ליד „איכה״. פרוג האָט דאָרטן די שונאים „בת־בבל און רוים! רוים! איך וועל עס איבערבייטן אויף דייטשלאַנד און עס וועט זיך לייענען אַזוי:

„און ווי אַ קוואַל פון גיפט זידט אויף און שלאָגט אין מיר
דער אַלטער האַס, דער טיפער האַס צו דיר,
גערמאַניע, בייזע שלאַנג צו דיר, מיין גרעסטער שונא,
דייטשלאַנד! דייטשלאַנד!! . . .״

אויב אַמאָל זיינען „בת־בבל״ און „רוים״ געווען אונדזערע גרעסטע שונאים, איז אָבער היינט צו טאָג אונדזער טיפסטער האַס צו די גערמאַנישע הונען, און זיס וועט זיין די נקמה ווען די פעסטונג פון אונדזער גרעסטן שונא וועט פאַלן און וועט מיטשלעפּן מיט זיך דעם „איבערמענטשן . . .

מאַרץ, 1944.

י. ש. נאומאָוו

# אַ פערטל יאָרהונדערט...

(צום 25־יאָריקן געבוירנטאָג פון דער הסתדרות)

מיטוואָך דעם 26טן דעצעמבער, 1945, האָב איך געהערט איבער דער ראַדיאָ אַז די הגנה אין ירושלים האָט געלאָזט וויסן, אַז להכעיס דעם שטאַרקן קאָרדאָן פון ענגליש מיליטער, וואָס באַוואַכט די ארץ־ישראל־ברעגן קעגן „אומלעגאַלע" איינוואַנדערער, איז איר דאָך גע־לונגען אַראָפּצונעמען איבער 300 „אומלעגאַלע" אימיגראַנטן. די אימיגראַנטן זיינען אָנגעקומען אויף דעם געפּאַנצערטן שיפל וואָס רופט זיך „חנה סענעש".

איך ווייס נישט צי אַלע לייענער ווייסן דעם נאָמען חנה סענעש און וואָס דער נאָמען שטעלט מיט זיך פאָר. ערשט נישט לאַנג זיינען געווען אין דעם „קעמפער" צוויי אַרטיקלען איבער דעם אונגאַרישן מיידל חנה סענעש, וועלכע האָט זיך אין אַ פּאַראַשוט אַראָפּגעלאָזן אין אונגאַרן בכדי צו ראַטעווען יידן פון נאַצישע הענט און העלפן זיי קומען קיין ארץ־ישראל. אין דעם „פאָרווערטס" איז אויך געווען אַן אַרטיקל איבער דער מאַרטירערין פון וו. אָסטראָווסקי. חנה סענעש איז געכאַפּט געוואָרן און איז אין אַן אונגאַרישן לאַגער דערשאָסן געוואָרן. דער נאָמען חנה סענעש שטעלט מיט זיך פאָר מוט, גבורה, ליבע פאַרן פאָלק און ליבע פאַרן לאַנד.

די הגנה, וואָס איז אַ קינד פון דער הסתדרות, טוט גוט וואָס זי רופט אָן די נעמען פון די שיפלעך, וועלכע ברענגען אַריבער די „אומ־לעגאַלע", מיט אַזעלכע נעמען ווי בערל קאַצענעלסאָן, חנה סענעש און אַנדערע, וועלכע דריקן מיט זיך אויס דעם קעמפענדן גייסט פונעם ישוב.

געוויס איז די נייעס וואָס ווערט איבערגעגעבן איבער דער ראַדיאָ איבער ארץ־ישראל זייער בלאָס. פיל מאָל ווערן וויכטיקע נייעסן פאַר־שוויגן, און ווען זיי ווערן שוין יאָ איבערגעגעבן, זיינען זיי נישט פליי־שיק און נישט מילכיק און דער געניטער דאַרף אָנשפּיצן די אויערן

אויפצוכאַפּן דאָס שטיקל נייעס און אַרויסלערנען פון דעם פיל זאַכן. די ענגלישע צייטונגען אין דער פּראָווינץ נעמען אָן אַ פול מויל מיט וואַסער און זאָגן גאָרנישט. די מערסטע יידישע נייעסן ווערן פאַר־שוויגן. אַט אַשטייגער איז אין די היגע צייטונגען פאַרשוויגן געוואָרן די נייעס אַז אין קאָנגרעס איז אָנגענומען געוואָרן די זעלביקע ציון־רעזאָלוציע ווי עס איז אָנגענומען געוואָרן אין סענאַט. ס'האָט אויס־געזען ווי אַלע צייטונגען, די ענגלישע פאַרשטייט זיך, האָבן געמאַכט קעגן דעם אַ פאַרשווערונג. עס וועט אַוועקגעגעבן ווערן גאַנצע קאָלומס ווען אַ דזשי. אַי.. וואָס איז ערשט אַראָפּ פון שיף, האָט פאַרלוירן זיין „מאסקאט"־הינטל, אָבער וועגן אַן אָנגענומענער רעזאָלוציע אין דעם אַמעריקאַנער קאָנגרעס איבער אַ יידיש היימלאַנד איז נישטאָ קיין וואָרט. דאָס איז זיך פאַרבייגייענדיק. וואָס איך בין אָבער אויסן מיט דעם שטיקל נייעס אין פאַרבינדונג מיט דעם שיפל „חנה סענעש" איז די דערגרייכונגען און דער וואוקס פון דער הסתדרות העובדים אין ארץ־ישראל.

מען דאַרף באַזיצן אַן אויסערגעוויינלעכן פאַנטאַזיע־שוואונג אַרויסצולערנען פון דעם חנה סענעש שיפל אינצידענט די גבורהשאַפט, די וואַגונג און די מעכטיקע פּאָזיציע וואָס די הסתדרות האָט זיך דער־וואָרבן אין די 25 יאָר פון איר עקזיסטענץ. ווען די הסתדרות האָט זיך אין חנוכה 1920 אָרגאַניזירט מיט 3,433 מיטגלידער, האָט זי נישט געחלומט אַז אין 25 יאָר אַרום וועלן אין איר זיין אָרגאַניזירט גאַנצע 72 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער אין לאַנד. אין דער הסתדרות געפינען זיך קרוב צו 40 פּראָצענט פונעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. די הסתדרות האָט זיך מיט 25 יאָר צוריק, ביי איר גרינדונג, נישט גע־ריכט אַז אין משך פון אַזאַ קורצער צייט זאָל זי אויסוואַקסן אין אַזאַ כוח.

ווען די הסתדרות האָט זיך אין 1920 געגרינדעט האָבן דאַן בלויז עקזיסטירט 14 קבוצות און מושבים, 5 פּרויען קבוצות. היינט צו טאָג עקזיסטירן קרוב צו 170 אַרבעטער־ווירטשאַפטן מיט קרוב 46,000 נפשות. די הסתדרות החקלאית, די אַגריקולטורעלע אָרגאַניזאַציע, האָט אין 1920 געציילט בערך טויזנט מיטגלידער. היינט צו טאָג ציילט זי 45 טויזענט מיטגלידער. געוויס האָבן די גרינדער און אירע

אַרכיטעקטאָרן, ווי אַ בערל קאַצענעלסאָן און זיין גלייכן, געשטרעבט צו גרויסע זאַכן, און ווען אַלץ וואָלט אין ארץ־ישראל געגאַנגען כשורה, וואָלט זיך די הסתדרות נאָך מען צעוואקסן און וואָלט נאָך געווען אַ שטאַרקערער כוח ווי זי איז איצט. ווען דער ענגלישער קאָלאָניאַל־אָפּיס וואָלט זיך פאַרהאַלטן ערנסט צו דער באַלפור דעקלאַראַציע און דער אימיגראַנטן־שטראָם וואָלט דורך פאַרשיידענע טריפהנע שפּיצלעך נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן, וואָלט די הסתדרות איצטער מסתמא געציילט מער ווי אַ האַלבן מיליאָן מיטגלידער. דער ישוב וואָלט בכלל געווען גרעסער און אַלע אַנטוויקלונגען אין לאַנד וואָלטן בכלל אָנגענומען אַ נאָרמאַלע, נאַטירלעכע פאָרמע. אויך דאַן וואָלט דער נס פון דער הסתדרות געווען פאַרכאַפּנר. נאָך אַלעמען איז עס דאָך בלויז אַ פערטל יאָרהונדערט, אַ משך פון איין דור בלויז. עס וואָלט געווען צו באַוואונדערן וואָס אַן אויסגעוואָרצלט פאָלק קען שאַפן ווען מען גיט עס די געלעגנהייט דערצו.

דער נס אָבער איז נאָך גרעסער ווען די וועגן פון אַנטוויקלונג זיינען רשעותדיק פאַרשטעלט געוואָרן, ווען שטרויכלונגען נאָך שטרויכלונגען זיינען געוואָרפן געוואָרן אין די טריט פון די עולים און יעדער שפּאַן ערד האָט געמוזט אויסגעקעמפט און דערוואָרבן ווערן דורך שווייס און בלוט. ווען יעדע דערגרייכונג האָט געמוזט אויסגעקליגלט ווערן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט און להכעיס אַלע אַכזריותדיקע שפּיצלעך מצד אַ רשעותדיקער אַדמיניסטראַציע.

להכעיס אַלע שטרויכלונגען, להכעיס אַלע היפּאָקריטישע אויסריידן און אָפּהאַלטונגען איז דאָך דער ישוב געוואקסן און איז געוואָרן דאָס וואָס ער איז צו היינטיקן טאָג, און להכעיס אַלע שוועריקייטן איז מיטן ישוב געוואקסן די הסתדרות און האָט דעראָבערט אַלע פּאָזיציעס און דערגרייכט אַזויפיל אויפטואונגען, וואָס יעדער רעכטדענקענדער מענטש מוז זיך וועגן דעם פאַרטראַכטן — איז דער נס פון דער הסתדרות דאָפּלט גרויס. מוז טאַקע ביי יעדן מענטשן, וואָס טראַכט נאָר אָביעקטיוו איבער דעם וואוקס און די דערגרייכונגען פון דער הסתדרות פאַר די לעצטע 25 יאָר, זיך אַרויסרייסן די תפילה וואָס מיר האָבן איצט ערשט געזאָגט אום חנוכה — „על הנסים, ועל הגבורות, ועל הנפלאות“. וואָס זיינען געווען די נסים פון דער הסתדרות ? די

נסים פון דער הסתדרות זיינען געווען דאָס וואָס אירע גרינדער, אירע פירער און אויך אירע דורכשניטלעכע מיטגלידער זיינען דורכגעדרונגען געווען מיט אַנגעהויכטן אידעאַליזם, מיט קרבנות גרייטקייט און מיט אַ שטאַרקן ווילן אויפצובויען, אויפצולעבן און איבערבויען אַ פאָלק אויף סאָציאַלע, יושרדיקע גרונטליניען און גרונטפעסטיקונגען. די נסים זיינען דאָס וואָס די אָנפירער פון דער הסתדרות זיינען געבענטשט געווען, אויסער אידעאַליזם, אויך מיט קלאָרע קעפּ און קלאָרן פלאַנירונגס־גייסט. צווישן די נסים דאַרף אויך אַריינגערעכנט ווערן דער שטאַרקער אויסדויער, סיי פון די מענער און סיי פון די פרויען. די נסים זיינען אויך געווען די וואָס די ישיבה־בחורים, סטודענטן און פּראָפעסיאָנאַלן האָבן זיך אויסגעשמידט אַרמייען, וועמענס אָפּגעצערטע איידעלע פינגער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אייזן און שטאָל!

די גבורות זיינען געווען וואָס מענטשן, וועלכע זיינען ערשט אַרויסגעקומען פון די ישיבות, פון די אוניווערזיטעטן און פון גלאַט אַקאַדעמיעס, זיינען געוואָרן פאַרוואַנדלט אין לייבן און האָבן מיט זייער גבורה בייגעשטאַנען די עלעמענטן פונעם האַרטן מדבר, פון ברענענדיקן זאַמד, פון מאַלעריע־זומפּן און האָבן דעם שטיינערנעם באָדן געבאָטן אַז ער זאָל זיך אָנקליידן מיט גרין־געוואוקסן. זיי האָבן, ווי גאָט ביי מעשׂי בראשית, געגעבן דעם פאַרטריקנטן באָדן אַ באַפעל: „תדשא הארץ דשא!״ „זאָל די ערד אַרויסגראָזן גראָז, קרייטעכץ וואָס גיט אַרויס זאַמען, פרוכט־ביימער וואָס טראָגן פרוכט אויף דער ערד לויט זייערע מינים, וואָס זייער זאַמען איז אין זיי. און עס איז אַזוי געשען״ (בראשית א, יא). זיי האָבן מיט זייער גבורה פון געזאַלצענעם טויטן־ים־ברעג געמאַכט פרוכטבאַרן באָדן. זיי האָבן פון טויט געבראַכט לעבן. זיי האָבן פון די טיפע אָדערן פון דער ערד אַרויסגעבראַכט לעבעדיקע קוואַלן און האָבן פרוכטבאַר געמאַכט דעם באָדן. די נסים פון זייערע גבורות האָבן זיי אַרויסגעוויזן אויף אַלע מלחמה־פראָנטן פון די אַליאירטע, און דעם אַריינברענגען פון „אומלעגאַלע״ אימיגראַנטן להכעיס דעם שוואַרצן־ווייסן פּאַפּיר.

זיי האָבן אַרויסגעוויזן זייערע גבורות אין די אונטערערדישע קאַמפן, אין די פאַרשיידענע זאָנעס פון דייטשישער אָקופּאַציע. די יידישע בריגאַדע האָט אַרויסגעוויזן גבורה און זעלבסטאָפּפער אין דער

אַרויספירונג פון זייערע אומגליקלעכע ברידער פון די פאַרשיידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און זיי האָבן עס דורכגעפירט אונטער דער נאָז פון די ענגלישע פיינטלעכע מיליטערישע באַאַמטע. ס׳זיינען די גבורות וואָס אַזעלכע פאַרטיזאַנען און פאַרטיזאַנקעס פון דעם חנה סענעש טיפּ האָבן באַוויזן. ס׳זיינען די גבורות פון אַרויסראַטעווען מענטשן פון אונטער דעם שונאס נעגל און אַריינפירן זיי אין לאַנד, אויסמיידנדיק דעם שטאַרקן קאָרדאָן פון די ענגלישע מיליטערישע וועכטער.

די נפלאות זיינען די וואָס די אויפטואונגען פון דער הסתדרות ווערן באַוואונדערט פון פריינט און פיינט. פריינט קענען זיך נישט אָפּלויבן פון דעם וואונדער וואָס די הסתדרות האָט געשאַפן אין ארץ־ישראל און די פיינט, ווען זיי ווילן, ווי בלעם, שילטן, מוזן זיי על אפם ועל חמתם — בענטשן. און אָט ווי אַ פריינט, חיים נחמן ביאַליק, האָט געשריבן וועגן די ארץ־ישראל חלוצים:

„טאָג־איין טאָג־אויס האָב איך מיט מיינע אויגן געזען וואונדער־זאַכן: איך האָב געזען ווי וויסטע סטעפּעס, וועלכע ציען זיך ביז צום האָריזאָנט, בייטן זייער פאָרם. איך האָב געזען אַ יונגן, פּיאָנעריש־העראָאישן דור, וועלכער איז געקומען פון דער ווייטנס און האָט אַוועקגעשטעלט זיינע געצעלטן אין מדבר און האָט גע־בויט ישובים אויפן זאמד. איבערנאַכט ווערן געבויט הייזער, ביים זונפאַרגאַנג זעסטו זאמד־שטרעקעס, אינדערפרי — די יסודות פון הייזער, וועלכע שפּראָצן שוין אַרויס פון זאמד. אַזעלכע בילדער ווידערהאָלן זיך יעדן טאָג, און לאָזן זיך נישט דערקלערן מיט קיין ווערטער. דאָס זיינען בילדער, וועלכע קריצן זיך איין אין קאָפּ און לאָזן זיך נישט אויסמעקן. איך גלויב באמונה שלמה, אַז אין דער גאַנצער ברייטער וועלט איז נישטאָ קיין איין ווינקל וואָס זיינע שאַפער און בויער זיינען ענלעך צו די פון ארץ־ישראל. אין ארץ־ישראל „זאָגט שירה" יעדער ציגל וואָס ווערט אַריינגע־לייגט אין וואַנט. די אַרבעטער זיינען דאָרטן נישט קיין סתם לוין־אַרבעטער, וועלכע זיינען פאַרשקלאַפט צו זייערע בעלי־בתים, דאָס זיינען מענטשן וועלכע בויען אַ צוקונפט פאַר זיך און פאַר זייערע קינדער נאָך זיך. אַזוי האָבן זייערע אבות אויסגעטראַכטן

פאַר זיי אַ וועג אין מדבר. אַזוי דערצייל-געבערט די אומה איר לאַנד, פון וועלכן זי איז מיט געוואַלט אַוועקגעריסן געוואָרן. דאָס צו זען מיט די אייגענע אויגן איז אַ גרויס גליק, וואָס האָט נישט קיין גלייכן."

אַזוי האָט אויך געשריבן דער געוועזענער האַי־קאָמישאָנער וואָר־קאָפּ, וועלכער האָט געעצהט ענגלאַנד צו קאָלאָניזירן אויף דעם מוסטער פון די קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. אַזוי האָט גערעדט דידס, ווען עס וואָלט זיך נישט געוואָלט שטאַרק לויבן דער הסתדרות, נישט ווילנדיק אָבער האָט ער געבענטשט. דאָס און טויזנט אַנדערע זאַכן זיינען די נפלאות.

פאַרשטייט זיך, די הסתדרות שאַצט אָפּ די הילף און די מיט־אַרבעטערשאַפט פון אַלע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, וואָס העלפן איר אַרויס אין דער איבערבויאונג און אויפבויאונג פון די נייע עולים, לעגאַלע ווי „אומלעגאַלע". היינט איז אָבער דער באַגריף פון געבן הילף דער הסתדרות נישט דער זעלביקער ווי ער איז געווען פאַראַיאָרן, פאַר צוויי יאָרן און פאַר דריי יאָרן. היינט צו טאָג איז די לאַגע אַזאַ וואָס אונדזער הילף דאַרף פאַרדאָפּלט און פאַרדרייפאַכט ווערן. מיר דאַרפן געדענקען אַז מיר שטייען פּנים אל פּנים מיט אַ באַוואפנטער מאַכט, און דאָס בערל קאַצענעלסאָן שיפל און דאָס חנה סענעש שיף זיינען נישט די איינציקע.

דאָס אַריינברענגען פון „אומלעגאַלע" עולים פאָדערט געלט, עס פאָדערט אויסדויער, עס פאָדערט מוט, עס פאָדערט גבורה, עס פאָדערט שאַרפזין און דערפינדערישקייט. די ארץ־ישראל־חברים זיינען גרייט עס צו געבן, און וואָס דאַרפן מיר טאָן צו דערמוטיקן זייער געוואַגטקייט? צו אונדזערע הערצער און מיטגעפילן דאַרפן מיר זיי שיקן מאַטעריעלע הילף. קיינע קרבנות דאַרפן פאַר אונדז נישט זיין צו שווער. מיר מוזן אויסגלייכן די וואָגשאָלן. אויף איין שאָל ליגט מוט און גבורה, זעלבסט אָפּער און דערפינדערישקייט, אויף דער צווייטער וואָג־שאָל מוזן מיר אַרויפלייגן אונדזער פריינטשאַפט און אַזויפיל געלט אום די וואָג צו באַלאַנסירן. עס האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען אַ פאָלק און מיר מוזן אונדזער חוב דערפילן.

לאָמיר ווייזן דער הסתדרות העובדים אין ארץ־ישראל אַז מיר

ווייסן ווי אָפּצושאַצן זייער אָנגעשטרענגטע און פּרוכטבאַרע אַרבעט פאַר די לעצטע 25 יאָר. זאָל אונדזער 22־יעריקע קאָנפערענץ פאַר דעם „פאַלעסטינע הסתדרות קאמפּיין" דעם 13טן יאַנואַר. אין דעם אַמבאַסאַדאָר האָטעל, ביי אונדז אין שטאָט, זיך אַוועקשטעלן אויף יענער הויך ווי די איצטיקע צייט פאָדערט עס פון אונדז. זאָלן מיר קומען באַלאָדן צו דער קאָנפערענץ מיטן אידעאַל און אויך באַלאָדן מיט אַ גרויסן אַוואַנס פון ביישטייערונגען, וועלכע וועלן סיי מאָראַליש און סיי מאַטעריעל אונטערהאַלטן די הענט פון די וואָס וואַגן און טוען פאַר מיר, פאַר אייך און פאַרן גאַנצן פאָלק . . .

יאַנואַר 4, 1946.

# וועגן אַ פּייערדיקן ענין

(געווידמעט דעם פאָלקס־הויז)

זיך איך מיר פאַרטראַכט און קלער: וואו נעמט מען די באַגייסטערונג פון יינגלשע יאָרן, ווען אַ גאַנצע כאַפּטע יונגוואַרג פלעגן זיך אַרויסלאָזן ערב שבועות אָנצושניידן גרינעם אייר, ערגעץ אונטער דער מיל, כדי צו באַפּוצן די הייזער מיט גרינס לכבוד שבועות ?

טראַכט איך מיר: עס זיינען אַוועק יענע באַגייסטערונג, יענע פרישקייט און יענער גלויבן. אַפילו די שבועותדיקע בלינצעס האָבן פאַרוירן יענעם יום־טובדיקן טעם און די פּוטער־קוכן זיינען געקויפטע, די קעז איז נישט פון דער אייגענער בהמה און ס'האָט אַ טעם ווי קרייד. טראַכט איך מיר: ווען מיר יידעלעך וואָלטן ביי היינטיקן טאָג פונעם רבונו של עולם אָנגעבאָטן געוואָרן מקבל צו זיין די תורה, וואָלטן מיר אים געזאָגט: יהודי בלא! מיר ווילן נישט די תורה און מיר ווילן נישט איר שכר! מיר ווייסן וואָס אַזאַ פּעקל קאָסט און דער „נעשה ונשמע" פּרייז איז אַביסל צו טייער. קנאַפּ פעלקער זיינען דאָ אויף דער וועלט, גאָטעניו? זאָל זיך אימעצער אַנדערש טראָגן מיטן פּעקל! בין איך דאָך אָבער אַ ייד נישט קיין גזלן און טראַכט: ווי

פרישט מען זיך אָפּ אַביסל דעם שבועות, אַביסעלע גרינס וואָלט נישט געשאַדט. ס׳וואָלט אַביסל פאַרטריבן די געלקייט און וואָכעדיקייט פונעם יידישן געמויזעכץ. אַביסעלע פרישקייט מיט גרינס, מיט פייגל־געזאַנג וואָלט נישט געשאַדט. וואָס אונדז פעלט, טראַכט איך מיר, איז אַ פריש פליסנד טייכל מיט גרינעם פלושניק, מיט גרינע פעלדער, גרינע גערטנער און אַן אמתע רות־אידיליע, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אמתן חג־הבכורים. טראַכט איך מיר: צי מיר וואָלטן גענומען די תורה, צי נישט, דערוויייל שטייען מיר פאַר אַ לעבעדיקן פאַקט מיט אַן אָנגעזויגטן באַרג איבער אונדזערע קעפּ, מיט קולות און ברקים, דונערן און בליצן, און אַ גאַנצער מבול פון צרות און געהקאַטע וואונדן, און טאָקע גאָט אויף צו להכעיס, וואָלט זיך וועלן באַגרינען און אָפּפרישן און ווערן מיט לייטן גלייך. עס חלומט זיך מיר וועגן אַ נאָרמאַל פאָלק, וואָס זיצט אויף זיין אייגן לאַנד, מיט גרויסע פעלדער און צייטיקע זאַנגען, מיט שניטער און קלייבער, מיט בועזעס, נעמיס און רותס; אַ שייער־טאָק און אַ יונגע אַלמנה ביי די פיס. אַ שיינער ראָמאַנס פון וועלכן עס איז אַרויסגעקומען די דור דינאַסטיע, די מלכות בית דוד און די שיינע פּסאַלמען וואָס די גויים זינגען און שטעלן אונדז אויס אַמאָל אַ צונג, אַמאָל אַ פייג און אַמאָל אַ שווערד, מערסטנס אַ שווערד . . . זיץ איך מיר אַזוי פאַרטראַכט אין מיינע מחשבות און מיטאַמאָל דערלאַנגט מיר דער בריוון־טרעגער אַ בריוול, מיט אַ מאָדנער איינלאַדונג, וואָס לעזט זיך בזה הלשון:

„זייער חשובער חבר:

„אין פאַרבינדונג מיטן יום־טוב שבועות זייט איר געבעטן צו קומען אין דעם „פאָלקס־הויז״, 420 נאָרד סאָטאָ גאַס, זונטיק אָוונט, דעם 20טן מאַי, צו דער גרויסער שרפה, צום פייער הגדול, וואו עס וועט מיט גרויס פּאַראַד און גרויסער פּאָמפּע אונטערגעצונדן ווערן . . .״ ס׳ווערט מיר פינצטער אין די אויגן. איך האָב אַפּנים געחלשט. אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, בין איך געווען נאָס אַרום קאָלנער, מיין בוזים צעשפּילעט, מיין ווייב און די שכנים זיינען געשטאַנען אַרום מיר און האָבן נייגעריק געפרעגט: וואָס האָט פּאַסירט?

— וואָס הייסט, זאָג איך, די מענטשן זיינען אַרונטער פון זינען!

איר האָט געהערט, מיט אַזויפיל מאַטערניש, אַזויפיל קרבנות, מיט בלוט ממש האָט מען אַזויפיל יאָרן געאַרבעט, אַזויפיל נעכט און טעג אָפּגעגעבן ביז עס איז געלונגען, מיט אמתער מסירת־נפש, אויפצובויען דאָס „פאָלקס־הויז", און מיטאַמאָל גאָר אונטערצינדן. איר האָט גע־הערט ? אונטערצינדן ! . . .

מיין ווייב כאַפּט ביי מיר די איינלאַדונג פון האַנט אַרויס און לייענט :

„צו דער גרויסער שרפה, צום פייער הגדול, וואו ס׳וועט מיט גרויס פּאַראַד און גרויסער פּאָמפּע אונטערגעצונדן ווערן דאָס פאָלקס־הויז מאַרטגעדזש וואָס איז לעצטנס ליקווידירט געוואָרן. קומט און דערוואַרעמט זיך מיט אונדז צוזאַמען ביי דעם גרויסן פייער, וואו עס וועט אויך געגעסן ווערן שבועותדיקע בלינצעס אַז עס וועט גיין אַ רויך."

ס׳ווערט מיר נישט גוט. איך הייב זיך אָן שעמען פאַר מיין אייגן ווייב, פאַר די שכנים און טאָקע פאַר זיך אַליין. אַזוי צו פאַרפירט ווערן — פע, חלשות ! נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט עפּעס צו זאָגן צו די אַרומיקע, ערשט עס קלינגט דער טעלעפאָן : העלאָ! העלאָ! — דאָס זייט איר, חבר, איטשע קאַפּוליער ? — יאָ, וואָס דען ? — איך בין פון דער צוגרייטונגס־קאָמיטע פונעם פייער הגדול. איך וויל אַז איר זאָלט עפּעס אָנשרייבן פאַר דער גרויסער שרפה. איר ווייסט דאָך מסתמא אַז דעם 20טן מאַי וועט מען אונטערצינדן . . . — איך האָב אים שוין נישט געלאָזט דערענדיקן. — שרייבן ? געוויס וועל איך שרייבן, וואָס דען, בעטן דאַרף מען מיך ? — איך האָב שוין דעם חבר נישט אָפּגעלאָזט. איך האָב מיט אים גערעדט פון פייער און פון וואַ־סער, פון מתן־תורה, אַקדמות, מאַרטגעדזשעס, בלינצעס, די נייעסטע געשעענישן, די גרויסע היצן, קידנעפּינגס און די אַמעריקאַנער פּאָלי־ציי, וועלכע קען קיין קאָץ אָן עק נישט פאַרבינדן. דער חבר, אויף דעם אַנדערן עק פון דער טעלעפאָן־ליניע, ווערט אומגעדולדיק און הייבט מיך אָן פרעגן, וויפיל עס האַלט דער זייגער און זאָגט מיר אַלע ווײַלע : מיר וועלן זיך זען ביי דער גרויסער שרפה. דערווייל זיינען זיך די שכנים פאַנאַנדערגעגאַנגען, מיין ווייב האָט זיך פאַרטאָן אין קיך און איך בין פּטור געוואָרן פון דערקלערונגען. איך האָב זיך אָפּגעזעגנט מיטן חבר און גענומען צוריק צונויפבינדן מיינע מחשבות און פאַר־

# געזאַמלטע שריפטן

קניפּן די געדאַנקען, וועלכע דער בריון־טרעגער האָט מיר איבער־געשלאָגן.

יאָ, וואו האָב איך געהאַלטן ? אַז די פעלקער שטעלן אונדז אויס אַ שווערד פאַר די שיינע דודס פּסאַלמען. ס׳לויפן דורות, ס׳לויפן יאָרן, יידן שטעקן אויס זייער ברוסט צום שפּיץ שווערד, זיי בלוטן פאַר זייערע אידעאַלן, פאַר זייערע אידיליעס, פאַר זייערע פּסאַלמען, מיט וועלכע די גויים קוויקן זיך. און כאָטש די תורה איז אויף אונדז אַרויפ־געצוואונגען געוואָרן, האָט עס יעדנפאַלס אונדז געדינט אַלס אַ פּאַנצער קעגן די פעלקערישע שפּיזן.

האָט זיך עס איז אָנפאַנג אויסגעדריקט אין אַ יבנה, אין די גרויסע ישיבות פון בבל, שפּאַניע, אַראַביע, רוסלאַנד, דייטשלאַנד און פּוילן, דערנאָך אין די מאָדערנע תלמוד־תורות, חדרים מתוקנים, פאָלקס־שולן און אַנדערע לערן־אַנשטאַלטן. ס׳בייטן זיך די צייטן און ס׳בייטן זיך די פאָרמען, דער שנור ציט זיך אָבער פון באַרג סיני און דינט אונדז אַלס ווידערשטאַנד קעגן אַלע אונדזערע שונאים. די פאָלקס־שול איז איינע פון יענע רינגען אין דער גרויסער קייט וואָס האַלט אונדז צו־זאַמען אַלס אַ פאָלק. פיל אַרבעט איז דער פאָלקס־שול אַריינגעלייגט געוואָרן און נישט איינמאָל האָט זיך געדוכט אַז דער באַרג לאָזט זיך אַרונטער אויף דעם בית־תורה. נישט איינמאָל האָט זיך געדוכט אַז דאָס פאָלקס־הויז רוקט זיך אַרויס פון די הענט פון די אמתע בויער. פילע פון די חברים האָבן זיך פּשוט מקריב געווען און האָבן געאָפּפערט, סיי מיט געלט און סיי מיט צייט, און דאָס פאָלקס־הויז איז געלונגען אַרונטערצוואַרפן דעם גרויסן באַרג, וואָס הייסט — מאָרטגעדזש. איז די שמחה טאָקע גרויס און אַלע פרייען, סיי די וואָס שטייען אינע־ווייניק און סיי די וואָס שטייען אויסווייניק, וועלן זיך געוויס משמח זיין און קומען צו דער גרויסער שרפה. צי איינער איז פרום, אָדער איז נישט פרום, וועט ער מיט אמתער שמחה און גרויסן עקסטאַז אַרויסזאָגן די ברכה פון — בורא מאורי האש ! אַז ברענען זאָל זיין געברענט ! מיר וועלן זיך טרעפן ביים פייער. קומט צו דער גרויסער שרפה !

מאַי 17, 1934.

# די ווײַנטרויבן און דער ווײַן

(צו דער דערשײַנונג פון יהואשס תנ״ך־איבערזעצונג
צוזאַמען מיטן טעקסט)

זינגען מיר ביים קלייבן,
וועט דאָס ליד פאַרבלייבן
אים טרויב, צוזאַמען
מיט די זיסע טעמ׳ען . . .
וועט מען אונדזער זינגען
מיטן ווײַן פאַרשלינגען,
וועט עס פון די קעלן
צו די ליפּן קוועלן . . .
(ליד פון די כרמים, יהואש.)

אויב די תורה ווערט פאַרגליכן צו אַ כרם, אַ ווײַנגאָרטן, וואו עס וואַקסן און צײַטיקן זיך טרויבן, קענען די בעלי־מפרשים און די מתרגמים, די קאָמענטאַטאָרס און די איבערזעצער, געגליכן ווערן צו די ווײַן־פּרעסער, וואָס פאַרטיקן צו דעם ווײַן פאַר די טרינקער. דער ווײַן־פּרעסער, צי ער איז אַ מפרש, צי ער איז אַ מתרגם, קען נישט זײַן אַבי ווער, ער דאַרף וויסן זײַנע טרויבן און פאַרשטיין די קונסט פון פּרעסן בכדי אַז עס זאָל פון די אויסדערוויילטע טרויבן נישט גיין אַ טראָפּן לאיבוד און דער אמתער טעם זאָל פאַרבלייבן. זאָגט יהואש אין זײַן דערמאָנט ליד:

שניידן וועט דער מעסער,
דריקן וועט דער פּרעסער,
וועלן מיט רובינען
פולע פעסער רינען.

און אַז די פּעסער זאָלן רינגען מיט רובינען און זאָל האָבן דעם ווערט פון גאָלד, צו דעם דאַרף מען זיין אַ ספּעציאַליסט, אַ ליאַדע ווער קען צו דעם נישט צוטרעטן. מען דאַרף דאָס שרייבצימער פאַרוואַנדלען אין אַ קעלטער, וואו עס געפינען זיך די נייטיקע מכשירים, די נייטיקע זייערס און איבערזייערס. די פּעסער און די פלעשער דאַרפן זיין ריין און ציכטיק.

דעם שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען צו זיין אין דענווער ווען יהואש האָט, דורך דעם אָנבאָט פון דער „היברו פּאָבלישינג קאָמ־פּאַני" פון ניו־יאָרק, צוגעטראָטן צו דער איבערזעצונג פון חומש. יהואש האָט דאַן איינגעזען אַז עס איז נישט קיין גרינג שטיקל אַרבעט. יהואש האָט שוין דאַן געלייענט פליסיק אַ זיבן־אַכט שפּראַכן, און כאָטש ער איז אין יידיש געווען אַ מייסטער פון וואָרט נאָך אין די יאָרן 8־1907, ווען ער איז צוגעטראָטן צו דער ערשטער סדרה בראשית, האָט ער שוין דאַן איינגעזען אַז זיין וויסן פון תנ"ך אין יענער צייט גיט אים נאָך נישט דאָס רעכט אונטערצונעמען אַזאַ אומגעהייערע אַרבעט. שוין דאַן האָט יהואש זיך נישט פאַרלאָזט אויף זיין אייגע־נער גרויסער לומדות. נישט נאָר איז יהואש געווען דער יידישער למדן און דער גרויסער בקי, נאָר ער האָט אויך געהאַלטן פונעם ריכטיקן אָנזאָג — דע את עצמיך — קען זיך אַליין. יהואש האָט גענומען זאַמ־לען איבערזעצונגען פון תנ"ך אין פאַרשיידענע שפּראַכן. ווי געזאָגט, איז ער שוין דאַן געווען אַ בלשן, אַ לינגוויסט פון גאָטס גאָנדן. יהואש האָט אָנגעזאַמלט אַ גרויסע ביבליאָטעק פון נישט בלויז תרגומים, נאָר אויך פון מפרשים. וואו ער האָט נאָר געקענט קריגן קאָמענטאַציעס אויפן תנ"ך, אין וועלכער שפּראַך עס איז, האָט ער זיך מיט דעם באַ־נוצט. נישט נאָר האָט יהואש זיך באַנוצט מיט די גאָר גרויסע און אָנ־ערקענטע קאָמענטאַטאָרס, נאָר ער פלעגט זיך אויך אָפּט באַנוצן מיט אָנפראַגעס פונעם פּשוטן מענטשן אין גאַס. ער האָט געזוכט צו עקס־פּלואַטירן יעדן יידן, וואָס האָט נאָר געלערנט אין אַ חדר. יהואש פלעגט אָפּשטעלן אַ באַקאַנטן יידן אין גאַס און אים פרעגן: „ווי אַזוי האָט אייך דער רבי געטייטשט דעם און דעם פּסוק?" יהואש האָט געוואָלט וויסן ווי אַזוי עס האָבן פאַרשיידענע מלמדים געטייטשט די נישט גאָר פאַרשטענדלעכע ווערטער אינעם טעקסט.

פאַרשטייט זיך, איך וויל דאָ נישט פאַרגלייכן יהואשן מיט רש״י, וועגן וועמען עס איז לעצטן יאָר אַזויפיל גערעדט און געשריבן געוואָרן. האָט זיך דאָך יהואש אַזויפיל באַנוצט מיט דעם פירוש פון רש״י. אגב איז יהואש נישט געווען קיין פרשן ווי רש״י, ער איז בלויז געווען אַ מתרגם, ער האָט זיך געמוזט האַלטן ביי דעם פשוטן טייטש פון וואָרט, ער האָט געמוזט טייטשן פשוטו כמשמעו, בעת רש״י האָט זיך געקענט גאַנץ אָפט באַנוצן מיט דרש און מיט אַ מאמר חז״ל. אָבער, וואָס אָנבאַלאַנגט דער צאָל ספרים וואָס רש״י האָט זיך באַנוצט מפרש צו זיין דעם תנ״ך, ווייס איך נישט צי יהואש האָט זיך באַנוצט מיט ווייניקער. אפשר וועל איך נישט מגזם זיין אויב איך וועל זאָגן אַז נאָך מיט מער. האָט דאָך יהואש שוין ביי רשי״ן געפונען די אַלע מקורות וואָר רש״י דער פרשן האָט אָנגעגעבן און ער האָט זיך מיט זיי זיכער באַנוצט. יהואש האָט דאָך זיך שוין געקענט באַנוצן מיט ספרים, וועלכע זיינען אויפגעקומען נאָך רש״יס צייט. געוויס איז רש״י געווען מער למדן און מסתמא אַ גרעסערער בעל־מדקדק ווי יהואש. איך וויל זאָגן, אַז אַזוי ווי רש״י האָט זיך נישט באַנוגנט מיט דעם וואָס ער האָט שוין געוואוסט און האָט זיך געצויגן נאָך נייעם וויסן, אַזוי איז אויך געווען יהואש, וואָס האָט געזוכט און גענישטערט אין אַלע ספרים, אין אַלע ביכער און האָט זיך באַנוצט מיט דעם טייטש פון אַלע בלע״זן. האָט ער דאָך געקענט אַזויפיל שפּראַכן.

אין „ספר השנה ליהודי אמריקה״, תש״י, שרייבט ד״ר מ. וואַקסמאַן אין זיין אַרטיקל „רש״י מפרש המקרא״, רש״י דער אויסטייטשער פון תנ״ך, איבער די מקורות וואָס רש״י האָט זיך באַנוצט: „אין דער אויסטייטשונג פון ווערטער וואָס ער (רש״י) האָט גענומען פון אַנדערע איז דער גרעסטער פון אַלע קוואַלן דער תרגום אונקלוס. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פאַרשטאַנען דעם ווערט פונעם תרגום אינעם פאַרשטיין פון די הייליקע שריפטן און ער האָט זיך מיט דעם באַנוצט אין אַ גאָר גרויסער מאָס. מיט זיין אויסטייטשערישן אינסטינקט האָט ער אנערקענט, אַז יעדע איבערזעצונג איז אויך אַ פירוש.״ יהואש, דער איבערזעצער, קען אין דעם זין פאַרגליכן ווערן צו רש״ין מיט זיין איבערזעצערישן חוש האָט ער געוואוסט אַז יעדער פירוש איז אַן איבערזעצונג און אַז יעדע איבערזעצונג איז אַ פירוש.

## י. ש. נאומאָוו

יהואש האָט גענומען דעם תנ״ך, דעם כרם מיט די טרויבן, וועל־כער איז געווען פאַרן פשוטן עולם אַ גאָרטן מיט אַ הויכן צאַם, און האָט פון די פאַרבאָטענע טרויבן אַרויסגעקוועטשט דעם ווייַן און האָט געמאַכט פולע פעסער רינען מיט פליסיקע רובינען. זיכער וועלן זיך געפינען מענטשן וואָס וועלן געפינען אויסזעצונגען דאָ און דאָרטן. איז דאָך אַזאַ קאָלאָסאַלע אַרבעט איבער די כוחות פון איין מענטשן, בפרט ווען מען ווייס אונטער וועלכע אומשטענדן יהואש האָט דעם ווייַן גע־פרעסט. אַגב איז קיין איבערזעצונג נישט פּינקטלעך אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט, ספּעציעל אַזאַ ריזיק ווערק ווי דער תנ״ך, וואָס איז געשריבן אין דער העברעאישער שפּראַך, וועלכע לאָזט זיך נישט אַזוי גרינג איבערזעצן אין אירגענד וועלכער שפּראַך. און כאָטש דער תנ״ך האָט נישט איין שפּראַך רייַך געמאַכט דורך זייַנע איערזעצונגען, קומט דאָס אָבער נישט צו דער קורצקייט, רייַכקייט און בויגיקייט פונעם אָריגינאַל.

עס איז דעריבער פון גרויס געווינס וואָס יהואשס איבערזעצונג דערשייַנט איצט צוזאַמען מיטן העברעאישן טעקסט. נישט נאָר וועט דער פּשוטער ייִד קענען טועם זייַן פון דעם ווייַן אין אַ ייִדישן פאַס, נאָר עס וועט אים אויך צו אַ גראַד געבן אַ צוטריט צו דעם אמתן יין־המשומר אין דער העברעאישער כלי. יידן פון אַ גאַנץ יאָר וועלן קענען מעביר זייַן די סדרה אויפן שטייגער פון שנים מקרא, ואחד תרגום, צוויי מאָל דעם אָריגינאַל און איין מאָל אין יהואשס תרגום. די גאָר פרומע ייִדישיסטן וועלן לייענען צוויי מאָל יהואשס איבער־זעצונג און איין מאָל דעם טעקסט.

אויף דער ייִדישער גאַס איז איצט אַ גרויסע שמחה. אין פאַר־שיידענע שטעט וועט די עראייגעניס געפייערט ווערן מיט גרויס פּאַ־ראַד. עס איז אָבער אַ גאָר גרויסער פאַרדרוס, וואָס יהואש, וועמענס יאָרצייַט מען גייט איצט געדעכן, זאָל נישט האָבן דערלעבט בייַצוזייַן די גרויסע שמחה פון דער דערשייַנונג פון ביידע טעקסטן. דער פאַר־דרוס איז אויך גרויס, וואָס זייַן חבר, פרייַנט און ווייב, פלאָרא, האָט אויך צו דעם נישט דערלעבט. דערפאַר האָבן זיי זייער שכר, אויף יענער און דער וועלט, וואָס זייער טאָכטער חוה מיט איר מאַן גיבן זיך מיט דעם אַזויפיל אָפּ.

# געזאַמלטע שריפטן

אַרכיאָלאָגן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דער אויסגראָבונג פון היס־טאָרישע פּלעצער אין ארץ־ישראל, באַשטעטיקן אַלץ מער און מער דעם היסטאָרישן ווערט פון תנ״ך. איך האָב דעריבער געלייענט מיט פאַרדרוס דעם בריוו פון דעם חשובן חיים ליבערמאַן אין „טאָג״, וואו ער באַריכטעט אַז דער בילדונג־קאָמיטעט פון אַרבעטער רינג האָט באַשלאָסן נישט צו לערנען דעם חומש אין די אַרבעטער רינג שולן.

געוויס איז עס אַ קרענקלעכער באַשלוס, וואָס שטאַמט אָפּ פון דער ראַדיקאַלעכץ־פּעריאָדע. עס ווילט זיך איצט וועגן דעם נישט שרייבן באריכות. צו וואָס שטערן די יום־טובדיקע שטימונג. האָט דאָך דער תנ״ך אונדזער לעבן אַזויפיל באַרייכערט און באַלויכטן אונ־דזער לאַנגן גלות־וועג. עס איז געווען אַמאָל אַ צייט, וואָס איך גע־דענק נאָך, ווען גאָר פרומע יידן און חסידים האָבן נישט געוואָלט אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען „שווארבע״, עשרים־וארבעה, ווייל עס וועט זיי מאַכן פאַר אַפּיקורסים. די היינטיקע, מישטיינס געזאָגט, אַפּיקורסים ווילן נישט לערנען מיט זייערע קינדער דעם „שוואָרבע״, פאַר דער מורא אַז זיי זאָלן, חלילה, נישט ווערן פרום. עס זיינען צוויי עקסטרעמען, כאָטש אין תוך איז עס די זעלבע יענטע אָבער אַנדערש געשלייערט.

זאָל אָבער דער נאַרישער אינצידענט אונדז נישט צעשטערן די שמחה — פון שישו ושמחו בשמחת תורה. זאָלן מיר נישט אונטער־שעצן דאָס גרויסע געווינס, סיי פאַר דער העברעאישער און סיי פאַר דער יידישער קולטור. לאָמיר זינגען צוזאַמען מיט יהואשן:

„ווען אין בעכער זיינען
איינגעשענקט די ווײַנען,
פרייד פאַר גאָט און מענטשן —
וועט אונדז יעדער בענטשן . . .״

יאַנואַר 31, 1941.

י. ש. נאומאָוו

# אַזוי ווי איך בין

לידער פון ראָזאַ נעוואַדאָווסקאַ, 1936-1933. אַרויס־
געגעבן פון ראָזאַ נעוואַדאָווסקי בוך־קאָמיטעט. 156
זייטן. לאָס אַנדזשעלעס ־ ניו יאָרק.

לויט נאָך אירע אייגענע ווערטער, איז ראָזאַ נעוואַדאָווסקאַ אַן אמת קינד פון איר פאָלק, אַ נע־ונדניצע, אַ וואָגלערין. זי איז אַ פּראָטאָטיפּ פון דעם אמתן נע־ונדניק, דער וואַנדערער־ייד. האָט זי דאָך דורכגעלעבט דעם ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, האָט זי דאָך דורכ־געמאַכט די מלחמה און די נאָך־מלחמהדיקע טעג פון שטורעם און קאַמף; איז זי דאָך, ווי אַן אמתע גלות־טאָכטער, געוואָרפן געוואָרן פון אָרט צו אָרט, פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד. ראָזאַ נעוואַדאָווסקאַ האָט זיך אויפגעצויגן אין אַן אמתער יידישער אַטמאָ־ספערע, וואו זי האָט באַקומען אַן אמת־יידישע דערציאונג, און מעג עס קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס, איז עס דאָך אמת — איר איז גרינגער צו ריידן רוסיש און זי באַנוצט זיך מיט דער שפּראַך גאַנץ אָפט, און דאָך איז איר יידיש אַ זאַפטיקער, אַ קערנדיקער און פול ווי אַ מילגרוים מיט העברעאישע אויסדרוקן.

ווי אויבן דערמאָנט, איז נע־ונדקייט און די שטרענג יידישע סביבה אין אירע קינדער־יאָרן האָבן באַרייכערט איר וויזיע, אין דער־פאַרונג און איר אויפפאַסונג פון געוויסע מאָמענטן, און דעריבער קומען אַרויס גאָר אַ סך פון אירע לידער פון גרויסן שוואונג און ברייטן ריטם. ראָזאַ נעוואַדאָווסקאַ האָט אַ שטאַרקע באָאָבאַכטונגס־קראַפט און איז פעאיק עס איבערצוגעבן אין קרעפטיקער פאָרם — האָט זי געלעבט אין ניו־יאָרק און האָט די שטאָט דורכגעדרונגען מיט איר אויג און האָט אַ סך לידער געשריבן, וועלכע הייסן „צו ניו־יאָרק". נעוואַ־דאָווסקאַ האָט באַמערקט די קאָנטראַסטן, די פאַרשיידענע עקסטרע־מען פון דער ריזיקער שטאָט — דעם אָפּגלאַנץ פון גאָלד, דאָס אומ־געהייערע רייכטום און דעם שפּין־געוועב פון פינצטערן קעלער און די

# געזאמלטע שריפטן

ביטערע אָרעמקייט מיט דער פינצטערער נויט. נעוואַדאָווסקאַ ווייסט אַז די רייכע, די אָרעמע, די ריזיקע ניו־יאָרק באַלאַנגט נישט צו קיינעם, זי איז נישט אויפגעבויט געוואָרן פון איין נאַציאָן, פון איין מענטשן. עס איז דאָ ביי איר אַ לידל — „אַלע נאַציעס":

„אַלע נאַציעס האָבן דיר געבויט אין שווערער נויט.
מיליאָנען מיילער האָבן דאָ געזוכט דיין ברויט.
הויך און שלאַנק און ליכטיק דיינע ווענט —
וויס, שוואַרץ און געל דיינע אַרבעטער־הענט." (ז. 37)

און ווייל די ריזיקע שטאָט איז געבויט געוואָרן פון אַזויפיל הענט ווייסט די דיכטערין אַז עס איז פאַר איר אוממעגלעך איבערצוגעבן אין שירה און ריטם די וואונדער פון דער גרויסער שטאָט, ווייל ווי גרויס און פעאיק די זעאונגס־קראַפט זאָל נישט זיין און ווי פראַליפיש די פעדער זאָל נישט זיין, איז דאָך קיין איין מוטער־מענטש נישט ביכולת די שטאָט צו באַשרייבן, און זי זאָגט איר געזאַנג — „אין שורות פון מיין ליד":

„אין שורות פון מיין ליד דיין געזאַנג
דעם גערויש פון דיינע רעש'דיקע באַנען, נישט אויסצוזינגען:
דעם געדאַנק פון דיינע טומעלדיקע גאַסן,
דעם אויפגעלויף פון אַלע הויטן ראַסן,
דעם עלנט פון דיין טאָג, אַ גרויען, בלאַסן —
אין שורות פון מיין ליד נישט אויסצוזינגען.
אין שורות פון מיין ליד נישט אויסצוזינגען
דעם געוויין פון דיינע הונגעריקע הייזער,
דעם געזאַנג פון דיינע בריקן, שטאָל און אייזן . . .
דעם שווערן יאָך פון ווייסע ברידער
און פון שוואַרצן אומעטיקן ניגער —
אין די שורות פון מיין ליד נישט אויסצואוויינען." א.אז.וו.
(ז. 39)

אינעם בוך „אַזוי ווי איך בין" זיינען דאָ אַ סך לידער פון הונגער און נויט און נעוואַדאָווסקי, ווי די אמתע וואָגלערין, האָט מסתמא אין

פּאַלאַצן נישט געוואוינט און זי ווייסט גוט דעם לעבן פון דעם היימ־לאַנד, דעם נע־ונד, דעם האַבאַ, און זינגט אין איר ליד „היימלאָזע“:

„אויף סקווערן, לעם בריקן — מיר לייגן זיך אוים.
ווי געשפּענסטער אין נאַכט — אונדזערע גופים פאַרדאַרטע.
דער סקווער איז היינט בעט און אָפּדאַך און הויז —
און מיר... בלעטער פון ווינטן צוזאַמענגעשאַרטע.“ א.אז.וו.
(ז. 9)

נעוואַדאָווסקאַ שטייט אָבער נישט אויף איין פּלאַץ, זי בלייבט נישט אויף דעם סקווער לעבן בריק, זי וואַנדערט דורך דער וועלט און האָט אין בוך פון אירע שאַפונגען געמאָלן דעם ים, געפינדזלט דעם מדבר, געצייכנט די שטאָט און נישט פאַרגעסן צו ווידמען אירע גע־זאַנגען צו אירע געליבטע דיכטער. די גאַנצע וועלט איז אירע, אַלע מענטשן — אירע ברידער, און זי זינגט:

„די גאַנצע וועלט איז היינט מיין היים . . .
און אַלע מענטשן — ברידער.
מיין פיין פאַרשלים איך אין געהיים,
אויף וועגן איך וואַנדער ווידער.
מיר איז וואַנדער־וואָגל גוט באַקאַנט,
מיין בענקשאַפט איז מיר טייער.
מיר ווייזט מיין וועג א בלויע האַנט,
מיך פירט א זייל פון פייער.

די דיכטערין, אין וועמענס טענער עס הערן זיך דער גויט־געשריי פון הונגער און דחקות, ווערט אויך געפירט פון אַ בלויער האַנט פון אַ פייער־זייל און פאַרגעסט אַמאָל די וואַכעדיקייט מיט אַלע אירע פּלאָגן און זי פילט אויך דורך דאָס ראָמאַנטישע, און אין איר בוך האָט זי אויך עטלעכע ראָמאַנטישע לידער און זי זינגט צו איר גע־ליבטן אין איר ליד „ווייסט?“:

„איך זע נאָר דיך. ביסט ווי זון און בלומען.
דער ווינטער־אָוונט ווערט מיר גליאיק זומער,
די וועגט, די קאַלטע — זאַנגענגאָלד און גרינס.“ א.אז.וו.
(ז. 57)

## געזאַמלטע שריפטן

אין אַ ווייטער ליד זינגט זי צו איר געליבטן:

„אין שפּעטע שעה'ן פון דער נאַכט
איך טראַכט פון דיר, איך בענק נאָך דיר.
צו וואָס און ווער האָט דיך געבראַכט
צום שוועל פון מיין פאַראיינזאַמט טיר?
פאַרוואָס איז נאָענט מיר דיין געזיכט?
איך פרעג און ווייס עס נישט אַליין . . .
נאָר כ'צי צו דיר זיך, ווי צו ליכט,
ווי נאַכט צום טאָג, וואָס וועט אויפגיין."

ווי שוין דערמאָנט, האָט נעוואַדאָווסקאַ די וואָגלונג און די ביטערע נויט נישט אינגאַנצן באַהערשט און זי לעבט דורך דאָס סענטימענטאַלע, וואָס איז נישט פרעמד יעדן מענטשן. עס באַגלייטן איר אויף איר שווערן וועג אירע זכרונות פון אירע עלטערן, אירע קינדער־יאָרן, איר היים און איר סביבה. און קענטיק, אַז אירע קינדער־יאָרן זיינען געווען געצערטלטע און זיינען געגלעט געוואָרן מיט דער ליבע און וואַרעמקייט פון איבערגעגעבענע פאָטער און מוטער, און אין איר ליד „מיין קינדהייט" זינגט זי:

„בלוי איז מיין קינדהייט, זוניק און ראָז —
זומער אין ווילדער, ווינטער — אין פראָסט.
סאָסנעס און שנייען מיך נעמען אַרום.
קינדהייט, מיין ווייטע, קום מיט מיר, קום.
כ'געדענק די פרימאָרגנס: געלעכטער און גליק,
פרייד אַזאַ — קומען וועט קיינמאָל צוריק.
טעג, ווי די פייגל, אין בלויקייט פאַרפליען,
ווי וואָלקענדלעך לייכטע, צו ווייטקייטן ציען." א.אַז.וו.
(ז. 23)

די לידער אינעם בוך „אַזוי ווי איך בין" זיינען געשאַפן געוואָרן אין משך פון דריי יאָר. נישט אַלע לידער און עסייען, וואָס נעוואַדאָווסקאַ האָט געשריבן, זיינען אַריין אין בוך. זי איז אַ פּראָליפישע שריפטשטעלערין און זי טראָגט מיט זיך איר ליד דורך נאַכט, דורך

קעלט, דורך שטורעם. אירע לידער זיינען פילזייטיק. זי דינט נישט צו איין גאָט. זי ווידמעט אירע לידער צו ארץ־ישראל, צו בירא־בידזשאַן, און אַמאָל ווערן זיי ביידע ביי איר באַהעפט ווי דער סיאַמער־צווילינג. זי זאָגט אין איר ליד „פון מיינע עלטערן":

„איך האָב פון מיינע עלטערן געלערנט פאַר קיינעם זיך נישט בויגן.
זיין אין זיך פאַרשטילט, טראָגן אַ זינגעוודיק געמיט.
ווי אַן אָדלער אויף דער זון — קוקן דעם לעבן אין די אויגן.
דורך נאַכט, דורך קעלט, דורך שטורעם —
איך טראָג מיין וויכטיק ליד."　　(ז. 28)

אין מאַנכע פערזן פילט זיך אַביסל איבעראייניקייט, פּרוכטן נישט גאַנץ צייטיקע. איר דיכטער־טאַלאַנט זעט זיך אָבער אַרויס גאַנץ בולט אַפילו אין די נישט גאָר צייטיקע לידער.

נעוואָדאָווסקאַ טראָגט איר ליד דורך שטאָט און מדבר. דאָס בוך איז פול מיט שיינע לידער. אין געוויסע ערטער, פאַרשטייט זיך, פילט זיך אַנגעצויגנקייט און אַביסל האַרטקייט. אירע ווערטער און אויסדרוקן זיינען געקליבן און געשליפן. אין אַלגעמיין איז דאָס בוך שיין אַרויסגעגעבן און איז אַ וויכטיקער בייטראָג צו דער יידישער דיכטונג.

אויגוסט 21, 1936.

## אין שמעלצטאָפּ פון רחקות

(לכבוד דעם בוך פונעם בראָנזווילער סטאָליער)
„הובעל־שפּעטער" פון בראָנזווילער סטאָליער. אַרויס־געגעבן פון דער „בראָנזווילער סטאָליער שריפטן־קאָמיטע. ניו יאָרק—לאָס אַנדזשעלעס. מערץ, 1933.

דורכלייענענדיק דאָס בוך פונעם בראָנזווילער סטאָליער, האָט זיך מיר אָוועקגעשטעלט די פראַגע: קען אַ קינסטלער פון וואָרט זיך באַגיין אָן אַ יוגנטלעכער, סיסטעמאַטישער דערציאונג? לייענענדיק

# געזאמלטע שריפטן

די אויטאָביאָגראַפישע סקיצן פונעם בראַנזווילער סטאָליער, זיינען דורכגעגאַנגען פאַר מיינע אויגן אַ גאַנצע ריי פון גרויסע מענטשן, וואָס האָבן אין דער יוגנט גאַרנישט געלערנט, און אויב זיי האָבן עפּעס יאָ געוואָסן, איז עס בלויז געווען אויפן שפּיץ מעסער. איך האָב געזען פאַר מיינע אויגן אונדזער גרויסן ריז, רבי עקיבה, און פיל אַנדערע פון אונדזערע גאָר גרויסע, סיי אין די ערשטע עפּאָכן פון אונדזער געשיכטע און סיי אינעם מיטלאַלטער, סיי ביי אונדז און סיי ביי די אומות העולם.

איך האָב פאַר זיך געזען די נייע, מאַקסים גאָרקי, דזשאָזעף קאָנראַד, קנוט האַמסאַן און פיל אַנדערע, וואָס זיינען אין זייער פריי־עסטער יוגנט דורכגעגאַנגען די וואַלצן פון אָרעמקייט און דעם שמעלצ־טאָפּ פון דחקות.

איך וויל דאָ ניטט פאַרגלייכן און אַוועקשטעלן דעם בראַנזווילער סטאָליער אויף איין פּעדעסטאַל מיט יענע בערן, תלמידי חכמים און פען־קינסטלער. איך וויל אָבער זאָגן, אַז ווען איינער איז פון דער נאַטור באַגאַבט מיט דעם געטלעכן געשאַנק פון אַן עין רואה ואוזן שומעת — אַן אויג וואָס קען אַריינכאַפּן. ווי אַ פאָטאָגראַפישער אַפּאַ־ראַט, די דינסטע שטריכן, און אַן אויער וואָס קען אַריינגעמען די שוואַכסטע קלאַנגען, מוז גראַד נישט דורכגיין אַ יוגנטלעכע, סיסטע־מאַטישע דערציאונג.

טאַלאַנט איז ווי אַ וואַסערשטראָם וואָס רייסט דורך בערג און לעכערט דורך שטיינער, שאַפט פאַר זיך אַ וועג, נישט אַכטנדיק דעם שווערן קאַמף קעגן די עלעמענטן.

דער בראַנזווילער סטאָליער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין אַ הויז פון אָרעמקייט און נויט, איז געבוירן געוואָרן ווי אַ ציגיינער־קינד, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן — אונטערן הימל. אין אַ וואַגאָן פון אַ ניי־געבויטער אייזנבאַן. און אויב א. רייזינס „אַ משפחה זאַלבע אַכט" קען אויף אימעצן אַנגעווענדט ווערן, קען עס אַנגעווענדט אויף דער גרינפעלד־משפחה (גרינפעלד איז דער נאָמען פון דעם בראַנזווי־לער סטאָליער). דער טאַטע זיינער אַ סטאָליער בן סטאָליער, אַ ייד וועמענס אונטערנעמונגען זיינען, אָן אויסנאַם, געגאַנגען מיטן פּוטער אַראָפּ, אַ ייד אַ בעל־מטופל, אַ גרויסער קבצן און במילא אַ גרויסער

כעסן, וואָס פאַר דער קלענסטער זאַך פלעגט ער באַנוצן זיינע געזונטע פויסטן, נישט נאָר אויף די קינדער, נאָר אויך פאַר אַ נישט־געראָטע־נעם קוגל פלעגן שטולן און בענקלעך פליען דער מאַמען אין קאָפּ אַריין.

די מאַמע, וועלכע האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרעסערער יחסנטע פון טאַטן, האָט, ווי אַלע מאַמעס, געוואָלט מאַכן פון אלי־בערן — אַ רב. אלי־בער איז אָבער אַ קרענקלעך ייִנגל געווען און לאַנג אין חדר האָט ער נישט געקענט גיין, קיין גוטע מלמדים האָט ער נישט געהאַט און ביז ניין יאָר האָט ער זיך קוים אויסגעלערנט דעם אלף־בית. צו ניין יאָר מאַכט אים זיין פאָטער, להכעס זיין מוטערס פּראָטעסטן, פאַר אַ סטאָליער. באַשרייבנדיק די נויט פון זיין יוגנט, זעט מען ווי דער פורעם פון הונגער און אַנגסט האָט אָפּגעדריקט די יוגנט־אַרמוט־בילדער אויף זיין זכרון. מיר וועלן דאָ איבערגעבן אַ שטעלע פון זיינע אויטאָביאָגראַפישע סקיצן, אין דעם קאַפּיטל „נאָכן פּאָגראָם“:

„און דאָ איז אַ פולע שטוב מיט קינדער, דריי גרויסע מוידן, אַלע נאַקעט און באָרוועס, און קיין ברויט איז נישטאָ, און קיין האָלץ צו הייצן דעם אויוון אויך נישט. דאָס ביסל סטרוזשקעס, וואָס ס'קלייבט זיך אָן דורכן טאָג, גיט אַ סמאַליע איינס און צוויי, און אין שטוב איז קאַלט, נאַס און אומעטיק. אַז די מאַמע קאָכט אָפּ אַ שיסל קאַרטאָפל, רייסט מען זיך איבער אַ קאַרטאָפליע, ווי די הינט אין יאַטקע איבער אַ ביין.“

און ווייטער:

„ס'איז שבת פאַרנאַכט. איך זיץ ביי דער קאַלטער הרובע איך צאַצקע זיך מיטן שפּאָגל־נייעם ענגלישן מעסערל, וואָס איך האָב געפונען אויף דער גאַס באַלד נאָך דעם פּאָגראָם. די טיר פון אַלקער, וואו דער טאַמע און מאַמע ליגן אויף זייערע בעטן, איז האַלב אָפן און איך הער וואָס זיי רעדן צווישן זיך.

— אַזוי שנעל ווי מען וועט אָנצינדן ליכט — זאָגט די מאַמע — דאַרף מען זיך שטעלן שניידן וועניר פאַר די עטלעכע רעמלעך, וואָס דער גוי האָט באַשטעלט איינצופאַסן הייליקע בילדער. מאָרגן איז דער יאַריד; אַז די רעמלעך וועלן זיין פאַרטיק, וועט מען ביים גוי קריגן דריי קערבלעך, וועט מען קויפן אביסל

מעל און באַקן ברויט — שוין צוויי וואָכן קיין ברויט נישט געבאַקן.“

די מאַמע, אויף וועמענס קאָפּ עס איז געלעגן די אַלע דאגות פון הויז, פלעגט לויפן זוכן אַ גמילת־חסד, אָדער פאָרן אויסוויינען ביי איר רייכן ברודער עטלעכע רובל. ווען דאָס וואַסער איז שוין געווען איבערן האַלדז, האָט זי זיך אויך פאַרנומען מיט גלעזעריי, אַריינשטעלן שויבן אין שטעטלשע הייזער ביי זיך אין זשמערינקע, אָדער אין די אַרומיקע גויאישע דערפער. אויסער די אַלע פרנסות און מלאכות איז נישט געווען קיין ברכות און זי פלעגט נאָך דעם טאַטן דאַרפן אַמאָל אויסהעלפן אין זיין אַרבעט, ווי שניידן ווענגל אָדער אַנדערע שווערע אַרבעטן.

און אָט איז אַ בילד אינעם זעלבן קאַפּיטל, וואו דער טאַטע און די מאַמע ריידן:

„ — אפשר זאָל איך אָוועקשטעלן דעם בחור (אלי־בערן), ער זאָל מיר העלפן? — רופט זיך אָפּ דער טאַטע.

— „דעם בחור“ — קרימט אים נאָך די מאַמע — אז אָך און ווי איז אים, וואָס ער איז גאָר געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט . . . אינגאַנצן איז עס נאָך קיין דרייצן יאָר נישט אַלט, האָסטו אים שוין אָוועקגעשטעלט אַרבעטן! אין חדר גייט ער נישט — וואָס וועט פון אים ווערן?

זי שווייגט אַ מינוט און רעדט ווייטער, מיט ווייטאָג אין קול:

ער איז דאָך אויסגעדאַרט, אויסגעקוואַרט, אָן אַ לויט פלייש אויף זיינע ביינער . . . און דו שלאָגסט און בריקעסט אים . . . פאַר דער מינדסטער נאַרישקייט איז — האַק! און נאָר אין קאָפּ אַריין. ווערסט דאָך אים דערהרגענען . . . ביי לייטן לייגט מען אַריבער די קני און מען גיט אים אַ פּאָר שמיצלעך אין הינטן; דאָ איז גאָטס צאָרן אויסגעגאָסן אויף מיר . . . האַקסט מיט די קולאַקעס דאָס קינד אין קאָפּ אַריין . . . און ס'האָט גאָרנישט קיין גאָט אין האַרצן! אוי, וואָס פאַר אַ וויסט פינצטער לעבן אויף מיר . . . ס'וואָלט שוין בעסער געווען דער טויט . . .“

## י. ש. נאומאָוו

אין צוגאָב צו דעם ים פון אָרעמקייט איז דאָס שטעטל זשמע־רינקע אינעם יאָר 1881 פאַגראָמירט געוואָרן און דער בראַנזווילער סטאָליער האָט עס אַלס קליין יינגל איבערגעלעבט און די טרויעריקע, שוידערלעכע בילדער האָבן זיך אָפּגעקריצט אויף זיין זכרון און זיין באַשרייבונג אינעם קאַפּיטל, וואָס הייסט „דער פאָגראָם״, איז מוס־טערהאַפט געשילדערט.

דאָס שענסטע אָבער אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע סקיצן איז דאָס קאַפּיטל „כל מקדש״. דאָ האָט דער שרייבער אַרויסגעוויזן מאלערישן טאַלאַנט און אַ פּסיכאָלאָגיש־מענטשלעכע פאַרשטענדעניש און אַן אוצר פון טיפן, ווי „לאה די באַסעכע״, „חיה איטע״, איר טאָכטער, „אברהם שלמה״, „חיה שרה״, זיין ווייב, און זייער טאָכטער, „דאָברע־שעל״. דאָס קאַפּיטל „כל מקדש״ איז אַ סימפאָניע פון מענטשלעכער גוטסקייט, אָרעמקייט און קראַנקשאַפט, באַווירצט מיט פאַרבן און קלאַנגען פון עלנט און נויט.

מיר וואָלטן זיך געקענט אָפּשטעלן אויף פיל שטעלן אין די אַלע קאַפּיטלען פונעם בוך און ברענגען רייכע ציטאַטן. אויסער וואָס דער פּלאַץ דערלויבט עס אונדז נישט צו טאָן, וואָלטן מיר אויך באַגאַנגען אַן עוולה צו דעם מחבר. דאָס בוך דאַרף געקויפט און געלעזן ווערן. יעדער אינטעליגענטער לייענער וועט אין דעם בוך געפינען אַן אוצר פון רייכן מאַטעריאַל. דער בראַנזווילער סטאָליער איז אַ באַוויז, אַז אַ קינסטלער מוז גראָד נישט באַזיצן אַ גרסא־דינקותא — אַ רייכע קינדער־דערציאונג, ווייל, ווי דער בראַנזווילער סטאָליער גיט אָן, האָט ער נישט געשריבן אַפילו קיין פשוט בריוול ביז אַ יאָר ניינצן. עס איז זיין איינגעבוירענער טאַלאַנט און זיין דורשט צו לערנען, וועלכע האָבן אים געמאַכט פאַר אַ רייכן באַאָבאַכטער, וועלכער כאַפּט אויף די דעליקאַטסטע שטריכן אינעם קאָמפּליצירט־מענטשלעכן לעבן און וואָס ס׳האָבן אים געגעבן די פעאיקייטן אויפצוכאַפּן די דינסטע קלאַנגען, אַ שמיני שבשמיני פון אַ קלאַנג — אַן אַכטל פון אַן אַכטל פון אַ קלאַנג, און באַמערקן די אויסטערלישע, עקסצענטרישע מענטשלעכע באַנעמונגען, וואָס דאָס אויג און דאָס אויער פון אַ געוויינלעכן בשר־ודם זיינען פאַר דעם נישט מסוגל.

אויסער אַלעם איז דער בראַנזווילער אַ גוטער תלמיד און, ווי

**ער גיט איבער אינעם לעצטן קאַפּיטל פונעם בוך, „ווי איך בין געוואָרן אַ שרייבער״, האָט ער אַ סך צופאַרדאַנקען דעם גייסטיקן ריז — איך וואָלט געזאָגט — דעם גרעסטן יידישן דיכטער — יהואש. צווישן אַנדערן זאָגט דער שרייבער:**

„ספּעציעל בין איך אים (יהואשן) דאַנקבאַר פאַר זיינער אַ לעקציע, וואָס ער האָט מיר געגעבן איבער „ביכער און ווי אַזוי זיי צו לייענען״. און מיר טוט וויי דאָס האַרץ, וואָס איך האָב אין מיינע קינדער־יאָרן נישט געהאַט אַזאַ לערער. אָבער נישקשה, איך בין נאָך יונג . . . און מיין חשק צו לערנען איז נאָך אין סאַמע רעכטן ברען . . .״

**דער בראָנזווילער סטאָליער איז שוין אַ פינף און זעכציקער און פון דעסטוועגן דענקט ער אַז דאָס בעסטע האָט ער נאָך נישט געשאַפן. ער שרייבט ווייטער אינעם זעלבן קאַפּיטל:**

„אָבער אמת איז, אַז איך האָב ערשט נישט לאַנג זיך אויס־געלערנט לייענען (אַ דאַנק יהואשן) ווי עס דאַרף צו זיין . . . און מיינע בעסטע פּעליעטאָנען און דערציילונגען — האָב איך נאָך נישט געשריבן . . .״

**מיר פון אונדזערע זייט ווילן צוגעבן — הלוואי!**

אַפּריל 21, 1933.

## ביכער און זייער ווערט

„אונדזער צייט קומט״ פון אב. גאָלדבערג. היברו פּאָב־לישינג קאָמפּ., ניו יאָרק, 1941. — „אין קאַמף פאַר אידישער דערציאונג״ פון חיים ליבערמאַן. פאַרלאַג „פּרדס״, ניו יאָרק, 1941.

**קיינמאָל ווי איצטער איז נייטיק אַן אויפמונטעריק וואָרט, שטייט דאָך איבער אַלע שוואַכע פעלקער דער שטן מיט זיין צווייזייטיקער שאַרפער שווערד, אונדזער אייגן פאָלק איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן**

צווישן די נעגל און ציין פון אַ פאַרצוקענדן טיגער. גוט האָט דעריבער געטאָן אב. גאָלדבערג ווען ער האָט אַ נאָמען געגעבן זיין בוך — „אונדזער צייט קומט".

דער נאָמען דערוועקט האָפענונג און נחמה. די פּראָזע איז אַ היילנדער באַלזאַם, אַ דערקוויקונג צו די פאַרשמאַכטע און פאַרצווייפל־טע. עס איז אַ „נחמו"־שטימונג, כאָטש דער נאָמען איז נישט קיין ריכטיק צוגעפּאַסטער צום גאַנצן בוך, וועלכעס באַשטייט פון אַכט הויפּט־עסייען. דער נאָמען, „אונדזער צייט קומט", האָט זוכה געווען צו באַצירן דאָס בוך, ווייל ס'איז דער ערשטער סוב־טיטל פון דער ערשטער הויפּט־עסיי. אין דער עסיי רעדט גאָלדבערג וועגן „די ראַסן־טעאָריע און די יידישע ראַסע" אין פאַרבינדונג מיטן ערשטן קאַפּיטל „אונדזער צייט קומט".

אב. גאָלדבערג איז אַ געפליגלטער שרייבער פון גאָר געהויבענעם סטיל. זיין שרייבן איז אויסגעווייקט אין יידישן און אַלגעמיינעם וויסן און אים געלינגט צו באַהויכן זיין שרייבן מיט געלונגענע מאמרי חז"ל און געקליבענע ציטאַטן פון מאָדערנע מחברים.

אב. גאָלדבערג, וועמען ס'איז באַוואוסט דער געמיט־צושטאַנד פון מיליאָנען יידן, וועלכע זיינען באַווירקט פון פּעסימיסטישע וואָלקן־שטימונגען, האָט דערפילט די נויטווענדיקייט אַרויסצוקומען מיט אַ דערמונטערונג. ער זאָגט טאַקע אין אָנפאַנג פונעם קאַפּיטל „אונדזער צייט קומט":

„מער ווי דער היטלעריזם מיט זיינע טייוולאָנישע גענג שרעקט מיך דער פאַקט, וואָס יידן האָבן פאַרלוירן זייער גלייכגעוויכט: עס איז זייער שרעק, זייער פּחד, וואָס שרעקט מיך."

אב. גאָלדבערג, וועלכער ווייסט גוט די יידישע געשיכטע, רעכנט אויס די טרויעריקע יידישע מאָמענטן, ווען דאָס וואַסער האָט דער־גרייכט ביזן האַלדז און דאָך זיינען מיר אַלעמאָל ניצול געוואָרן. און ער זאָגט אַז אויסער צרות און נגישות האָט דער ייד אין זיך פאַרמאָגט פונקען פון ענטגילטיקן נצחון. ער זאָגט עס אַזוי:

„דער ייד האָט אויך געהאַט פעסטן גלויבן. דאָס הייליקע פייער פון אמונה האָט אויף איין מינוט אין זיין האַרץ זיך נישט פאַרלאָשן. ווי דער סנה, דער דאָרנבוים, האָט עס געברענט און געברענט און נישט

אויסגעברענט. דער ייד האָט געוואוסט אַז דער נצחון איז זיינער, ווייל לי העוז ולי הגבורה — ער האָט דעם האַר פון דער וועלט אויף זיין זייט און קיינער קען אים דארום נישט מנצח זיין." ווייטער זאָגט ער: „דער שפּיץ פון אַלע רייד: אונטער אַ האַגל פון פייער, אין ים פון גיפט האָט דער ייד זיין בטחון אין קומען פון בעסערע צייטן נישט פאַרלוירן. דער ייד האָט געגלויבט אין אַ בעסערער וועלט, אין אַ גאָלדענער צייט אין „באחרית הימים."

אב. גאָלדבערג גלויבט אינעם גוטן ווילן פון די גוטע גויים. ער זאָגט אַז נאָך אַלעמען האָט די וועלט פּראָגרעסירט, מעגן פאַרקומען קאַמפן צווישן פאָלק און פאָלק, קלאַס און קלאַס, מעג אַ ברודער הייבן זיין האַנט קעגן אַ ברודער, אָבער:

„די מאָראַל און עטיק גייען אָבער בשום אופן נישט אונטער. שפּענגלער לעבט אין טעות. די וועלט זייט נישט צוריק צו די צעזאַרס. אַ פּאָר צעזאַרס האָבן פאַרכאַפּט אַ שטיק וועלט, אָבער אַפילו זיי האָבן געמוזט אָפּערירן מיט לאָזונגען, גענומען פון דעם אַרסענאַל פון גע־רעכטיקייט."

ער זאָגט, אַז אַזאַ פאָלק מיט אַזויפיל דערפאַרונג, ווי די יידן זיינען, טאָר זיך נישט שרעקן. עס דאַרף צוריקגיין צו די יסודות פון זיין לעבן. דאָס יידיש פאָלק דאַרף גלויבן, אַז די וועלט ווערט נישט ערגער, נאָר בעסער, אַז דאָס שלעכטס וועט ווי אַ רויך אַוועק און אַז סוף־כל־סוף וועט דאָס יידיש פאָלק אַרויסקומען דער זיגער, ווי עס האָט שוין נישט איינמאָל פּאַסירט.

גאָלדבערג דערמאָנט אין סוף פון קאַפּיטל היטלערס נאַרישע ראַסן־טעאָריע, פון וועלכער אַלע וויסנשאַפטסלייט לאַכן זיך אויס. דאָס לעצטע איז אַ צופיר צום קאַפּיטל „די ראַסן־טעאָריע און די אַרי־שע ראַסע, וועלכער ענטהאַלט געדאַנקען וועגן דער ראַסן־טעאָריע, וואָס דער פראַנצויז גאָבינאָ איז געווען איר איניציאַטאָר, וועלכע האָט אין פראַנקרייך קיין רושם נישט געמאַכט, ווייל די פראַנצויזן האַלטן און גלויבן ווייניק אין דער לערע פון נידעריקע און העכערע ראַסן. די נאַציס האָבן זיך אָבער אויף דער טעאָריע אַרויפגעוואָרפן און אַזוי ווי זיי מאַכן אַפילו די וויסנשאַפט אונטערטעניק צו זייער פּאָליטיק, מוזן די דייטשישע פּראָפעסאָרן זיין געהאָרכזאַם צו די נאַצישע טעאָריעס

און ווערן פאַרשקאַלפּט צו די נאַצישע באַפעלן. די ערנסטע מענטשן אויסער דייטשלאַנד לאַכן זיך אויס וועגן דעם שווינדל פון דער „אַרישער" ראַסע.

וואָלט איך געווען פּעדאַנטיש, וואָלט איך זיך באַנוגנט מיט דאָס וואָס איך האָב געזאָגט אין אָנקלאַנג מיט דעם נאָמען פון בוך. דאָס בוך איז אָבער מער ווי דאָס. עס פאַרמאָגט אין זיך אַ סך פּערלדיקע עסייען, וועלכע זיינען געשריבן געוואָרן מיט חן און מיט וויסן. דאָס גאַנצע בוך, ווען עס וואָלט געדרוקט געווען אונטער אַן אַנדער נאָמען, איז ווערט געלייענט צו ווערן.

אין בוך איז דאָ אַן עסיי, וועלכע ווערט איינגעטיילט אין זיבן חלקים אונטערן נאָמען „אין אויג פון דער וועלט". יעדער חלק איז אַן אוצר פאַר זיך. ס'איז דאָ אַ קאַפּיטל, „די דריי שותפים אין דער קולטור", איינגעטיילט אין פיר טיילן, וואו עס רעדט זיך וועגן דער יידישער ראָלע צווישן די אַנדערע צוויי שותפים, די גריכן און די רוימער. ס'ווערן דאָ אַרויסגעזאָגט שפּרודלדיקע געדאַנקען. ס'איז דאָ אַן עסיי „דער שטרייט וועגן גאָט", „נצח ישראל", „דער יידישער קאָפּ" — אין דעם קאַפּיטל רעדט זיך וועגן דער יידישער געניאַליטעט. די זיבנטע עסיי הייסט „די אומצעשפּאָלטענע צונג". אין דעם קאַפּיטל ווייזט גאָלדבערג אָן אַז צווישן יידיש און העברעאיש איז נישטאָ קיין קריג. דער גאַנצער גערודער איז אַ געמאַכטער און עס איז אַ שטורעם אין אַ גלאָז וואַסער. גאָלדבערג, דער העברייער, רעדט מיט וואַרעמ־קייט פון דער יידישער שפּראַך. ער זאָגט אַז דעם הויפּט־קוואַל האָט דער ציוניזם געצויגן פון דער העברעאישער שפּראַך, דורך דער יידישער שפּראַך האָט דער ציוניזם געלעבט און געדייעט. ער זאָגט אָט וואָס:

„ציוניזם האָט געהאַט גרויס מזל, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן און אַ גאַנצע תקופה דורכגעלעבט, ווען דאָס יידישע וואָרט האָט גע־לעבט און געדייעט אויף דער יידישער גאַס. צוליב יידיש איז בכלל געווען אַ יידישע גאַס. דער ציוניזם איז יידיש פיל שולדיק, און די, וואָס קענען די געשיכטע פון ציוניזם, לייקענען עס נישט."

דער לעצטער קאַפּיטל הייסט: „דער צוריק צום קוואַל".

אין דעם קאַפּיטל רעדט ער וועגן דער שיינקייט פונעם יידישן שטייגער־לעבן. ער דענקט אַז אָן דעם וועלן מיר נישט קענען האַלטן

ביי זיך די יידישע יוגנט. ער זאָגט: „מיר זיינען נישט אָרעם, מיר זיינען רייך. אין דער אַלטער געטאָ האָבן מיר אויסגעבויט אַ שיין לעבן. מיר האָבן צופיל צו געבן דעם נייעם דור. נאָר איידער מיר גיבן אַנדערע, לאָמיר נעמען פאַר זיך. לאָמיר אַליין צוערשט לעבן יידיש, לאָמיר צוריקגיין צום יידישן קוואַל, אַנווייזן אויף אים אונדזער יוגנט, און זי וועט שוין קומען און שעפּן פולע עמער פאַר זיך, קינדער און קינדס־קינדער. דעמאָלט וועט אויך נישט שווער זיין אונדזער לאַנד אויפצובויען.״

ווען מען לייענט דאָס בוך דורך ווילט זיך צוגעבן — אַקערנדיק, רייך בוך.

* * *

„אין קאַמף פאַר יידישער דערציאונג״, פון חיים ליבערמאַן״, איז ווי דער נאָמען זיינער אַזוי איז ער. דאָס בוך איז פול מיט קאַמף, און ווען חיים ליבערמאַן קעמפט קומט ער באַוואפנט מיט די ריכטיקע כלי־זיין. ער האָט פיינט צו שלאָגן זיך מיט פראַזן. ער קומט צוגע־גרייט מיט אויפרייסנדן דינאַמיט, און וואַרפט ער אַ האַנט־גרענאַדע רייסט ער אויף זיין קרבן, ער צילט און טרעפט. זיין וואָרט איז פלאַם־פייער, זיין אַפאָריזם אין שאַרף ווי אַ שפּיז. מעגן פילע אויף אים זאָגן אַז ער כאַפּט איבער די מאָס, אַז ער פירט זיך נישט אויף צירלעך־מאַנירלעך, אַז זיין געפעכט גייט אַמאָל אַריבער די רעגעלן פון שריפט־שטעלעריי. חיים ליבערמאַן ווייס אָבער נישט פון צוויי מאָסן. ביי אים איז אַן עוולה — אַן עוולה, מעג די עוולה באַגאַנגען ווערן פון אַ מר בר רב אשי, קוים האָט איינער געזינדיקט און זאָגט זיך נישט אָפּ פון זיין זינד — דאַרף ער קענען אויסשטיין די קאָנסעקווענצן. און ווייל איינער איז אַן אדם גדול איז זיין זינד שווערער, און ער דאַרף אויסטרינקען דעם שראַף־בעכער ביזן דעק.

חיים ליבערמאַן איז אַ וואַרעמער ייד, ער איז עמפינדלעך און אַן עוולה טוט אים שטאַרק וויי. ספּעציעל ווען ער זעט אַז גאַנצע 30 - 35 יאָר יידישע הדרכה איז געגאַנגען לאיבוד, ער זעט פאַר זיך אַן עקרדיק גאַנצן יידישן דור, וועלכער איז אַן אויסגאַנג פון דער שלעכטער יידישער דערציערישער מעטאָדיק. אים טוט עס נאָך מער וויי, ווייל ער אַליין איז מיט יאָרן צוריק פאַראינטערעסירט געווען מיט

דער זעלבער דערציאונג. נאָך מער טוט אים וויי, וואָס די מענטשן, וועלכע שטעלן צו די דערציאונג, האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ טומפּן ווינקל, זיינען פאַרשטיינערט און רירן זיך נישט פון אָרט.

דאָס בוך „אין קאַמף פאַר יידישער דערציאונג" איז אַן אַרויס־וואוקס פון אַ סעריע אַרטיקלען וואָס חיים ליבערמאַן האָט געשריבן אין „קעמפּער", וועלכע זיינען געווען געווענדעט קעגן די לערער יעקב לעווין און בעזפּראָזוואַניק, וועלכע זיינען די מחברים פון די טעקסט־ביכער, וועלכע ווערן געלערנט אין די „אַרבעטער רינג" שולן.

דאָס בוך ענטהאַלט אין זיך זיבן עסייען: „אַ פאַרלוירענער דור", „די אַלטע און די נייע תורה", יידישע געשיכטע אין דער וועלטלעכער שול", „תנ"ך אין די וועלטלעכע שולן", „חומש פאַר קינדער לויט יהואש", „יידישע ליטעראַטור ווי אַ לימוד אין די שולן", „אַ פערזענלעך וואָרט (און אַ מעשה מיט אַ „שוואַרצן גלח")."

דער פּלאַץ איז דאָ באַשרענקט און ס'איז אוממעגלעך צו אַנאַליזירן קאַפּיטל פאַר קאַפּיטל. איבערהויפּט שטעלט זיך חיים ליבערמאַן אָפּ אויף די עקסטרעם־„גלויביקע" פון די נישט־גלויביקע. ווי לעווין און בעזפּראָזוואַני. זיי האָבן געשאַפן יידישע געשיכטע לויט זייער „בעזבאָזשנער" אַנשויאונג. חיים ליבערמאַן ציטירט גאַנצע פּאַראַגראַפן פון דער יידישער געשיכטע, לויט דעם ווילן פון די דערמאָנטע מחברים, און לאַכט זיי אויס. ער ווייזט אַן ווי זיי האָבן צוגעפּאַסט לויט זייער איינשטעל דאָס ליד „אחד מי יודע" פון דער הגדה; ער ווייזט אַן ווי לעווין האָט זיך אַריינגעכאַפּט, ווי אַ מייזעלע, אין דער תורה און וואו עס איז געשטאַנען דאָס וואָרט גאָט האָט ער עס אויס־געגריזשעט.

חיים ליבערמאַן ווייזט אָן אַ גאַנצן צעטל פון חטאים און פאַר־ברעכנס, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן אין צוזאַמענשטעלן די טעקסט־ביכער. ער באַוויינט דעם צושטאַנד פון יידישן חינוך אין אַלע וועלט־לעכע שולן. ער באַשולדיקט נישט די טוער. די כוונה איז געווען אַ גוטע. ער זאָגט: „אַלע זיינען געקומען מיט פולע הערצער און אַ וועק מיט ליידיקע עמער." ער זאָגט: „די יידישע שול וועט נישט דער־גרייכן אירע צילן און וועט בלייבן אין כראָנישן קריזיס סיידן זי וועט ענדערן איר אַלטע אָריענטאַציע." ווייטער: „אַנדערש מוז זי אינגאַנצן

אונטערגיין. מיטן פּנים צו יידישקייט — דאָס איז די רפואה פאַר די קראַנקע שולן. מיטן פּנים און מיטן האַרצן. מיטן גאַנצן האַרצן."

טראַכט איך, אַז חיים ליבערמאַן איז גערעכט: נעמט איר אַרויס גאָט פון דער יידישער געשיכטע זינדיקט איר קעגן דער געשיכטע. לערער און טוער אַרום די יידישע שולן דאַרפן זיך דאָס בוך איינשאַפן און גאָר אַ סך וועלן מיט ליבערמאַנען איינשטימען.

# אין וואַלד פון וויסן

צו דער דערשיינונג פון יצחק פאַלישוקס ווערק "די אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין און דער פּראָצעס פון וויסן". אין צוויי בענד מיט אַ הקדמה פון ד"ר ח. זשיטלאָווסקי. פאַרלאַג צעשינסקי, שיקאַגאָ

איך טרעט איצט צו צו זייער חשיבותדיק און וואָגיק ווערק און איך וויל אויף זיך אַליין פּאַראַפראַזירן דאָס געבאָט "אַל תהי ברכת הדיוט קלה בעיניך". איך בעט אַז מיין אָפּשאַצונג פון אַזאַ גרויס ווערק, ווי ד"ר יצחק פאַלישוקס "די אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין און דער פּראָצעס פון וויסן", זאָל האָבן אויף דעם לייענער אַזאַ ווירקונג, לכל הפחות, ווי די ברכה פון הדיוט.

וואָלטן מיר געהאַט קריטיקער אויף יעדן געביט פון דער יידישער קולטור, ווי עס האָבן, אַשטייגער, די אומות העולם, וואָלט איך אַזאַ וויכטיק ווערק איבערגעלאָזט צו דער גרינטלעך אָביעקטיווער אָפּשאַצונג פון יענע קריטיקער, וואָס זיינען מומחים לאותו דבר. אונדזער יידישע קולטור אָבער פירט זיך ווי אַ שיף אָן אַ רודער — דערשיינט אַמאָל אַ גאָר מינדערוויכטיק ווערק ווערט עס קריטיקירט און אַנאַליזירט פון אונדזערע געשוואוירענע קריטיקער. זיי רינגלען עס אַרום ווי סטודענטן פון דער מעדיצינישער פּראָפעסיע אַרום דער אָפּעראַציע פון אַ "פּאָסט מאָרטעם", מען צעפּאַלמעסט עס אויף וואָס די וועלט שטייט. דערשיינט אָבער ביי אונדז אַ וואָגיק ווערק, וואו עס פאָדערט

זיך אַביסל מער אָנשטרענגונג און אַ מער טיפערן אַנאַליז, קען אַוועקגיין יאָרן און די אָפיציעלע קריטיקער רירן זיך צו דעם ניט צו. אונדזערע געשוואוירענע, אָפיציעלע קריטיקער זיינען בלויז מומחים אויף בעלעטריסטישע און לירישע ווערק.

איך האָב אָנגעוואָרפן די אויבערשטע הקדמה, ווייל עס איז שוין באַלד מער ווי זעקס מאָנאַטן אַז ד״ר יצחק פאַלישוקס וואָגיק ווערק איז דערשינען און איך האָב נאָך אין דער יידישער פרעסע נישט באַמערקט וועלכע עס איז אָפּשאַצונג פון דעם, אויסער דער פאָרמע פון אַ דערשיינונגס־נאָטיץ דאָ און דאָרטן.

ד״ר פאַלישוקס ווערק „די אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין און דער פּראָצעס פון וויסן״ איז אַ וויסנשאַפטלעך פילאָזאָפיש ווערק, וואָס איז אַ רעאַליסטישע באַטראַכטונג פון דער וועלט און פון דעם מענטשלעכן וויסן. מיר דוכט אַז דער טיטל פון מיין היינטיקער אָפּשאַצונג „אין וואַלד פון וויסן״ איז ריכטיק אָנגעמאָסטן.

דאַכט זיך, איינער פון אונדזערע יידישע פּאָעטן האָט ערגעץ אַ ליד וואָס הייסט: „קום מיט מיר אין וואַלד אַריין״. ווען ד״ר פאַלישוק, וואָס ווייזט אַרויס אַזאַ באַהאַוונטקייט אין אַ פיל־פאַרצווייגטער וויסנשאַפט און וועלכער שפּאַצירט אַרום אינעם טיפן, געדיכטן וואַלד פון וויסן און געניסט פון דער זינגענדיקער חכמה, איז ער נישט עגאָאיסטיש. ער שרייט אויס צום לייענער: קום און טייל זיך מיט מיר! קום און געניס מיט מיר פון די פרוכטן פון עץ הדעת! ד״ר פאַלישוק מאַניעט צום לייענער מיט די ווערטער פון דיכטער: „קום מיט מיר אין וואַלד אַריין!״ דער לייענער ווערט באַקאַנט מיט די סברות פון די אַלטע פילאָזאָפן, מיט דער מעטאַפיזישער אַזוי גוט ווי מיט דער עמפּיריש רעאַליסטישער פילאָזאָפיע, מיט די פילאָזאָפישע השערות און מיט די אויסגעפּרובירטע וויסנשאַפטן פון ביאָלאָגיע און אַנטראָפּאָלאָגיע. ער באַקענט אים מיט בלויז געקליגלטע פילאָזאָפישע סברות און די וואָס זיינען באַזירט אויף עקספּערימענטן און דערפאַרונג. וועגן וואָס ד״ר פאַלישוק זאָל נישט ריידן איז ער ווי ביי זיך אין דערהיים, ער שווימט אין דעם טיפן ים פון וויסן און ער נעמט מיט זיך דעם לייענער אויף אַ שווים־עקסקורסיע. דער לייענער פילט זיך זיכער, ווייל דאָס ווערק איז געשריבן געוואָרן אין אַ זייער פּאָפּולערער פאָרמע.

איך וויל דערמיט נישט באַצייכענען אַז דער מחבר האָט בלויז גע־שאַפן אַ פּאָפּולאַריזירט ווערק.

דאָס ווערט איז געשריבן און קאָמפּילירט געוואָרן נישט לשם פּאָפּולאַריזאַציע, וואָס איך מיין איז — אַז דער מחבר האָט, שרייבנ־דיק זיין ווערק, אויך אין זינען געהאַט דעם דורכשניט לייענער, וועל־כער איז מיט די פילאָזאָפישע און וויסנשאַפטלעכע טערמינאָלאָגיעס נישט באַקאַנט. דער מחבר פאַרשפּאָרט דעם לייענער אַריינצוקוקן אין אַ ווערטערבוך, וואָס מאַכט דעם לייענער צו פאַרלירן צופיל צייט און וואָס רייסט אים, אַגב, אויך אָפּ פונעם בוך. דער מחבר פאַרטייטשט און פאָפּולאַריזירט די נישט־באַקאַנטע, צום לייענער, טערמינען. דער לייענער רייסט זיך נישט אָפּ פון ווערק און עס צעשטערט נישט זיין גייסטיקע הנאה.

רייידנדיק וועגן אַריסטאָטעלס גרויסקייט (קאַפּיטל „דערקענטעניש טעאָריע", טייל 2, זייט 28) דערמאָנט ד"ר פאַלישוק דעם באַקאַנטן וויץ: אַז אַריסטאָטעל איז געווען אַ געניאַלער פּלאַטאָניסט. ער שרייבט: „ער (אַריסטאָטעל) האָט גענומען די אידייען־לערע פון זיין אויסגאַנגס־פּונקט און האָט געשאַפן זיין פאָרמע מאַטעריע וועלט. מעגלעך, ווען ער זאָל נישט געווען האָבן פּלאַטאָנען פאַר זיין רבין, וואָלט מען געהאַט אַן אַנדער אַריסטאָטעל." דאָס זעלבע קען מען אָנווענדן קעגן אַ סך געלערטע, וועלכע האָבן אַריבערגעשטיגן זייערע רביים. דאָס אייגענע קען מען זאָגן אויך וועגן ד"ר פאַלישוק: ווען ער וואָלט נישט געווען אָנגעזאָפּט און באַאיינפלוסט פון אַזויפיל גרויס־גייסטער וואָלטן מיר נישט געהאַט דאָס געגעבענע ווערק זיינס.

ד"ר פאַלישוק, וואָס איז אַ ניכטערער רעאַליסט און לאָזט זיך נישט באַאיינפלוסן פון בלויז פילאָזאָפישע סברות און נישט־באַגרינ־דעטע אני־מאמינס, קומט נישט אָפּ מיט בלויז ניכטערן וויסן. ער איז אויך אָנגעזאָפּט מיט מעטאַפיזיק און זיינע אייגענע שלוסן זיינען אַן אויסגאַנג פון פילזייטיקער נאָכטראַכטונג און קאָמפּליצירטער ערוד־דיציע.

שרייבט ד"ר זשיטלאָווסקי אין זיין הקדמה, אַז דער מחבר ווייס אַליין אַז מיט זיין סינטעז פאַרענטפערט ער נישט די גרונט־פּראָבלע־מען, און ד"ר זשיטלאָווסקי ציטירט דעם מחברס אייגענע ווערטער:

## י. ש. נאומאָוו

„איבערהויפּט ווערן אין דער אַרבעט נישט געלייזט קיין פונדאַמענטאַ־לע פּראָבלעמען. עס ווערט נאָר אָנגעוויזן אַ וועג, אין וועלכער ליניע מען דאַרף גיין, כדי צו קענען האָפן אַז מען וועט זיי לייזן.״ ד״ר זשיטלאָווסקי גיט צו: „אָבער גראָד אין דער באַגרינדונג און דעם אָנדייט פון דעם וועג ליגט דאָס גרעסטע אינטערעס פון דער שריפט. דער וועג איז פול מיט אָנרעגונגען פאַר יעדן דענקענדן מענטשן, וואָס צווינגען אים נאָכאַמאָל איבערצוקוקן זיינע אייגענע חשבונות מיט דער טעאָרעטיש־וויסנשאַפטלעכער און פילאָזאָפישער געדאַנקען־וועלט.״

אין די ראַמען פון איין אָדער צוויי אַרטיקלען איז פּשוט אומ־מעגלעך אַרומצוריידן אַזאַ קאָלאָסאַל און גרינטלעך ווערק, וואָס באַ־שטייט פון צוויי גרויסע בענדער און נאָענט פון אַכט הונדערט זייטן, אַ ווערק וואָס איז פול מיט פיל־פאַרצווייגטן וויסן אין דעם גאָר גרויסן אוצר פון דער ליטעראַטור, וואָס היכן אָן דעם בוך מיט לעבן און וואָס באַצירן זיין אינהאַלטלעכן געשטאַלט. לייענענדיק די אַרבעט און באַ־קענען זיך מיט די אומצייליקע ווערק, וואָס ד״ר פּאָלישוק האָט דורכ־געלערנט, דערזעט מען זיך אין אַ זייער שפּלער מדרגה, אין פאַרגלייך מיט דעם מחבר, און נישט ווילנדיק רייסן זיך ביי אייך אַרויס די ווערטער: ראה זה דבר חדש! וואָס פאַר אַ נייע דערשיינונג! וואָס פאַר אַ נייע דערשיינונג! וואָס פאַר אַן אוצר די יידישע קולטור האָט צוגעקראָגן!

ווייסנדיק אַז ד״ר פּאָלישוק איז אַ מעדיקער ביי פּראָפעסיע און איז אַ פאַרנומענער מענטש, מוזט איר באַוואונדערן זיין געדולד און התמדה. איר מוזט אים דאַנקבאַר זיין וואָס ער באַפּרוכפּערט אייך מיט אַזויפיל וויסן, מיט דער גייסטיקער הנאה, וואָס ער פאַרשאַפט אייך, אין דער צייט וואָס אייך אַליין האָט אויסגעפעלט געדולד און התמדה.

דאָס בעסטע וואָלט געווען ווען מען קען אין די ראַמען פון דעם אַרטיקל אויסרעכענען די נעמען פון די קאַפּיטלען וואָס די אַרבעט אַנטהאַלט. ס׳וואָלט פאַנאַדערגעעפנט ברייט די פענצטער פון דעם גייס־טיקן היכל וואָס ד״ר פּאָלישוק האָט אויפגעבויט. דער לייענער וואָלט באַלד דערזען די גרויסע עשירות. ס׳איז אָבער נישט מעגלעך. וועל איך דעריבער בלויז געבן אַ קליינעם אויסצוג פון דעם מחברס באַמער־קונגען איבער זיין ווערק:

„אַט די אַרבעט איז אַ רעזולטאַט פון אַ פאַרזוך זיך אָפּצו־געבן אַ רעכענונג פון דעם וואָס איך ווייס וועגן די פראַגן מיט וועלכע די וויסנשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע וועלט באַשעפטיקט זיך. אין דער גאַנצער אַרבעט איז, מיט אַ פּאָר קליינע אויסנאַמען, נישטאָ קיין זאַך וואָס זאָל קענען אָנגערופן ווערן „טעכניש" און וואָס זאָל פאָדערן אַ ספּעציעלע צוגרייטונג פונעם לייענער. יעדער איינער קען פאַרשטיין דאָס ווערק — דאָס איינציקע וואָס ער דאַרף טאָן איז וועלן פאַרשטיין. געוויס דער לייענער, וואָס האָט זיך נישט באַשעפטיקט מיט קיין פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען און וואָס איז נישט געוואוינט צו לייענען קיין ערנסטע ווערק, דאַרף נישט דערוואַרטן צו פאַרשטיין אַלץ וואָס ווערט באַהאַנדלט אין אַן ערנסט ווערק — ס'איז נישטאָ קיין פּאַרטיק קעניגלעכער וועג וואָס זאָל פירן דירעקט צום פּאַלאַץ פון וויסן. יעדער איינער מוז אַליין דורכברעכן פאַר זיך אַ וועג."

דער דורכשניטלעכער לייענער איז קאַפּאַבל זיך איבערצושרעקן פון ד"ר פאַלישוקס לעצטע ווערטער, אַז „יעדער איינער מוז אַליין דורכברעכן פאַר זיך אַ וועג." דער לייענער דאַרף זיך אָבער נישט דערשרעקן. געוויס דאַרף יעדער איינער דורכברעכן זיין אייגענעם וועג. פון ביכער וואָס בלייבן בכלל שטיין אויף דער פּאָליצע, אָדער אַפילו אין אַ קונסט־געשניצטן ביכער־שראַנק האָט נאָך קיינער גאָרנישט גע־לערנט. ברעכן צו ברעכן איז אָבער נישט גלייך. ס'זיינען דאָ ביכער וואָס אַ דורכשניטלעכער לייענער וועט אַפילו מיט דינאַמיט דאָרט פאַר זיך נישט דורכברעכן קיין וועג. ד"ר פאַלישוקס אַרבעט איז אָבער געשריבן געוואָרן אויף אַזאַ אופן, וואָס גיט אַ מעגלעכקייט יעדן ליי־ענער, ווי ווייניק געשולט ער זאָל נישט זיין, דורכצוברעכן זיין אייגענעם וועג אָן איבערנאַטירלעכער אָנטרענגונג. מען דאַרף בלויז וועלן און דאָס איבעריקע קומט נישט אָן שווער.

ד"ר פאַלישוקס ווערק איז דורכגעדרונגען מיט קריטישן רעאַליזם. ער שטעלט זיך אויפן שטאַנדפּונקט פון די נעאָ־רעאַליסטן, ווי וויטהעד, בערטראַנד ראַסעל און אַלעקסאַנדער, כאָטש ראַסעל פאַרלירט ביי אים צוליב דעם וואָס ער האָט זיך אָפּגערוקט פון מאָניזם און האָט זיך דער־נענטערט צום דואַליזם.

## י. ש. נאומאָוו

דאָס אויבערשטע איז בלויז אַ פּאַקטישע באַמערקונג פונעם מחבר, אין תוך אָבער פאַרטיידיקט ד״ר פּאָלישוק דעם שטאַנד וואָס בערטראַנד ראַסעל האַלט איצט אין דער דערקענטעניש־טעאָריע.

ס׳פאַרשטייט זיך, ד״ר פּאָלישוק וועט האָבן נישט איין קריטי־קער און אַ סך וועלן זיך מיט אים פּאַנאַנדערגיין, זיין אַרבעט אָבער רעגט אָן יעדן לייענער צו פאַרטראַכטן זיך און נעמען אַ שטעלונג.

ד״ר פּאָלישוק שטייט מיטביידע פיס אויפן שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע און איז אַן אָנהענגער פון „אימאַרגאַנטער עוואָלוציע״ (ענט־שטייענדער אַנטוויקלונג) לויט ללאָיד מאָרגאַן.

ד״ר פּאָלישוק זאָגט אין צווייטן באַנד, אין דעם קאַפּיטל „די קריי־טיש־רעאַליסטישע דערקענטעניש לערע״ (ז. 186): „דער קריטישער רעאַליסט נעמט עוואָלוציע ערנסט. ער נעמט אָן אַז דער עוואָלוציע־פּראָצעס איז פאָרגעקומען אויף דער גאַנצער ליניע, איינשליסנדיק די אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין און דעם פּראָצעס פון וויסן. דער גענע־טישער צוגאַנג צום פּראָבלעם פון וויסן גיט אים אַ מעגלעכקייט אויס־צומיידן די שוועריקייטן, וואָס דער דירעקטער צוגאַנג פּרעזענטירט מיט זיך.״

איך ווייס נישט צי איך האָב זיך אין מיין אָפּשאַצונג באַנוצט מיט צופיל סופּערלאַטיוון בנוגע ד״ר פּאָלישוקס ווערק, איך וויל אָבער אָן פניות זאָגן, אַז ווען איך האָב דורכגעשטודירט זיין ווערק איז מיר אַרויף אויפן זינען די ווערטער פון שמואל פון נהרדעא, וועלכער איז געווען אַן אַסטראָנאָם, און וואָס האָט געזאָגט: „מיר זיינען באַקאַנט די וועגן פון די הימלען ווי די וועגן פון נהרדעא.״ איך וועל נישט איבערטרייבן אַז איך וועל זאָגן, אַז די וועגן פון דער פילאָזאָפיע און נאַטור־וויסנשאַפט, אָנהייבנדיק פון פּלאַטאָנען ביז די מאָדערנסטע פי־לאָזאָפן און וויסנשאַפטלער, זיינען באַקאַנט צו ד״ר פּאָלישוקן, ווי די גאַסן פון שיקאַגאָ.

לייענענדיק זיין אַרבעט דערוועקט עס אין אייך אַ קנאה. ס׳איז אָבער נישט יענע קנאה, וואָס פירט אייך אַראָפּ פון דרך הישר. עס איז אַ קנאת סופרים, וואָס פאַרמערט חכמה.

יאַנואַר 12, 1940.

# „געקליבענע פערל"

„געקליבענע פערל פון אונדזער קולטור־אוצר", מיט אַ פאָרוואָרט פון ד"ר שלמה גאָלדמאַן. פון ישראל וו. מאַרקוס. פאַרלאַג צעשינסקי, שיקאַגאָ. 1941.

אין דער לעצטער צייט האָט זיך דער יידישער ביכער־מאַרק באַרייכערט מיט אַ סך ביכער און ספרים אין יידיש איבער דעם מהות פון יידישקייט. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דער יידישער ביכער־מאַרק באַרייכערט געוואָרן מיט גוטע איבערזעצונגען פון די כתבי הקודש. אַן איבערראַשנדן אָפּזאָץ צווישן יידישן עולם האָט געהאַט יהואשס תנ"ך־איבערזעצונג, סיי אין דעם יידישן טעקסט און סיי מיט דעם העברעאישן טעקסט צוזאַמען. דעם תנ"ך האָבן זיך איינגעשאַפט נישט נאָר פרומע יידן, נאָר אויך יידן, וועלכע וואָלטן מיט אַ יאָר צען־פופצן צוריק נישט געחלומט איינצושאַפן זיך דעם ספר. אין די לעצטע צייטן האָט זיך אַ גאָר גרויסער טייל פון יידישן פאָלק גענומען אַריינטראַכטן אין יידישע ווערטן.

דאָס ערשטע, פאַרשטייט זיך, האָט זיך דער עולם גענומען צום תנ"ך. דער תנ"ך אָבער, ווי שיין עס זאָל נישט קלינגען דער אָריגינאַל און ווי גוט די איבערזעצונג זאָל נישט זיין, האָט אין זיך אַן אוצר מיט מאַטעריאַל, וואָס בעט זיך אין גרינטלעכע אויסטייטשונגען און דערקלערונגען.

אינעם תלמוד געפינען זיך אַ סך פערל פון אַזעלכע אינטערפּרעטאַציעס. די מדרשים זיינען אַן אמתער ים־הגדול, וואו אַזעלכע פערל קענען אַרויסגעפישט ווערן מיט פולע הענט. ישראל וו. מאַרקוס האָט נישט נאָר געשעפּט גאַנצע עמערס מיט פערל, נאָר ער האָט זיי געקליבן, און דער נאָמען פון בוך „געקליבענע פערל" איז אַ גאַנץ גערונגענער.

אַלע ווייסן אַז אונדזערע אַלטע מגידים און דרשנים האָבן זיך אויך באַנוצט מיט די אוצרות פאַר זייערע דרשות, אָבער ד"ר ישראל וו. מאַרקוס איז עפּעס מער ווי אַ מגיד, אָדער אַ מטיף, ער איז אַ מאָדער־

נער געבילדעטער מענטש, ער פישט אַרויס די געקליבענע פּערל פון אונדזערע אַלטע קוואַלן און טייטשט זיי אויס אויף אַן אולטראַ־מאָדערנעם אופן. דאָס בוך אַנטהאַלט שיינע אויסטייטשונגען און דערקלערונגען אויף די סדרות פון די ספרים בראשית, שמות און ויקרא. עס געפינט זיך שוין אויך אין דרוק דער צווייטער באַנד, וואָס וועט אַנטהאַלטן געקליבענע פּערל אוי די ספרים במדבר, דברים, שיר־השירים, קהלת, רות, און מעדיטאַציעס איבער אַלע ימים־טובים. עס איז שוין אויך גרייט צום דרוק דער דריטער באַנד „געקליבענע פּערל" — „וואָס דער נביא זאָגט".

עס איז ווערט איבערצוגעבן וואָס אַזאַ געלערנטער ייד, ווי ד"ר שלמה גאָלדמאַן, זאָגט אין זיין פאָרוואָרט איבער דעם בוך „געקליבענע פּערל. אין איין אָרט זאָגט ער:

„די פּאָעטישע סטרוקטור פון אונדזער ליטעראַטור איז, צום גרעסטן טייל, באַגרענעצט אויף דעם קורצן פּאַראַלעליזם. אָט זאָגט אַ ייד: „השמים מספרים כבוד אל ומעשי ידיו מגיד הרקיע" (די הימלען דערציילן גאָטס כבוד און וועגן זיינע האַנטווערק רעדט דער פירמאַמענט). אָט אַזאַ פּאָעטישן פּאַראַלעליזם קען מען נישט פאַרגעסן, נישט צוליב דעם געדאַנק און נישט צוליב דער קורצער, קאָנדענסירטער און קאָנצענטרירטער פאָרמע."

„די תלמודישע און מדרשישע ליטעראַטור, ווען זי באַשעפטיקט זיך מיט הלכה, ווען זי איז ליטעראַריש אָדער פילאָזאָפיש. איז אויך קאָנדענסירט אין איר סטיל און צמצומדיק אין איר וואָרט. אַלס אַזעלכע זיינען אירע אגדות און מאמרים פּערלען פון ווערט און פון שיינקייט פאַר זיך אַליין. זייער ווערט פאַרמערט זיך, אָבער, און זייער שיינקייט ווערט מער רייצנד, ווען דו ווייסט ווי אַזוי זיי צוזאַמענצושטעלן און זיי באַלייכטן מיט דעם מאָדערנעם געדאַנק. און דאָ האָט אונדזער פריינט, ד"ר ישראל וו. מארקוס, באַוויזן זיין גרויסן כוח און געניאַלן טאַלאַנט אין זיינע „געליבענע פּערל פון אונדזער אַלטן קולטור־אוצר", וועלכע ער האָט צוזאַמענגעשטעלט, אין פאַרבינדונג מיט דער סדרה פון דער וואָך, אַרויסברענגענדיק, דורך מייסטערהאַפטע עסייען, אונדזערע

# געזאַמלטע שריפטן

> אייביקע נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע קולטור־ווערטן, לויט דער פילאָזאָפיע פון אונדזערע גרויסע חכמים, וועלכע האָבן אויסגע־פורעמט דעם נוסח און אינהאַלט פון רעליגיעזן יידנטום."

ווען מען לייענט דורך דאָס בוך מוז מען איינשטימען מיט ד"ר שלמה גאָלדמאַן, אַז ד"ר ישראל וו. מאַרקוס איז ווי שוואָם אָפּגעזאַפּט מיט דער אַלטער ליטעראַטור און ווייסט ווי אויסצוקלייבן די ריכטיקע פערל, און אַז ד"ר מאַרקוס איז אויך באַהאַוונט אין מאָדערנעם דענקען.

ד"ר מאַרקוס האָט זיך ביי יעדער סדרה אַרונטערגעטויכט אין די טיפענישן פון דער תלמודישער און מדרשישער ליטעראַטור, האָט אַרויפגעבראַכט די אמתע פערל און האָט מיט זיי באַצירט יעדע פערל. ער נעמט די שענסטע פערל און מאַכט פון זיי אַ שיינעם ראַם אַרום דער סדרה פון דער וואָך און אין דער ראַם שטעלט ער אַריין די פרשה, וועלכע ער באַפאַרבט מיט מאָדערנע פאַרבן, און דאָך פאַרלירט עס נישט דעם אמת־יידישן הינטערגרונט. ער גיט אָבער דעם מאָדערנעם יידן, וועלכער דענקט אין מאָדערנע טערמינען, אַ קינסטלעך־געמאָלן בילד פונעם יידישן מהות, פון דעם יידיש־עטישן איינשטעל, וואו דער קול יעקב דאָמינירט איבער די ידי עשיו.

אָט איז אַשטייגער אַ מוסטער פון ד"ר מאַרקוסעס אויסטייטש פון דער סדרה וישב איבער דעם יידישן צער: „וישב יעקב" — אמר רב יוחנן בכל מקום שנאמר וישב אינו אלא לשון צער . . . (סנהדרין ק"ו). רב יוחנן האָט געזאָגט אַז אין יעדן פּלאַץ, וואו עס ווערט באַ־נוצט דאָס וואָרט וישב, מיינט צער. ד"ר מאַרקוס זאָגט אַז דער יידי־שער צער איז אַלעמאָל געווען אַ שעפערישער, די סורים זיינען געווען אַ „יסורים של אהבה", דער טרויער האָט אונדז שטענדיק באַפרוכפערט מיט נייע גייסטיקע כוחות און נייע שאַפונגען. ער ברענגט אַ גאַנצע רשימה פון היסטאָרישע קאָמפּענסאַציעס וואָס דאָס יידיש פאָלק האָט געהאַט פאַר זיין צער. דער ערשטער „וישב" אין ארץ־ישראל האָט אונדז געבראַכט די נבואה דער צער פון מצרים האָט אונדז געבראַכט משה רבנו . . . דער צער פון גלות בבל האָט אונדז געגעבן עזרא און נחמיה און די תקופת הסופרים . . . דער צער פון צווייטן חורבן האָט אונדז צוגעטראָגן רבן יוחנן בן זכאי און די תקופת המשנה און שפע־

טער דעם תלמוד . . . ד״ר מאַרקוס שטעלט זיך נישט אָפּ אויף דער גאָר אַלטער געשיכטע און בלויז דער מיטלאַלטערלעכע. ער ווייזט אויך אויף אַז פון אונדזערע נייע אַנגסטן און יסורים האָבן זיך פּאַר אונדז אויך אין דער מאָדערנער צייט אַרויסגעוויקלט נאַציאָנאַלע קאָמ־פּענסאַציעס.

די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן אין רוסלאַנד האָבן אונדז קאָמפּענסירט מיטן „בילו״ און מיט נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. דער דרייפוס־פּראָצעס האָט אונדז געגעבן הערצלען. און ער זאָגט: „אויך דער הייַנטיקער חורבן אונדזערער וועט אונדז זיכער ברענגען באַנייטע גייסטיקע ווערטן, וואָס וועלן פאַרשטאַרקן און נאָך מער באַפעסטיקן דאָס יידנטום אין דער וועלט . . .״

אויף סדרה איין, סדרה אויס האָט ד״ר מאַרקוס פּראַכטפולע אויסטייטשונגען און דערקלערונגען. עס איז אָבער אוממעגלעך איבער־צוגעבן די אַלע אינטערפּרעטאַציעס. מען קען אין אַ קליינעם אַרטיקל בלויז אַרויסכאַפּן עטלעכע אַזעלכע אויסטייטשונגען פון דעם גרויסן ים עסייען וואָס ד״ר מאַרקוס האָט אין זיין בוך. אויף דער סדרה „בהר״, וואו עס רעדט זיך וועגן באַרג סיני און שמיטה, האָט ד״ר מאַרקוס צו זאָגן וועגן דעם יידישן איינשטעל פון אָרעם און רייך דאָס פאָלגנדע:

„יענער סאָציאַליסט, וואָס שטיצט זיך אויף דעם בלינדן, ענגהאַרציקן קאַמף אין דער נאַטור און אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, פירט נישט דעם יחיד און נישט די געזעלשאַפט צו עטישקייט און פרייהייט, נאָר פאַרקערט, צו דער ברוטאַליזירונג פון דעם מענטשלעכן גייסט און זיין פאַרצערונג . . . אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס קומט פון קליינלעכע, עגאָאיסטישע אינטערעסן, מעגן זיי זיין קלאַסן־אינטערעסן — באַגלייט פון ווילדע חיהשע אינסטינקטן, גענערט פון ברוטאַלע כוחות און געשמירט מיט מענטשלעך בלוט — וועט נישט ברענגען די געווינטשטע גאולה, נישט צום יחיד און נישט צום פאָלק, מעג אַפילו דאָס פּריוואַט־אייגנטום אָפּגעשאַפט ווערן. ורוסלאַנד תוכיח . . .״ (רוסלאַנד זאָל עדות זאָגן).

ער ווייזט אויך אָן אַז אין דייטשלאַנד האָט דער גאָטלאָזער סאָ־ציאַליזם (?), וואָס איז געבויט אויף ענגהאַרציקן נאַציאָנאַליזם, דער־פירט צו דעם ברוטאַלן נאַציזם, א.אַז.וו.

דאָס בוך „געקליבענע פערל" איז אין גרויסן פאָרמאַט, גוט פאַ־פיר, שיין געדרוקט און פיינער בונד. אפשר ווייסט דער מחבר זיינע מאָטווין, מיר דוכט אָבער אַז עס איז אַ שטרויכלונג אין לייענען ווען דער „אלף" פונעם וואָרט „גאָט" איז אויסגעלאָזן דורך דעם גאַנצן בוך. עס לייענט זיך — ג־ט, אָדער ג־טלאָזער. דער וואָס לייענט עס סיי בלחש און סיי בקול רם רעדט דאָך דעם גאַנצן קלאַנג סיי־ווי אַרויס. מיר דוכט אַז עס איז נישט קיין פּראָפּאָגאַציע צו שרייבן עס אין פולן קלאַנג, ספּעציעל אין אַזאַ ספר, וואו עס רעדט זיך דורך וועגן גאָט און זיינע עטישע לערן, זיינע חוקים און משפּטים. מיר דוכט אַז אימעצער אַנדערש האָט דעם מחבר שוין אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער שלעכטער דעפעניציע פון הקב״ה אויף: דער הייליקער, געבענטשט איז ער. עס איז געוויס בעסער צו נוצן דעם אָריגינאַל — הקב״ה.

אינגאַנצן גענומען איז עס אַ ווערטבאַר בוך פאַר דיכטער, וועלכע שרייבן אויף ביבלישע טעמעס, פאַר רעדנער און שרייבער, פאַר יידן לומדים, פאַר מאָדערנע מטיפים און רבנים איז עס אַן אמתער אוצר. פאַר די נייע תנ״ך־לערנער איז עס אַ קוואַל פון געלונגענער אויס־טייטשונג און קלאָרער באַלייכטונג.

יאַנואַר 19, 1942.

## יצירה דורך פּאָעטישע אויגן

„אָדמס קינדער" פון ה. רויזנבלאַט. אַרויסגעגעבן פון ה. רויזנבלאַט בוך־קאָמיטעט, לאָס אַנדזשעלעס, דורכן פאַרלאַג ל. מ. שטיין, שיקאַגאָ. — „מיין ליכטיקע נסיעה" פון דעם זעלבן מחבר, קאָמיטע און פאַרלעגער.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דערשינען ה. רויזענבלאַטס „בעבזיק", דאָס לעבן פון אַ יידיש יינגל. איך האָב דאַן דאָס בוך אָפּגעשאַצט.

## י. ש. נאומאַוו

ווען דער מחבר האָט יענעם בוך געשריבן, וואָס איז די אויטאָביאָגראַ־פיע פון אים אַליין זינט ער האָט אויפגעעפנט זיינע אויגן און האָט גענומען באַטראַכטן די וועלט אַרום זיך, ווען ער האָט זיין יינגלשן לעבנס־וועג באַשריבן, איז שוין זיין קאָפּ געווען באַווייסט און האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ וואָסערע 41 ־ 40 יאָר פון פּאָעטישער יצירה. מיט די צוויי דערשינענע ביכער האָט ער צו זיין קאָנטע אַ ניין אָפּגעדרוקטע בענדער. עס איז גאָר אַ גרויסער פאַרדינסט פאַר איינעם וואָס האָט געשאַפן אַזאַ צאָל אויסשטייענדע לידער און וואָס אַזויפיל פון זיי ווערן געזונגען און שיינען אַרויס מיט זייער ליריזם.

ה. רויזענבלאַט וואָלט זיך געקענט אָוועקזעצן אויף זיינע קראַנצן און שטאָלץ זיין מיט זיין ביז איצטיקער פּאָעטישער יצירה, וועלכע איז אַזוי רייך. דער אַלטער רויזענבלאַט איז נאָך אָבער יונג אין גייסט און איז געבענטשט מיט שעפערישקייט. עס לעבט נאָך איצט אין אים דער יונגער „בעבזיק״, וואָס איז שטיפעריש, לעבעדיק און פול מיט יוגנט־ענערגיע.

ה. רויזענבלאַט האָט געקענט, קוקענדיק אויף זיינע פאַרגאַנגענע שאַפונגען, פאַרענדיקן מיט וזאת הברכה און זאָגן: איך האָב זיך נישט מיט וואָס צו שעמען קעגן מיינע קאָנטעמפּאָראַרן, אויב גאָט האָט מיר נישט געגעבן קיין מאַטעריעלע עשירות האָט ער מיך געבענטשט מיט אַ רוח השירה, וועלכער האָט מיך דערפירט צו דעם היכל פון געזאַנג. דער גרוי־ווייסער רויזענבלאַט וויל אָבער אויף זיינע קראַנצן נישט רוען — אים האָט זיך פאַרוואָלט אויף דער עלטער אָוועקזעצן זיך און לערנען אַ פּרשה חומש און מאַכן זיינע אייגענע תרגומים אין ריטמישע קלאַנגען, און גאָר אָפּט דערהויבט ער זיך און ווערט דורך זיין פּאָעטישן טאַלאַנט אַ שותף צו יצירה.

גאָט האָט רויזענבלאַטן באַשאַפן מיט אַן אויג וואָס זעט און אַן אויער וואָס הערט. ער באַזיצט אַ שטאַרקע באַאָבאַכטונגס־קראַפט און איז געבענטשט מיט אַ שפע פון פאָלקס־פילאָזאָפיע. ער באַאָבאַכטעט דעם מענטשן און נעמט אים אַרונטער ווי מיט אַ פּרעציזער פאָטאָ־גראַף־לענז. און ווי עס זעט אויס האָט רויזענבלאַט אַבזיכטלעך אַ נאָמען געגעבן זיין בוך פון ביבלישע מאָטיוון „אָדמס קינדער״ אַנ־שטאָט „בראשית״ אָדער „דער באַשאַף״. און ריכטיק האָט ער עס

געטאָן, ווייל ער האָט זיין שאַרף אויג אַריינגעטאָן אין דעם בן־אָדם" און האָט אים אינעם ליכט פון געזונטער פאָלקס־פילאָזאָפיע געמאָלן אין ריטמישע פאַרבן.

איך ווייס נישט צי ה. רויזענבלאַט האָט ווען אַריינגעקוקט אין מדרש און האָט געזען דעם ילקוט שמעוני פון ירושלמי, נדרים פ״ט, וואָס טייטשט דעם פסוק „זה ספר תולדות אדם", אַלע מענטשן האָבן איין פאָטער, אַלע פעלקער און ראַסן זיינען איין משפחה, אַלע זיינען „אָדמס קינדער".

ווי רבי מאיר פלעגט זאָגן (אין סנהדרין), אַז גאָט האָט צוזאַמענ־געקליבן די ערד פון דער גאַנצער וועלט צו שאַפן דעם מענטשן און איין מענטש קען זיך נישט איבערנעמען איבערן אַנדערן אַז ער שטאַמט פון אַ העכערער ראַסע, אַלע זייענן זיי אָדמס קינדער און אַלע האָבן די זעלביקע מענטשלעכע שטאַרקייטן און שוואַכקייטן, און טאַקע פון חומש אַרויס קען מען עס זען. רויזענבלאַט האָט אין חומש אַריינגעקוקט און האָט מיט זיין אויג אַריינגעדרונגען אין די אַלע פאַרשוינען, ווי זיי ווערן געבראַכט אין „בראשית".

דאָס בוך „אָדמס קינדער" ווערט איינגעטיילט אין פאָלגנדע טיילן: „פון גאָטס האַנט אַרויס", וואו עס ווערט אַריינגענומען די פעריאָדע פון וועלט־באַשאַף ביז דעם דור הפלגה; „די געצעלטן פון אַברהם, וואָס נעמט אַרום דאָס לעבן פון שרהן; „גערעאַנגל", וואו עס רעדט זיך וועגן אליעזר און רבקה ביז יעקבס חלום, און ענדיקט זיך מיט רחלס טויט; „יוסף מיט זיינע ברידער", פון מכירת יוסף ביז פרעהס חלום; „אין פרעהס הויף", פון די זיבן זאַטע יאָרן ביז די לעצטע טעג פון יעקבן.

זייער שיין איז די באַשרייבונג „דער טויט פון הבל". און דאָ דעקט רויזענבלט אויף דעם ערשטן ווייטאָג פון אַ מוטערס האַרץ און דעם אורפאַנג פון אַ מענטשנס טרערן, און נאָכדעם ווי חוה האָט הבלן געזען אַ טויטן און האָט נישט געוואוסט וואָס דאָס איז, און נאָכדעם ווי זי האָט אים געוועקט און געוועקט און נישט געקענט דערוועקן, זאָגט דער דיכטער:

„און חוהס פנים האָט געמינעט זיך —

## י. ש. נאומאָוו

יסורים, פּחד, צאָרן, וואונדער צער.
אָט האָט עס אויסגעפיבערט מיט בטחון,
אָט האָט דאָס אויסגעלאָשן זיך,
געוואָרן שטאַר.
און גאָט האָט זיך אויף איר דערבאַרעמט,
דען איר האַרץ
האָט ניט געוואוסט און ניט באַנומען וואָס דאָס מיינט.
האָט גאָט, דער האַר, צום ערשטן מאָל
באַשאַפן פאַר דעם אויג אַ טרער
און חוה האָט געוויינט."

אַזוי באַשרייבט ער אויך אין דעטאַלן די זינד פון דעם „דור הפלגה" און סומירט עס אַזוי:

„און גאָט האָט צוגעזען דאָס רשעות פון דער ערד,
און איז אַנטרונען און באַהאַלטן זיך אין הימל און פאַרמאַכט,
אויף זיבן ריגלען הינטער זיך דעם טויער פון זיין איינזאַמען געצעלט;
בייביידע זייטן פונעם מילך־וועג איינגעדרייט די שטערן אין דער נאַכט,
און איינגעהילט אין נעפּלען טונקעלע די וועגן פון דער וועלט.
און עלנט בלאָנדזשעט אין דער פינצטערניש דער מענטש
מיט אויסגעשטרעקטע הענט,
און זוכט זיין ברודערס האַרץ און שלאָגט זיך אָן בלינדע ווענט.
ווענט, ווענט, ווענט!"

דאָס איז געזונטע לעבנס־פילאָזאָפיע. דער מענטש זוכט זיין ברודערס האַרץ און געפינט עס נישט. ער שלאָגט זיך אָן אין בלינדע ווענט. „ווענט, ווענט, ווענט"

אין בוך „אָדמס קינדער" געפינען זיך פערלדיקע געזאַנגען, ספּעציעל זיינען רוויזענבלאַטס לירישע באַשרייבונגען פון אַ גאָר הויכער פּאָעטישער מדרגה. זיין מייסטערשאַפט צייכנט זיך אויס אין לירישן אויסדרוק. דאָס איז זיין ספּעציאַליטעט. נעמט אַשטייגער זיין ליד „נקודים וברודים". איר געפינט דאָ דעם ריכטיקן חומש־פּשט, די ריכ־

טיקע ווערטער־איינפּאַסונג און עכט־מוזיקאַלישן ריטמישן קלאַנג. אַט האָט איר אַ מוסטער פון אַ פּערז:

„עס שטייען אַלע קאָרעטעם
אין פעלד אַרומגעשטעקטע
מיט בויגיק גרינע שטעקנס
געשטרייפטע און געפלעקטע.“

אָדער ווען לבן קוקט מיט פּאַרדרוס אויף יעקבס אייגענע סטאַדעס:

„ — און לבן קוקט אויף יעקבס שאָף
און גאַפט און קנייטשט דעם שטערן:
דער יונג, ער פיטערט מיינע שאָף
און וועט נתעשר ווערן!“

דאָס גאַנצע ליד „נקודים וברודים“ איז אַ ריטמישע, לעבעדיקע אַפּשאַצונג פון יענעם חומש־עפּיזאָד.

ה. רויזענבלאַט האָט אַרויסגעוויזן טיפן אַריינדראַנג אין מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע. אין באַשרייבן די געשיכטע פון מכירת יוסף, יוספס אויפשטייגן, זיין דערקענען זיך צו די ברידער און זיין ליבע פאַר זיין ברודער בנימין און דעם דרך־ארץ פאַר זיין פאָטער. רויזענבלאַט ציינט דאָ אַרויס פּסיכאָ־אַנאַליטיק. מען קען נישט זאָגן אַז רויזענבלאַט איז אַ מאָדערנער פּסיכאָ־אַנאַליטיקער. ער האָט בלויז דעם געזונטן מענטשלעכן צוגאַנג און פּשוטן, שאַרפן אַריינדראַנג אין דער מענטשלעכער נשמה.

איידער איך פאַרענדיק מיין אָפּשאַצונג איבער דעם בוך „אָדמס קינדער“ ווילט זיך מיר נאָכאַמאָל דעמאָנסטרירן רויזענבלאַטס ליריזם, וואו ער באַשרייבט די זיבן פעטע און די זיבן מאָגערע יאָרן. אַט האָט איר אַ פּאָר פערזן:

און די נאַכט איז ווייס פון שטערן,
און דער מאָרגן שטראַלט מיט טוי,
און די רעגנס פאַלן וואַרעם,
און דער רעגנבויגן — בלוי.
נאָר ווער ציילט די טעג פון שפע,
אין די זאַטע זיבן יאָר.

## י. ש. נאומאָוו

אָן די רייד פון גאָט פאַרגעסן,
נאָר דאָס וואָרט פון גאָט איז וואָר:
עס איז דאָ אַ טאָג אָן ערשטער,
עס איז דאָ אַ לעצטע שעה.
און דער וואָלף שטייט פאַר דעם טויער,
אויפן שייער־דאַך — די קראָ.

דאָס בוך איז אָנגעפילט מיט אַזעלכער מענטשלעך־געזונטער פילאָזאָפיע, אָנגעקליידט אין ריטמישער האַרמאָניע.

* * *

ה. רויזענבלאַטס צווייט בוך הייסט „מיין ליכטיקע נסיעה. אויב „אָדמס קינדער״ איז פאַר אים אַ דערפאַרונג, אַ נייע זאַך, און ווי דער שטייגער איז וועלן קריטיקער אויך אין דעם געפינען פגימות, ווייל די בעסטע תנ״ך־איבערזעצער ווערן געשטרויכלט, ספּעציעל אין גראַמען קען מען אויף אַלץ נישט געפינען דעם ריכטיקן לבוש און מען קען אַמאָל געשטרויכט ווערן — איז אָבער רויזענבלאַט ווי ביי זיך אין דערהיים, אין זיין „ליכטיקער נסיעה״. ער האָט דאָ פאַר זיך אַן אַלטן, אויסגעטראָטענעם וועג און זיין נסיעה איז אַ ליכטיקע און דער וועג — אַ גלאַטער.

אַע פריערדיקע ביכער רויזענבלאַטס האָבן אין זיך אויטאָביאָגראַפישע לידער. דעם בוך פאַנגט ער אויך אָן מיט „אַ ליד פון זיך אַליין״, וואָס עס צייכנט זיך אויס מיט דאָרפישער דערציילערישקייט. דאָס ליד איז אַ צוגאָב צו דעם ציקל „הרודעס״ און „ליים״, עס שטעקט דאָ אַ שטיק „בעבזיק״. עס איז די דערציילונג ווי ער ווערט געבראַכט אין אַמעריקע און ווי עס אַנטוויקלט זיך אין אים דער דיכטער. דאָס ליד איז לעבעדיק געשריבן און האָט אין זיך שיינעם קאָלאָריט.

דאָס בוך „מיין ליכטיקע נסיעה״ ווערט איינגעטיילט אין אַכט חלקים: „אַ סטעזשקע אין וואַלד״, „מאַרצאָווע ווינטן״, „מאָגונג״, „שכנישע הויפן״, „מעשהלעך און באַלאַדן״, „מיסיסיפּי״, „מיטן פנים צו דער ערד״ און „גאַלדענער מערב״.

דאָס בוך אַנטהאַלט לירישע לידער, באַלאַדן און עפּישע מאָטיוון. און ווי מיר וואָלט זיך געוואָלט ברענגען אַ סך מוסטערן, קען איך עס

אָבער נישט טאָן צוליב צמצום פון פּלאַץ. איך וועל עס אפשר טאָן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. אַ גאָר שיין ליד איז זיין „אַ בייקע". עס איז אַ ליריש ביאָגראַפיש ליד, געשריבן מיט מוזיקאַלישער וואָג און מאָס. זיין ליד „מיין ליכטיקע נסיעה", נאָך וועלכן דאָס בוך איז אַ נאָמען, אָטעמט מיט געזונטער פילאָזאָפיע איבער זיין עלטערן זיך און צו דער זעלבער צייט איינגעפּאַסט אין אַ ליריש ריטמישן ראָם. איך וואָלט וועלן עס אינגאַנצן איבערדרוקן, עס איז אָבער קורץ דער פּלאַץ. איך וועל דעריבער אַרויסכאַפּן עטלעכע פערזן. עס הייבט זיך אָן:

„געלאָזט דעם שטורעם הינטער זיך,
דער ים ליגט אויסגעלייטערט.
צום ברעג פון רו — דערנעענטערט זיך;
פון שטורעם־ברעג — דערווייטערט."

און ריידנדיק וועגן זיין נסיעה זאָגט ער אין די צוויי לעצטע פערזן:

„צוויי הימלען אויסגעשטערנטע —
פוןביידע — וועלכע ז'בלויער?
צי דער וואָס איז מבטיח רו,
צי דער וואָס וויגט מיין טרויער?
אָ, לעבן מיינס! אָ, טיפער ים
פון אומרו און יסורים! —
איך זע דעם ברעג פון רו, און בענק
צום ברעג, וואָס ליגט אין שטורעם."

אָדער זיין ליד „ברויט מיט מילך (אַ ליד אין פאַרבן). דאָס ליד האָט אין זיך די קאָלירן פונעם רעגנבויגן. פאַרב אין יעדן אויסדרוק, פאַרב אין יעדער שורה, פאַרב אין יעדער סטאַנזע און אַלע אינאיינעם מאַכן עס אַ סימפאָניע אין פאַרבן. דאָס ליד הייבט זיך אָן:

„הינטער בלאָנדע ברעמען
שפּינט דער בלויער שלאָף
פון אַ ווייסן חלום
אויס אַ סטאַדע שאָף.

### י. ש. נאומאָוו

דאָס ליד האָט עלף פערזן, איינער שענער פאַרן אַנדערן. דעם לייענער גלוסט זיך געוויס צו לייענען דעם סוף פון דעם ליד. איך וואָלט עס געוואָלט אים צושטעלן. דאָס בוך האָט אָבער 85 לידער, איינס שענער פאַרן אַנדערן. און אַלע קולטור־ליבהאָבער דאַרפן ביידע ביכער קויפן. די ביכער זיינען פראַכט געבונדן, געדרוקט אויף גוטן פּאַפּיר, באַפּוצט מיט פיינע צייכענונגען פון טאָדרעס געלער און אַנטהאַלטן אַן אוצר פון שירה.

עס ווילט זיך באַדאַנקען דעם וויס־גרויען־יוגנטלעכן ה. רויזענ־בלאַט און זאָלן אים די ענערגיע און לעבעדיקייט פון זיינע „בעבזיקשע" יאָרן באַגלייטן אין גאָר טיפן עלטער אַריין, און זאָלן זיינע יאָרן זיין, אויף אַלע אופנים, אמת שירהדיק. און אויב אים בענקט זיך נאָך דעם ברעג וואָס ליגט אין שטורעם זאָל זיין בענקשאַפט זיין אַווירקלעכקייט.

סעפּטעמבער 1, 1944.

## דער אייביקער ייד

(אַן אָפּשאַצונג פון חיים ליבערמאַנס נייעם ביכל „אין טאָל פון טויט")

ביי דעם דיכטער א. לוצקי איז דאָ אַן אויסדרוק — בראשית אין מיטן — אַ „פריקרער טייטש וואָס קלינגט ווי אַ דיסאָנאַנס און דאָך רעגט עס אייך אָן זיך צו פאַרטראַכטן.

אין ליכט פון די לעצטע געשעענישן, ווען גאָט, דער באַשעפער, איז פאַרשטויסן געוואָרן אין אַ טויטן ווינקל און די מלאכי־חבלה זיינען מחריב אַלץ וואָס דער בורא־עולם האָט באַשאַפן, קען מען דאָס וואָרט בראשית אויסטייטשן נישט נאָר „בראשית אין מיטן", נאָר אויך בראשית — צום סוף, בראשית — נאָך פאַרן אָנפאַנג; בראשית — עס הייבט זיך גאָר נישט אָן. אין דער תוהו־ובוהודיקער צייט, ווען טיר און טויער איז פאַרריגלט פאַר דעם יידישן וואַנדערער, ווען אונדזערע זקנים און זקנות, טאַטעס און מאַמעס מיט זייערע זויגקינדער, ווערן געבראָטן אינעם קאָכעדיקן פעך־קעסל, פון די קריסטלעכע וועלט־פאַר־

זאָרגער, אָן וועלכן ליכטיקן אויסקוק אויף דער לייזונג; ווען פאַר־צווייפלונג כאַפּט אַרום די גאַנצע יידישע וועלט — איז אַזאַ ביכל ווי „אין טאָל פון טויט" פון חיים ליבערמאַן אַ דבר בעתו.

חיים ליבערמאַן האָט זיך אויפגעהויבן הימל־הויך און פון דער הימלשער הויכקייט האָט ער דעם יידישן לייענער משפיע געווען מיט אַ זעטיקן מן, וואָס האָט טויזנטער טעמים און זעטיקט דעם הונגעריק־דורשטיקן לייענער.

חיים לימערמאַנס ביכל „אין טאָל פון טויט" איז אַן אויסדרוק פון געדאַנקען וועגן אונדזער צייט און דעם יידישן שיקזאַל אין איר. עס איז אַ קליין ביכל, געבונדן אין אַ שוואַרצער הילע, באַצירט מיט נאָטע קאָזלאָווסקיס אַ האַלק־שניט. דאָס ביכל באַשטייט אינגאַנצן פון 36 זייטן. אָבער וואָס פאַר אַ גריוסער אוצר פון שיינע געדאַנקען וועגן דער אייביקייט פונעם יידישן פאָלק, וועגן זיינע אידעאַלן, וועגן דער יידישער השפעה אויף די שענסטע מענטשלעכע שטרעבונגען, די שענסטע מענטשלעכע צילן. דאָס ביכל איז איינגעטיילט אין עלף קאַפּיטלעך און אין יעדן קאַפּיטל, גרויס צי קליין, געפינען זיך גע־דאַנקען וואָס בליצן אויף ווי מעטעאָרן און באַלייכטן די פעסימיסטישע שטימונגען, וואָס האָבן לעצטנס אַרומגעכאַפּט דעם יידישן עולם.

חיים ליבערמאַן, ריידנדיק וועגן דער פאַרדאַרבנקייט פונעם מענטשן, זאָגט אין זיין ערשטן קאַפּיטל, אַז: „צום מענטשנס חכמה איז דאָ אַ גרענעץ, צו זיין נאַרישקייט — נישט." די מענטשן אין זייער שלעכטסקייט האָבן פון גאָטס שפע געמאַכט אַ תל. גאָט האָט באַשאַפן פאַר אַלעמען די והותר, קאָרן און ווייַן און אַלע מענטשלעכע באַדער־פענישן אין אַ שפע׳דיקער מאָס, וואָס זאָל קלעקן פאַר אַלעמען, ווען איין מענטש וואָלט דעם אַנדערן פאַרגונען. אָבער וואָס האָבן די מענטשן געטאָן: „און די מענטשן האָבן גענומען די וועלט און גע־מאַכט פון איר אַ טייל פון טויט. אויף יעדן גרעזל אַן אומרעכט, אויף יעדן זעמדעלע אַ רציחה, וואו אַ שטיין אַן עשאַפּאָט, ווו אַ צווייג אַ תליה. הערצער ווערן געטראָגן אויף שפּיזן און זיי גראָבן איינער דעם אַנדערנס קברים. טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט גראָבן זיי."

אונדז טיילן זיי אויס דעם ערגסטן טויט: „זעכצן מיליאָן יידן

זיינען מיר, צעשפּרייט איבער דער גאָרער ערד, אַ נעץ מיט זעכצן מיליאָן אויגן, און קיין איינע אָן אַ טרער.״

אויף יעדן זייטל, אין יעדער שורה רייסן זיך אַרויס ביי חיים ליבערמאַנען בליצנדע געדאַנקען, געקליידט אין אַ שיינער שפּראַך, אין געהאַמערט אויסגעשליפענע ווערטער.

רעדט חיים ליבערמאַן וועגן דעם זומפּיקן אָפּגרונט וואָס די נאַציס האָבן אַראָפּגענידערט און וועגן דער דערנידערונג פון די יידן מצד די נאַציס, ווען די שיינע שטאָט ווין איז אַרונטערגעפאַלן אונטער זייער השפעה. אין דער מגילת־איכה פון ווין, ווען די נאַציס האָבן געצוואונגען די יידן מיט זייערע הוילע הענט רייניקן בית־הכסאס : „יענע ריינע הענט וואָס האָבן געוועבט זיידענע פעדים אין עסטרייכס שיקזאַל, צאַרטע פינגער וואָס האָבן געשפּונען איר שענסטן גייסט, האָבן גע־מוזט הוילערהייט זיך טונקען אין עסטרייכס צואה און זיך ווייקן אין נאַצישער השתנה. אין עסטרייכס לעצטער שעה.״

„און אַזוי האָט זיך געענדיקט עסטרייך : דער לעצטער גלאַנץ פון אַן אימפּעריע איז אַראָפּגעשווענקט געוואָרן אין בית־הכסא, און אַ נייע אימפּעריע איז אויפגעשטאַנען אין געשטאַנק.״

אפשר איז עס נישט עסטעטיש אַזוי צו שרייבן. ווער קען זיך אָבער רעכענען מיט עסטעטיק, ווען די וועלטלעכע מאָראַל איז פון דער קריסטלעכער וועלט באַדעקט און פאַרשמוצט געוואָרן פון בערג מיט צואה.

און דער שרייבער זאָגט ווייטער :

„יידן זיינען אַן אַלט פאָלק און האָבן אַ סך מעשיות : ביי די וואַסערן פון ים־סוף, ביי די טייכן פון בבל, אין די טייכן פון טיבער און וואָלגאַ און ווייכסעל, און איצט ביי די רינשטאָקן פון ווין.״

ווען מען האָט געצוואונגען די יידן צו רייניקן די בית־הכיסאס האָבן זיך די יידן אָנגעטאָן אין זייערע שבתדיקע מלבושים, טייל האָבן אָנגעטאָן טליתים : „גערייניקט בית־הכסאס אין טלית און תפילין...״ האָבן די נאַציס געוואָלט די יידן דערנידעריקן, אָבער די ווירקונג איז

געוועזן אַ פאַרקערטע, די כוונה צו שענדן און פאַראומווירדיקן האָט געהאַט די פאַרקערטע ווירקונג:

„האָבן די יידן די אַרבעט אָנגענומען, נאָר די כוונה האָבן זיי איבערגעקערט: פון שאַנד האָבן זיי געמאַכט כבוד, פון אומוויר־דיקייט — קדושה."

אין אַרבעט גופא איז קיין שאַנד נישטאָ, ס'מאַכט נישט וואָס איינער טוט. די דערנידערונג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ דערהויבנ־קייט, און דער שרייבער זאָגט ווייטער:

„איך וואָלט געזאָגט, דאָ איז געווען אַ קידוש־השם, ווען דער דור וואָלט נישט געווען קיין אַפּיקורסישער. גאָטס נאָמען קען געהייליקט ווערן אומעטום, אויפן שייטער־הויפן און אין רינשטאָק; זיין כבוד איז פול די גאַנצע וועלט. נאָר אפשר דאַרף אַ נייע וואָרט אויסגעשמידט ווערן פאַר די מאַרטירער פון אַן אומגלויביקער צייט: קידוש־האדם, די הייליקונג פון דעם מענטשן. מיט זייער פּשוטער טאַט האָבן די יידן פּראָקלאַמירט: דער מענטש קען נישט דערנידעריקט ווערן!"

דאָס גאַנצע ביכל איז אַ שפּרודלדיקער קוואַל פון לעבעדיק אויפ־בליצנדע געדאַנקען. דער מחבר ציט פּאַראַלעלן פון דער יידישער און דער העלעניש־קריסטלעכער פילאָזאָפיעס און ער ווייזט אָן אַז די יידי־שע פילאָזאָפיע, די יידישע מאָראַל שטייט נאָך ביי היינטיקן טאָג ווי אַ מעכטיק שטיינערנער פעלדז. די קריסטן האָבן מיט זייערע אייגענע הענט חרוב געמאַכט זייער אייגן לעבן. דער שרייבער האָט אַ קאַפּיטל וואָס באַשטייט בלויז פון איין זאַץ. דאָס איז דאָס קאַפּיטל ה.:

„און וואָס זיי האָבן געמאַכט פון קריסטנטום, דאָס האָבן זיי אויך געמאַכט פון סאָציאַליזם."

עס פאַרשטייט זיך אַז עס איז אוממעגלעך אין די ראַמען פון אַ קורצן אַרטיקל צו ציטירן און אַרויסכאַפּן אַלע דערהויבענע געדאַנקען, מיט וועלכע דאָס ביכל איז פול ווי אַ מילגרוים. איך קען זיך אָבער נישט אָפּהאַלטן פון צו געבן אַ גרעסערן אויסצוג פון קאַפּיטל ו, וואו דער שרייבער רעדט וועגן די פאַרשיידענע תורהס, און ער זאָגט אַז

## י. ש. נאומאָוו

**אונדזער תורה שטייט אַרויס פון אַלע אַנדערע תורהס, וועלכע זיינען פאַראומווירדיקט געוואָרן:**

„אַלע תורהס זיינען פאַראומווירדיקט געוואָרן אין אונדזער צייט, וועלכע מיט בלאָטע און וועלכע מיט בלוט. איינע ביי די רינשטאָקן פון ווין, אַן אַנדערע ביי דעם וועגטל אין דער לוביאַנקאַ, אַ דריטע אין זשענעווע. בלויז די יידישע תורה איז געבליבן שטיין ריין ווי פייער, שוואַרצער פייער אויף ווייסן פייער. קיינמאָל איז איר אמת נישט גרעסער געווען, קיינמאָל איר ליכט נישט נייטי־קער געווען ווי היינט, ווען פעלקער האָבן זיך צוריקגעקערט צו געצנדינסט און גיבן צו אַ מענטשן דעם כבוד, די גרויסקייט און די מאַכט פון גאָט. :איבערן טאָל שטייט דער באַרג, איבערן באַרג — דער הימל, נאָר, סטאַלין, הימלען נישט די הויך מיט דיר זיך צו פאַרגלייכן — אַזוי זאָגט דער קאָמוניזם. „דינען היטלערן איז דינען דייטשלאַנד, דינען דייטשלאַנד איז דינען גאָט“, אַזוי זאָגט דער נאַציזם.

„זאָלסט נישט דינען צו קיין אָפּגעטער, זאָלסט נישט דינען צו קיין מתים, זאָלסט נישט דינען צו קיין מענטשן — משה איז אמת און זיין תורה איז אמת!“

**פילע, וועלכע זיינען נישט באַקאַנט מיט דער יידישער תורה, מיט די יידישע לערן, דענקען, אַז די אמתע לערע פון גערעכטיקייט הייבט זיך אָן מיט קאַרל מאַרקס, אַז די אמתע געשיכטע הייבט זיך אָן מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ווי די קאָמוניסטן אין רוסלאַנד ווילן עס האָבן. דער מחבר זאָגט אין איין אָרט:**

„אַלע תורות זיינען נאָר ידיעות פון אונדזער תורה. הומאַ־נישקייט איז אַ תורה — ס'איז בלויז איין פסוק פון אונדזער תורה. דעמאָקראַטיע איז אַ תורה — בלויז איין פרשה פון אונ־דזער תורה. סאָציאַליזם איז אַ תורה, נאָר דער גאַנצער סאָציאַ־ליזם איז נאָר אַ מאָדערנער פירוש אויף דער תורה. און מיר, אין אונדזער לייכטזין, האָבן גענומען אונדזערע שטיקער פון פרעמדע הענט, און אונדזער אייגענע, די תורה פון אַלע תורהס, געלאָזט שטיין פאַרשעמט אין אָרון־קודש.“

## גע ז אַ מ ל ט ע  ש ר י פ ט ן

זאָגט אַ יידישער דיכטער פון סאָוועט־רוסלאַנד:

„מיר הויבן אָן אונדזער ליטעראַטור פון דער פּאַריזער קאָמונע, נישט פון בית־המקדש." און ער ווייסט נישט, דער נאַר, אַז די „וואַנט פון דער קאָמונע" איז אַ וואַנט פון בית־המקדש."

דער שרייבער פון דעם „אין טאָל פון טויט" באַשטעטיקט די נצחיות פון דעם יידישן פאָלק. ער גיסט אַריין טרייסט, ער גיסט אַריין האָפענונג אין דעם פאַרביטערטן יידיש האַרץ. עס איז געשריבן פון אַ צעבלוטיקט יידיש האַרץ אין אַ טאָן פון אַ נביא.

אָקטאָבער 28, 1938.

## קולטור - ווערטן און האַלץ - סקולפּטור

(צו דער אויסשטעלונג פון בערל סאָט אין עספּאַזישאַן מוזעאום)

עס איז דאָ אַ ווערטל — מען קען נישט זיין קיין נביא אין דער אייגענער שטאָט. אין דעם פאַל קען עס אויך געזאָגט ווערן וועגן טאַ־לאַנטפולע מענטשן, וועלכע לעבן זיך איין אין שטאָט. ספּעציעל קען עס געזאָגט ווערן אויף אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט קיין שאַרפע עלנ־בויגנס און קענען זיך נישט שפּאַרן.

אַזאַ מענטש איז אונדזער העכסט טאַלאַנטפולער בערל סאָט. ער איז שטיל, גייט כמעט ערגעץ נישט און איז אַ יושב אוהל אין צוריקגעצויגענער איינזאַמקייט. זיצט אונדזער בערל סאָט אין זיין קליינער דירה, אין אונדזער יידישער באָיל הייטס, און שאַפט אין האָלץ גאָר גרויסע קולטורעלע ווערטן און ווערט פון דער יידישער עדה גאָר נישט באַמערקט. קומען אַהער יידישע שרייבער פון ניו־יאָרק, ווייסן זיי מער פון בערל סאָט ווי וועלכער עס איז היגער ייד, אַפילו פון יענע יידן וואָס וואוינען מיט אים אין שכנות אויף דער זעלביקער גאַס.

עס דאַרף קומען אַהער אַ מענדל עלקין, וואָס זאָל זיין רום אַנט־פּלעקן צו יענע גרויסע פּערזענלעכקייטן, וועלכע כאַפּן זיך אַמאָל אַראָפּ

## י. ש. נאומאַוו

אין אונדזער פראָווינץ פון דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק. נישט אַלע שרייבער, וועלכע קומען פון צייט צו צייט אַהער פון ניו־יאָרק און האָבן געזען די קונסט־ווערק פון בערל סאָט. האָבן געפונען פאַר נייטיק באַקאַנט צו מאַכן דעם יידישן עולם מיט דעם עניוותדיקן, נעלמדיקן יידישן האָלץ־שניצער. ביז עס איז אַהער נישט געקומען דער פיין־פילנדער דוד פינסקי, וועלכער האָט הנאה פון אַלע קולטורעלע שאַ־פונגען אויפן יידישן געביט.

דוד פינסקי, וועלכער האָט דערפילט מענדל עלקינס בקשה נישט צו פאַרלאָזן לאָס אַנדזשעלעס ביז ער וועט זיך נישט באַקענען מיט סאָטס שאַפונגען, איז געקומען. ער האָט געזען די פיינע שאַפונגען פון בערל סאָטן און האָט מיט דעם באַקאַנט געמאַכט דעם יידישן לייענער דורך אַ באַגייסטערטן אַרטיקל אין דעם יידישן „מאָרגן זשור־נאַל". דער היגער יידישער עולם האָט זיך געדאַרפט דערוויסן פון אַ ניו־יאָרקער שרייבער, אין אַ ניו־יאָרקער צייטונג, אַז צווישן אונדז געפינט זיך אַ העכסט טאַלאַנטפולער יידישער האָלץ־שניצער. איך שטרייך אונטער יידישער, ווייל אויסער וואָס בערל סאָט איז אַן אמת־פילנדער ייד, זיינע זיינע קונסטווערק דורך און דורך יידישע שאַ־פונגען, וועלכע טראָגן אַ דורכאויס יידיש־קולטורעלן ווערט.

געטהע האָט אַמאָל געזאָגט וועגן אייגנשאַפטן דאָס פאָלגענדע: האָלץ ברענט ווייל עס האָט אין זיך די נייטיקע ברען־אייגנשאַפטן; און אַ מענטש ווערט באַרימט ווייל ער האָט אין זיך די ריכטיקע קוואַליטעט. איך וואָלט געזאָגט אַז האָלץ קען נישט נאָר ברענען, נאָר עס זיינען דאָ געוויסע מינים האָלץ, וואָס קענען דערהויבן און דער־וואַרעמען די מענטשלעכע נשמה, ווען דער געוויסער מין האָלץ פאַלט אַריין אין די הענט פון אַ באַגאַבטן שניצער, ווי עס איז אונדזער בערל סאָט, וועלכער האָט יענע אייגנשאַפטן, וועלכע מאַכן אַ מענטשן באַרימט.

גוט האָט דער הער סאָט געטאָן וואָס ער האָט באַקאַנט געמאַכט דעם קוראַטאָר פונעם היגן מוזעאום מיט זיינע שאַפונגען. ווען דער היגער מוזעאום האָט באַשטימט אויסצושטעלן די שניצערייען פון אונדזער בערל סאָטן האָט זיך מיט דעם פאַראינטערעסירט די היגע פרעסע. אַ גאָר גרויסע צאָל מענטשן האָבן באַזוכט די אויסשטעלונג,

און עס קען געזאָגט ווערן, אַז סיי די יידישע באַזוכער און סיי די גויאישע זיינען אַוועק דערהויבענע און באַגייסטערטע. דער נעלמדיקער בערל סאַט איז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט, ער האָט באַקומען זיין אמתן תיקון, זיינע קינסטלערישע אייגנשאַפטן האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר דער עפנטלעכקייט און ער האָט געקראָגן די ריכטיקע אָנערקענונג.

אינגאַנצן האָט הער סאַט געהאַט, אין דעם אויסשטעלונגס־חדר, צוואַנציק זאַכן. אַלע האָלץ־שניצונגען באַקענען דער וועלט מיט מאָמענטן פון דעם יידישן לעבן, מיט טיפן פון יידן אין פאַרשיידענע לענדער; די אַרבעט איז פון אַזאַ קינסטלערישן קאַליבער און פון אַזאַ קולטורעל־היסטאָרישן ווערט, דאָס נישט נאָר גיט עס אנערקענונג צו דעם באַשיידענעם קינסטלער, נאָר עס הייבט אויך אויף דעם ווערט פונעם יידישן פאָלק אין די אויגן פון אַ סך גויים, פאַר וועמען דאָס יידישע לעבן איז אַ פאַרשלאָסן בוך.

ווי געזאָגט, נישט אַלע סאָרטן האָלץ זיינען מסוגל אַרויסצוברענגען די דינסטע און איידלסטע דעטאַלן פון אַ לעבעדיק בילד. עס פאָדערט זיך אַזאַ סאָרט האָלץ וואָס פאַרמאָגט אַ געוויסע האַרטקייט, וואָס זאָל מסוגל זיין אַרויסצוברענגען די אמתע געשטאַלטונג און פאַרגענצונג פון אַ געשטאַלט, וואָס זאָל זיין דויערהאַפט און וואָס זאָל טראָגן אין זיך אַ רוח חיים. בערל סאַט האָט זיך באַנוצט מיט געוויסע סאָרטן קאַרשן־האָלץ, נוס־האָלץ, קליאַן (מייפל) און אַנדערע האַרטע האָלץ. ער האָט זיינע שניצונגען אין בלאקס און אין פלאַכע פלאַטן און יעדע שניצונג, ווי געזאָגט, איז לעבעדיק און אָטעמט מיט האַרציקער נשמהדיקייט. אַזוי איז זיין „ישיבה בחור" אין זיין שיין פראָפּאָרציעדיקן פּנים, זיין ערנסטקייט און פאַרטראַכטקייט, זיינע שיינע געזיכטסצוגן, זיין יאַרמולקע, זיינע געגרייזלטע פּיאות און זיין עכט־יידיש קלסתר־פּנים.

אין דער צייט ווען איך בין געווען אין מוזעאום האָט מיר אָפּגעגאָלטן וואָס דאָרטן האָט זיך אויך געפונען אַ קריסטלעכער האָלץ־שניצער מיטן נאָמען באַאורס. נישט זייענדיק קיין צו גרויסער קונסט־מבין אַליין האָט מיר מ"ר באַאורס געדינט אַלס לערער און וועגוויזער. ער האָט מיך געפירט פון פיגור צו פיגור און האָט מיך אַרייַנגעפירט אין די טיפסטע חדרים פון דער קונסט. ער האָט מיר אָנגע־

וויזן אַלע דעטאַלירטע נואַנסן און ער האָט גערעדט וועגן סאַטס אַר־בעט מיט אמתער באַגייסטערונג. ער האָט מיר געזאָגט דאָס פאָלגנדע: „איך בין אַליין אַ האָלץ־שניצער. איך האָב שוין אין מיין לעבן געזען אַ סך קונסטווערק און האָלץ־שניצונגען, אָבער אַזעלכעס האָב איך נישט געזען. איך נעם פאַר דעם מ״ר סאַט אַרונטער מיין הוט.״

די גרעסטע באַוואונדערונג איז צו דעם מ״ר באַאורס געקומען ווען ער האָט געקוקט אויף דער בלאַטע וואָס הייסט „דער תלמיד אָן דעם רבין״. עס שטעלט פאָר די פרייד און ליכט אין די אויגן פונעם יונגן תלמיד, ווען ער בלייבט אַליין אָן דעם רבין נאָך אַ שווערער לעקציע. דער שמייכל וואָס ער, דער תלמיד, דריקט אויס אין זיינע אויגן זיינען אַזוי עכט און לעבעדיק, די חדוהקייט וואָס איז אַרויסגע־בראַכט געוואָרן דורך דעם אויסדרוק פון דעם תלמידס אויגן מאַכן צו פאַרגעסן אַז מען שטייט לעבן אַ פלאַטע פון האָלץ. עס איז דאָס לעבן אַליין. דאָס בילד לעבט און קוועלט מיט לעבעדיקער מענטש־לעכער פרייד. ער איז נישט געווען דער איינציקער וואָס האָט גערעדט וועגן דער שניצונג מיט אַזאַ באַגייסטערונג.

איך בין געגאַנגען מיטן האָלץ־שניצער פון איין געשניצעריי צו דער צווייטער און ער האָט געהאַט עפּעס וואָס צו זאָגן וועגן יעדער קונסטשטיק. אַזוי איז געווען ווען מיר זיינען געשטאַנען לעבן דעם „פּערסישן יידן״, לעבן „בעל־תקיעה״, „דער שניידער״, „די אַרבעה בנים פון דער הגדה״, „דער לעצטער אין בית־מדרש״, יענער אַלטער ייד וואָס שטעלט זיך דער לעצטער אָפּ אין בית־מדרש אַריינצוקוקן אין אַ ספר. אַזוי אויך ביי דער פיגור פון דעם „שומרוני״, פונעם „ליבישן יידן״, „דער וואַסער־טרעגער״, „דער ייד פון אינדיע״, „דער פּוילישער ייד״, „די פרוי מיט אַ ליכט אין האַנט וואָס זיצט תשעה־באָב נאַכט אויף אַ נידעריק בענקל און זאָגט קינות״, „די חנוכה־ליכט״, „די חדר־ייִנגלעך מיט אַ לאַמטערן אין אַ פראָסטיקער, ווינטערדיקער נאַכט״, „דער ייד פון דאַגאַסטאַן״ לעבן קאַספּישן ים, „דאָרף־גייער״ מיטן זעקל אויף דער פּלייצע. דער „כותל מערבי״ און די „דריי אַלטע פרויען״ וואָס לייענען דעם צאינה־וראינה אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג.

די אַלע אויסגערעכנטע האָלץ־שניצונגען שטעלן מיט זיך פאָר יידישע היסטאָרישע פּעריאָדן און געאָגראַפישע אונטערשיידן. אַ וואַ־

ריאַציע פון קליידונג. איר זעט דאָ יידן אין פּויליש־יידישער קליידונג, אין פּערסישער, ליביש־אַפריקאַנישער וואָס טראָגט אין זיך די געשטאַלטונג פון אַראַבישער סביבה, די אינדישע אומגעבונג, דעם שומרונישן שטייגער, וואָס האָט זיך נישט געביטן פאַר טויזנטער יאָרן, דעם דאַגאַסטאַנער טיפּ וואָס איז ענלעך צום טאָטערשן. יעדער ייד אין אַן אַנדער סביבה, יעדער ייד אין אַן אַנדער הלבשה.

סאָט האָט דאָ צוזאַמענגעבראַכט אַ קיבוץ גלויות בזעיר אנפּין, אַ גלות־געזעמל אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב, וועלכע זיינען אונטערוואָרפן אַנדערע קולטורן, אַנדערע, פרעמד איינע צו די אַנדערע, לעבנסשטייגערס, יידן וואָס ריידן אַ בבל פון שפּראַכן און פאַרשטייען זיך נישט איינער דעם אַנדערן, און דאָך זיינען אָט די אַלע פאַרשיידנאַרטיקע טיפּן פאַרוואַנדטע, ברידער פון איין יידישער משפּחה, זיי טראָגן אויף זיך איבער פאַרשיידענע גלותן, אַרום און אַרום אָבער איז עס איין יידישער גלות; די אויגן פון די אַלע פיגורן, פון די אַלטע טיפּן טראָגן אין זיך דעם יידישן אומעט, און כאָטש זיי קענען זיך נישט צוזאַמענריידן. ווען מען ברענגט זיי אָבער צוזאַמען וואָלטן זיי דאַכט זיך אויסגעשריען אויף איין שפּראַך: „וואָס מיר זיינען זיינען מיר, אַבי יידן זיינען מיר; וואָס מיר זיינען זיינער מיר, אַבי גלות ליידן מיר!"

אונדז אַלעמען ברענגט צוזאַמען דער זעלבער גורל. אַפילו דאָס פריילעך, שמייכלדיק פּנים פון דער פיגור „דער תלמיד אַן דעם רבין" לאַכט מיט אַ יידיש גלות־געלעכטער. דאָס פאָלק האָט אויף דעם אַ ווערטל „ער לאַכט מיט יאַשטשערקעס", אַ געלעכטער וואָס איז אויסגעמישט מיט גאַל און צעבראָכן געמיט. די אַלע שניצונגען האָבן אין זיך נשמה, די אַלע געזיכטסצוגן, די הענט, די קנייטשן, די אָדערן, די פאַלדן פונעם פּנים לויט דער עלטער, די פאַלדן פון די קליינער זיינען אַזוי עכט און אַזוי בולט, אַז קיין אַנדער זאַך ווי אַדמיראַציע און אנערקענונג קען סאָטן נישט געגעבן ווערן. די פיגורן זיינען דאַכט זיך פון האָלץ מיט פאַרשלאָסענע מיילער, זיי ריידן אָבער צו אייך, זיי דערציילן אייך פון ליידן, פון פרייד, פון רעליגיעזע איבערלעבונגען, און גיבן אייך אַ שטיק יידישע קולטור־געשיכטע.

### י. ש. נאומאָוו

איך דענק אַז מיר דאָ אין לאַס אַנדזשעלעס דאַרפֿן זיין שטאָלץ וואָס מיר האָבן אַזאַ קינסטלער צווישן אונדז. מיר אַלע דאַרפֿן אים צוטראָגן אנערקענונג און זען אַז וואָס מער מענטשן זאָלן זיך באַקענען מיט זיין לעבן און שאַפֿן.

אפריל 2, 1943.

# כל - נדרי - פאַרבן

(אַ פּאָר שטונדן מיטן מאָלער מאַקס באַנד)

אין דער וועלט פון מאָלערישער קונסט זיינען דאָ פאַרשיידענע שולן און איינשטעלן בנוגע דעם געברויך פון פאַרבן. פאַרבן דריקן אויס פאַרשיידענע אינטערפּרעטאַציעס פונעם טעמפּעראַמענט און אינערלעכן וועזן פון דעם קינסטלער. עס זיינען דאָ פרילינג־פריילעכע פאַרבן, וועלכע דריקן אויס אויפן לייוונט די הערלעכסטע פרילינג־מאָטיוון, מאָטיוון פון שפּראָצונג, מאָטיוון פון וואוקס און מאָטיוון פון בליאונג. דער טאַלאַנטירטער מאָלער טראָגט עס אונדז צו אויף אַ קאַנווע פון שיינער לאַנדשאַפט.

דער מבין און דער וואָס איז באַהאַוונט אין געאָגראַפיע וועט גלייך דערקענען פון וואָס פאַר אַ לאַנד דער שאַפער פון דעם בילד קומט. בילדערריידן, זיי דערציילן פון געגנטן, פון לענדער און קלימאַטן.

ווען אַ קינסטלער מאָלט בילדער פון לאַנדשאַפטן מיט גערטנער פון אָראַנדזש־ביימער, וועט מען זיך משער זיין אַז אָדער ער קומט פון ארץ־ישראל, איטאַליע, שפּאַניע אָדער קאַליפאָרניע. מען איז זיך משער אַז ער קומט פון אַ האַלב־טראָפּישן קלימאַט. פאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען דאָ אויסנאַמען. דעם אמתן קינסטלער קען מען נישט בינדן. אָבער אויפן קינסטלער פון פאַרבן קען אויך געזאָגט ווערן דאָס וואָס מען זאָגט וועגן דיכטער — ווילסטו דעם דיכטען קענען, דאַרפסטו נאָך זיין לאַנד גיין. ווילן מיר דעם מאָלער קענען מוזן מיר זיך אַריינלעבן אין זיין פאָלק, זיין סביבה, זיין דערציאונג און טאָקע זיין גאַנצן „איך".

# געזאַמלטע שריפטן

דערפֿאַר טאַקע ווען מען דערקענט זיך נעענטער מיטן קינסטלער מאַקס באַנד און מען טיפֿט זיך אַריין אין די קאָלירן, מאָטיוון און דעם טיפֿן אינהאַלט פֿון זיינע בילדער, דערזעט מען אין דעם דעם טיף־פֿאַר־וואָלצלטן יידן, און כאָטש זיין אויסערלעכער אויסזען זאָגט עס אייך נישט, איר קענט אים אָננעמען פֿאַר אַ פֿראַנצויז, און אַפֿילו פֿאַר אַן אַמעריקאַנער, כאָטש ער איז דאָ אין לאַנד נישט זייער לאַנג. ער רעדט פֿליסיק יידיש, העברעאיש, דייטש, רוסיש, פֿראַנצויזיש און ענגליש. פֿירט איר אָבער מיט אים אַ געשפּרעך, געפֿינט איר אין אים דעם פֿיין־פֿילנדן, טיף־טראַכטנדן, ראַפֿינירטן יידן. איבערהויפּט קענט איר עס לערנען פֿון די מאָטיוון און געל־גרויע פֿאַרבן פֿון זיינע בילדער.

זיינע בילדער דערציילן אייך גאַנצע קאַפּיטלעך יידישע געשיכטע, און איך וועל נישט איבערטרייבן ווען איך וועל זאָגן, אַז מאַקס באַנד איז אַ יידישער היסטאָריקער אין פֿאַרבן. זיינע פֿאַרבן זיינען ספּעצי־פֿיש יידישע, זיי דריקן אויס יידיש לעבן, יידישע נויט, יידישע דאגות, יידישע בענקונג, יידיש טראַכטן און אידישע הילפֿלאָזיקייט. עס איז זייער שווער אָנצורופֿן זיינע פֿאַרבן ביי זייער ריכטיקן קאָליר.

אין זיינע קאָלירן זעט זיך אָן דער ישראל סבא, דער עם מפוזר ומפורד, דער אַלטער איינגעבויגענער ישראל, דאָס פֿאָלק אָן אַ לאַנד און אָן אַ מנוחה.

דאָס זיינען די פֿאַרבן וואָס מען טרעפֿט אויף די ווענט אין דער אַלטער שול אין דעם בין השמשות פֿון ערב יום־כּפּורדיקער מנחה און כל נדרי; די קאָלירן וואָס האָבן זיך בולט אָנגעזען אין די אָרעמסטע הייזער פֿון די יידישע קליינע שטעטלעך, ווען מען געדענקט נישט געניי ווען די ווענט זיינען געקאַלכט געוואָרן.

מאַקס באַנדס פֿאַרבן דערציילן אייך יידישע גלות־געשיכטע. די שטאַרקסטע בילדער פֿון מאַקס באַנד זיינען זיינע יידישע מאָטיוון. זיין בילד וואָס ער רופֿט אָן „דער מענטש" און וואָס די פֿראַנצויזישע קרי־טיקער האָבן אָנגערופֿן „עקא האָמאָ", דאָס איז דער מענטש, שטעלט פֿאַר אַ קרועה־בלועהדיקן ייד, וועמען די וועלט איז אַ סך שולדיק. ער קומט אויף דער וועלט און די מענטשן נישט מיט האַס און שנאה און אויך נישט מיט אומעט, כאָטש זיינע אויגין דריקן אויס פֿאַרלוירנקייט און זיין געזיכט באַלאַדנקייט מיט מענטשלעכע עוולות, דריקט עס אָבער

נישט אויס דאָס וואָס עס ווערט אָנגערופן אין ענגליש „קאָנטעמפט“, וואָס זיינע אויגן דריקן יאָ אויס צו דעם גאַנצן מענטשלעכן מין און אַ גלייכגילטיקער וועלט איז דער אויסדרוק וואָס אַ בית־דין טראָגט אַרויס צו דעם שולדיקן און דאָס איז — חייב! שולדיק! אין אַ גוטער וועלט וואָלטן אַזעלכע טיפּן און אַזאַ הלבשה־צושטאַנד נישט מעגלעך געווען. אָט אין דעם פאַרוואָרלאָזטן און פאַרזעענעם מענטשן איז אָבער אויך דאָ אַ טיפער אויסדרוק פון בטחון, און דאָס איז דער אמתער יידישער שטריך.

אין זיין בילד „מתן תורה“ האָט ער געשאַפן יענע קאָלירן וואָס נאָר אַ ייד קען זיך משער זיין. דער באַרג סיני, וועלכער איז נישט זייער הויך, איז איינגעוויקלט אין פייער און רויך, איבער די פלאַמען זעען זיך אָן די אותיות „יהוה“, דורך די פלאַמען זעען זיך די טאָוולען מיט די עשרת הדברות און אַרום באַרג שטייען צעשראָקענע יידן און זיינען גרייט אויסצושרייען: נעשה ונשמע!

דאָס בילד גיט ריכטיק איבער דעם פסוק אין שמות יט, יח: „און דער באַרג סיני איז געווען אינגאַנצן אין רויך, פון וועגן וואָס גאָט האָט אַראָפּגענידערט אויף אים מיט פייער; און זיין רויך איז אויפ־געגאַנגען אַזוי ווי דער רויך פון אַ קאַלך־אויוון, און דער גאַנצער באַרג האָט זייער געציטערט.“

דאָ ווילט זיך מיר איבערגעבן אַן עפּיזאָד וואָס וועט באַשטעטיקן מיין מיינונג וועגן מאַקס באַנד, נישט נאָר אַלס קינסטלער, נאָר אויך אַלס איינער וואָס טראַכט זיך אַריין אין אַ לאַגע און געפינט אויף דעם אַ פּאַסנדן ענטפער.

מאַקס באַנד איז דאָס וואָס ווערט אָנגערופן אין פראַנצויזיש „האמע ד׳עספּרי“, אַ מענטש פון אינטעלעקט. ווען אַ קאַטוילישער גייסטלעכער האָט באַטראַכט זיין בילד „מתן תורה“ האָט דער גייסט־לעכער געפרעגט באַנדן וואָס דער לעצטער האָט געמיינט אויסצודריקן מיטן בילד.

באַנד האָט זיך נישט פאַרלוירן און האָט געזאָגט, אַז דאָס דריקט אויס דעם יידישן באַנעם פון געטלעכקייט. די קריסטן דענקען אַז די אמתע וועלט איז די מלכות שמים, אום צו גרייכן פּערפעקציע מוז מען זיך אַרויפכאַפּן אין הימל, אויב מען איז זוכה פאַר דעם. לויט דעם

קריסטלעכן איינשטעל איז די וועלט אַ זינדיקע, וואו אמתע שלימות קען נישט געמאָלט זיין. די יידישע קאָנצעפּציע אָבער איז אַז דער מענטש האָט אַ בחירה און מיט זיין הנהגה קען ער אויך מאַכן אַז גאָט זאָל זיך מטריח זיין און אַראָפּברענגען דאָס געטלעכע צו דעם מענטשן. גאָט זאָגט: איך גיב דיר דאָס גוטע און דאָס שלעכטע — דו אַליין קענסט אויסקלייבן וואָס דו ווילסט. גאָט קען אַראָפּנידערן אויך אויף דער ערד. אויב דער מענטש איז גוט איז ער אין דער בחינה פון אַ צלם אלקים.

ווען מען טיפט זיך אַריין אין מאַקס באַנדס בילד „כל־נדרי", אין דעם אויסדרוק פונעם רב און פון די יידן וואָס שטייען ביי דער זייט מיט די ספרי תורות, קען מען זען ווי אַזוי ער לעבט זיך אַריין אין די קאָלירן, וועלכע זיינען עכטע ספּעציפיש־יידישע: די טונקלקייט פון בית־המדרש, דער אָפּשיין פון די ליכט־פלעמלעך פלאַקערט איבער די קעפּ פון די שלוחי ציבור, דער אויסדרוק פונעם רבס אויגן, דער ספּע־ציפיש יידישער פּאַטריאַרכאַל־גלותדיקער קוק האָט נאָר געקענט מאָלן אַ ייד וואָס האָט זיך איינגעלעבט און אויסגעלעבט אין אַ כל־נדרי־אַטמאָספערע. אין ענגליש איז דאָ פאַר דעם אַן אויסדרוק אַ „דרעב קאלאר", אָדער „סאָמבער", מעלאַנכאָליש; אין העברעאיש רופט זיך עס אויך „צבע הדרב"; אין יידיש אין דאָס גרוי־געלער קאָליר. עס דריקט אָבער נישט אויס דעם אמתן כאַראַקטער פון דעם ספּעציפיש באַנדישן קאָליר. ווי פריער געזאָגט, עס איז דער קאָליר פון די ווענט פון יידישער אָרעמקייט, וואָס אַזאַ דיכטער ווי אַברהם רייזין קען עס באַשרייבן און מאַקס באַנד קען עס באַמאָלן.

עס איז דער „המבדיל"־קאָליר אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן שבת־פאַרנאַכט אין אַן אָרעמער יידישער קעלער־שטוב. עס איז דער דחקות־קאָליר פון א. רייזינס „אַ געזינד זאַלבע אַכט", אָדער פון אַ „פינף קאַרטאָפליעס" סביבה, וואָס איז באַגלייט מיטן פייף פון גריל, מיט ווינקלדיקן שפּין־געוועב און קאַלטן אומעט. דער בעסטער אויסדרוק פאַר דעם וואָלט געווען — יידישער פּיין־ און נויט־קאָליר, ספּעציפיש יידיש ליכט־ און שאָטן־געמיש.

מאַקס באַנד איז אַן אימפּרעסיאָניסט. זיין אימפּרעסיאָניזם איז באַזירט אויפן רעאַליזם פון דער יידישער ביטערער ווירקלעכקייט, זיין

פיגמענטאַציע אין דער פאַרבן־סובסטאַנץ פון דעם אַבנאָרמאַלן יידיש לעבן, דער העמאָגלאָבין פון זיין פאָלקס פאַרגאָסן בלוט.

זיין בילד וואָס ער וויל אָנרופן „עד מתי״, אָדער „עד אנה״, ביז וואַנען אָ גאָט?! שטעלט פאָר אין פערספעקטיוו דאָס סאַמע טראַגישע פונעם איצטיקן לעבן, אָבער בעסער געזאָגט, פונעם איצטיקן אומקום. אין הינטערגרונט זעען זיך די אַלע שרעקלעכקייטן פון אַ צעשטערטער, צעבאָמבאַרדירטער שטאָט און אין פאָדערגרונט שטייט אַן איינציק־פאַרבליבענער מענטש. דאָס געשטאַלט, פאַרשטייט זיך, איז אַ יידישס, לעבן דעם מענטשן ווייזט זיך דער מלאך גבריאל און וויל אים העלפן. דאָס אַכזריותדיקע אַרום אים האָט אים דעם מענטשן געשאַפן אַן אומ־צוטרויִלעכקייט אַפילו צו דעם מלאך מיט די פליגלען. עס זעט זיך דאָס סאַמע טיפסטע פון מענטשלעכן ליידן, פון מענטשלעכער טראַ־געדיע, און עס ווילט זיך טאַקע אויסשרייען: עד מתי! ביז וואַנען, אָ, גאָט!

נאָך אַ מלחמה־בילד, וואָס ער וויל אָנרופן מיט טשווירטשילס אויסדרוק, „בלוט, שווייס און טרערן״, איז זייער געלונגען אויסגע־דריקט. ער האָט אַ בילד וואָס שטעלט פאָר אַ יידישע פאַמיליע, וועמענס היים עס איז אָפּגעווישט געוואָרן אין אַ באָמבאַרדע. אין הינ־טערגרונט זעט זיך די ברענענדיקע שטאָט. דער ייד און זיין פרוי און קינדער שטייען אין פאָדערגרונט אויף אַ פעלד הינטערן שטאָט. זיי שטייען פאַרלוירענע, דאַכלאָזע און היימלאָזע מיט קיין אויסזיכט אויף וועלכער עס איז הילף. דער פאָטער און מאַן קוקט אַריין אין דעם גרויסן פאַרוויכערטן חלל און אייך דוכט זיך אַז איר הערט זיין אויס־געשריי: מאין יבוא עזרי!

זייער איינדרוקספול איז זיין בילד אַרום שולחן אין בית־מדרש אַ בין מנחה למעריב, וואו דאָס אויסגעמאַטערטע אַרבעטער־פאָלק, „עמך״, קלייבן זיך אַרום טיש הערן אַ שטיקל עין־יעקב, אַ פּרק משניות, אָדער גאָר אַ קאַפּיטל חובת־הלבבות. פאַרשטייט זיך, די אויסגעהאָ־רעוועטע, האָרעפּאַשנע, אויסגעמאַטערטע מענטשן זיינען נישט קיין גרויסע לומדים, זיי קומען אָבער אַהין צוליב דער מצוה פון הערן תורה, זייערע אויגן קלעפּן זיך און שלאָפן איין. דער רבי לערנט אָבער און ביי דעם ווינקל פון טיש שטייט אַ יונגער יתום און וואַרט

אויף אַ קדיש דרבנן. דאָס בילד איז עכט יידיש. עס איז ענלעך צו דעם קריסטלעכן בילד „די לאַסט סאַפּער", אָבער די גויים ווייסן נישט אַז עס איז אַ יידישער פּסח סדר, אַ יידישע מסובה.

איך בין נישט קיין קונסט־קריטיקער און עס איז מעגלעך אַז איך האָב נישט דערזאָגט אָדער געזאָגט דאָס, וואָס איז נישט אין ליניע מיט דער אָנגענומענער קריטיק, דורך אַ „פּליטת־הקולמוס", אַן אויס־גליטש פון דער פּען. איך גיב דאָ אָבער בלויז איבער מיינע איינדרוקן און איך וויל מיר אויך נעמען צו הילף אַזאַ טאַלאַנטירטן יידישן שריפט־שטעלער ווי בען העכט, און אָט וואָס ער זאָגט וועגן מאַקס באַנד:

„מאַקס באַנדס מאָלונגען זיינען לעבנס־געשיכטעס. לומדות, וויץ און ליידן זיינען אריין אין זיינע בילדער. מאַקס באַנד איז אַזאַ וואָס שטודירט, אַ באַרייזטער און אַ ייד." ווייטער זאָגט ער: „ער איז באַהאַוונט אין יידישן לאַר ווי וועלכער עס איז יידישער געלערטער און ער ווייס מער ווי די פּנימער וואָס ער מאָלט, ער קען זייערע זיידעס, זייערע וואַנדערונגען און די דערהויבענע און משונהדיקע געשיכטעס, פון וועלכע זייערע געהירן זיינען געוועבט. מערער ווי וועלכער מאָלער פאַר אים און מערער פון אַלע זיינע קאָנטעמפּאָראַרן (צייט־גענאָסן) האָט מאַקס באַנד געבראַכט צו דעם לייוונט די יידישע נשמה, די מילדע, געדולדיקע און מוראלאָזע אויגן פון אייראָפּעס אומגליקלעכ־סטע קינדער." ווייטער זאָגט ער אַז לויט זיין מיינונג איז באַנד איינער פון די העכסט הומאַנע פון די היינטיקע מאָלערס. ביי אים איז קיין צווייפל נישט אַז מאַקס באַנד איז איינער פון די גאָר ווייניקע אויס־שטייענדע מאָלערס פון אונדזער צייט.

מיר אַליין ווילט זיך צוגעבן דאָס פאָלגנדע: מאַקס באַנד איז טיף־פילנד און באַזיצט אַ סך רעליגיע־זיטן אין צוגאָב צו אַ רעליגיע־זער נשמה, און איך דענק אויך, צוזאַמען מיט בען העכטן, אַז נישט נאָר מאָלט באַנד מענטשן, געגנשטאַנדן און אידייעס, נאָר ער מאָלט אויך תפילות.

י. ש. נאומאָוו

# אויף דער לייטער פון געבעט

ווען איינעם ווילט זיך אַוועקגיין פון דעם עולם המציאות, פון דער קאָנקרעטער און גרויזאַמער וואָכעדיקייט, און אַריינטרעטן אין דעם עולם־האצילות, און דעם הימלשן חלל פון אַבסטראַקציע, דאַרף ער אין אַ יידישן יום־טוב, אָדער שבת־טאָג, אַריינכאַפּן זיך אינעם היגן סיני־טעמפּל. איינער דאַרף זיך צוהערן צו די מתיקותדיקע תפילות פון חזן און קינסטלער לייב גלאַנץ און ער הייבט אָן פילן אַז ער קריכט אויף דער לייטער וואָס יעקב האָט געזען אין חלום און וועמענס שפּיץ גרייכט אין די הימלען אַריין. איינער דאַרף נישט זיין קיין גרויסער מבין אויף מוזיק, ער קען אין לעבן זיין דער גרעסטער פּראָזאַאיקער, ער דאַרף בלויז הערן לייב גלאַנצן זינגען אָדער זאָגן אַ תפילה, פילט ער ווי ער וואָלט איבערגעוואָלט געצויגן אויף יענער גייסטיגער לייטער. ער ווערט מיט איבערנאַטירלעכע כוחות געשלעפּט אין יענעם היכל הקודש, וואו עס הערט זיך דער געפליטער פון מלאכים־פליגל. מען דאַרף הערן לייב גלאַנצס אַ „הלל" און מען דערפילט גלייך אַז די שירה מיט די געזאַנגען פון די מלאכים מישן זיך אויס און ווערן גלייך רעקאָרדירט אין דעם הימלשן היכל השירה. צום ווייניקסטן האָב איך אַזוי געפילט ווען איך האָב דעם לעצטן פּסח באַזוכט דעם טעמפּל סיני.

אין דער צייט ווען לייב גלאַנץ האָט אין די יזכור־תפילות גע־מאַכט אָן אל מלא רחמים האָבן זיינע האַרצרייסנדיקע און דאָך מתיקות־דיקע טענער מיך פאַרטראָגן אין דער וואַרשעווער געטאָ, וואו די יידי־שע העלדן האָבן געקעמפּט ווי לייבן און האָבן אַלע ביז איינעם אויס־געהויכט זייערע נשמות על קידוש השם.

גלאַנץ האָט מיט זיין האַרציקער נשמה־אויסגיסונג מיטגעריסן דעם עולם און האָט זיי געפונען אויף אַ טרויער־טורנע אויף אַלע קברים, וועלכע געפינען זיך אַרום אַלע שלאַכטפעלדער, אַלע קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן, אַלע קרעמאַטאָריומס, וועלכע די היטלעריסטישע בעס־טיעס האָבן ספּעציעל אויפגעבויט מיט דער כוונה אומצוברענגען די יידן. גלאַנץ האָט מיטגעריסן אייער פאַנטאַזיע און זיינע טרויער־טענער האָבן אייך מיטגענומען אויף אַלע פראָנטן. איר זייט געווען

אין נאָרד־אַפריקע, אין איטאַליע, אין פוילן, אין רוסלאַנד, אויף די פּאַציפישע פראָנטן און איר האָט זיך באַגגעגנט מיט יענע נשמות, וואָס זיינען געשטאָרבן אין קאַמף פאַר אַ שענערער וועלט און מיט יענע אומצאָליקע מיליאָנען נשמות, וועלכע זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן אָן וועלכן עס איז ווידערשטאַנד און וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון אַ ברוטאַלן אוממענטשלעכן שונא.

ווען גלאַנץ האָט זיך געבעטן ביי גאָט, אַז ער זאָל געדענקען יענע נשמות, וועלכע זיינען דערהרגעט, געקוילעט, פאַרברענט, דערטרונקען און דערוואָרגן געוואָרן על קידוש השם, האָט ער געמוזט רירן דאָס האַרץ פון יעדן גאָטלאָזן. איינער מוז האָבן אייזערנע נערוון און אַטראָפירטע געפילן, אַז ער זאָל מיט זיינע הענט נישט אָנטאָפּן גאָט ווען גלאַנץ טענהט זיך אויס מיט אים.

ווען לייב גלאַנץ צעברעכט די געמיטער פון זיינע צוהערער מיט די טרויער־טענער פון די יזכור תפילות ווערט ער דער פאַקטאָר וואָס העלפט אָנפילן דעם לעגענדאַרן כוס של דמעות, דעם כוס פון טרערן, וועלכער שטייט אין הימל, וואָס ווען ער וועט זיך אָנפילן וועט קומען די גאולה. גלאַנץ ווערט יענער „מכשף", וועלכער עפנט פאַנאַנדער די קוואַלן פון טרערן און אין דער הייליקייט פונעם מאָמענט און אין דער ערנסטער שטילקייט דערהערן זיך די קרעכצן פון די צעבראָכענע, צעעפנטע הערצער און עס געפינט נישט קיין מענטש אין שול וואָס זאָל נישט ווישן זיינע אויגן.

* * *

איך האָב אין מיין לעבן געהערט אַ סך חזנים, אָבער אַזאַ דבקות־דיקע מתיקות, וואָס גלאַנץ גיסט אַריין אין זיינע תפילות, דוכט מיר, האָט נאָך קיין חזן נישט באַוויזן, כאָטש עס זיינען געוויס געווען און זיינען איצט דאָ גאָר גרויסע חזנים. איך דענק אַז עס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אויסער אַ חזן איז גלאַנץ אויך דער אידעאַליסט, דער וואַרעמער ייד, דער סטיליסט, דער העברייער, דער ציוניסט און סאָציאַליסט.

אין זיינע תפילות ווערן אַריינגעגאָסן דער טיפער אַריינדראַנג אין פירוש־המילות, די גערעכטע שטרעבונגען פאַר אַ תיקון עולם במלכות

שדי, דער גאַנצער ייד וואָס איז באַוואוסטזיניק און ווייסט פאַרוואָס ער ליידט, און דאָס איז די געטלעכקייט ווי זי האָט זיך אויסגע־שטאַלטעט ביי דעם יידישן פאָלק פון די אחד ושמו אחד, אַ געטלעכ־קייט אָן פסולת, אַ מאָנאָטעאיזם, וואָס פאַרלאַנגט פון דעם מענטשן געדערכטן איינשטעלן; און צו דעם אַלעמען איז זיין געשליפענער סטיל, וועלכער פילט זיך נישט נאָר אין זיין זינגען, נאָר אויך אין זיין שרייבן און ריידן.

עס איז אמת אַז לייב גלאַנץ האָט גענומען אַ סך זאַכן וואָס אַנדערע חזנים האָבן איבערגעלאָזט. מער פון אַלץ איז דאָס דער יידישער נוסח, וואָס שטאַמט אָפּ פון דער טראַפּאַלער מוזיק. גלאַנץ אָבער האָט גלאַט אַזוי נישט איבערגענומען דעם יידישן נוסח און איז פאַרבליבן אַ נאָכמאַכער, אַ נאָכזאָגער. ער שאַפט אַליין, חזרט נישט איבער ווי אַן אויטאָמאַט. גלאַנץ איז געבענטשט מיט טאַלאַנט, מיט אייגענעם שטייגער, און אויב ער מאַכט אימעצן נאָך, מאַכט ער זיך אַליין נאָך, ווייל אין גאָר אַ סך נוסחאות איז ער אָריגינעל. ער ווייסט וואָס ער זינגט און ער ווייסט וואָס ער זאָגט. ער האָט אייגענעם סטיל און קען אַנטאַפּן אַלע נואַנסן אין דער מוזיק, צי דאָס איז פון אַלטן יידישן נוסח, אָדער פון אַ מאָדערנעם איינשטעל. ער פּאַסט עס צו צו זיינע תפילות און איז ווי ביי זיך אין דערהיים. אויב ער האָט עפּעס געירשנט, פאַרטאַכלעוועט ער נישט די ירושה, ווי די מערסטע יורשים טוען עס. ער באַרייכערט די ירושה, ער גיט צו און שאַפט נייע אַריעס, נייע מעלאָדיעס. ער בלייבט נישט שטיין ביי אַלטע ירושות. ער אַקערט און פאַרזייט נייע פעלדער, ער מאַכט זיי וואַקסן און שניידט די פּרוכט דערפון.

לייב גלאַנץ איז אָריגינעל. ער שאַפט מוזיק אין אמת־יידישן סטיל פאַר ביאַליקס און טשערניכאָווסקיס שירים. ער איז אין דער־היים אויף דער שול־בימה און אויף דער קאָנצערט־בינע. איך בין איינ־שטימיק מיט מאָריס מייער פון דער לאָנדאָנער „די צייט", וואו ער האָט געזאָגט וועגן גלאַנצן דאָס פאָלגנדע:

„אַן אָריגינעלער חזן און זינגער, דאָס איז די אַמבעסטן צוגע־פּאַסטע באַצייכענונג פאַר לייב גלאַנץ. ער טוט עס אַזוי אויסגעצייכנט און כאָטש עס דוכט זיך אַז איר הערט זיך צו צו פאַרעלטערט געזאַנג,

קומט עס אָבער אַרויס ניי, אַזוי מאַגיש און, איך וואָלט זאָגאַר גע־זאָגט, אַזוי לעגענדאַריש.״

דאָס שטימט איין מיט דעם וואָס איך האָב געזאָגט פון אָנפאַנג. גלאַנץ נעמט אייך מיט אין די הימלען און מיט זיין באַצויבערט זינגען שטויסט ער אייך אויף דער לעגענדאַרישער לייטער, וועלכע גרייכט צו דעם היכל השירה, וואו עס הערט זיך דער געפליטער פון מלאכים־פליגל. זיין סטיל, זיין לירישע טענאָר־שטימע, וואָס איז ווייך און בויגזאַם, זיין יידיש וויסן, גיסן זיך צוזאַמען אין איין האַרמאָנישער גאַנצקייט און זיי ברענגען אַרויס אַ פּערפעקטע תפילה.

# איבער שרייבער און ביכער

(טרויער־אויסדרוק — אָפּשאַצונג פון אַ וויכטיקן ספר
אין אבלות נאָך אַ וועגווייזער. — ספר ארשת שפתינו,
פון הרב יעקב משה פעלדמאַן, לאָס אַנדזשעלעס,
קאַליפ., תש״ב.

מיט אַ געבראָכן געמיט האָב איך געלייענט די נייעס אין „טאָג״, אַז שמואל ראָזענפעלד איז געשטאָרבן. מסתמא איז דער גרויסער נפטר, שמואל ראָזענפעלד, געווען אַזוי פּאַר פיל אַ וועג־אויסטרעטער און לערער אין דער יידישער פּובליציסטיק, און אַלס אַזעלכער האָט עס טאַקע געשטימט און איז אין דער יידישער פּובליציסטישער וועלט פאַררעכנט געוואָרן, אַלס דער ארי שבחבורה. פאַר מיר אַליין איז ש. ראָזענפעלדס מוסטער פון שרייבן, זיין טיפקייט פון אַנאַליז און שאַר־פער פאָלעמישער טאָן, געווען אַן אמתע אינספּיראַציע. ווען איך בין נאָך געווען גאָר יונג און האָב אָנגעהויבן לייענען די יידישע, העברע־אישע, רוסיש־יידישע אויסגאַבען אין רוסלאַנר, האָבן ש. ראָזענפעלדס אַרטיקלען, אָפּשאַצונגען און פעליעטאָנען מיך אינספּירירט מיט זייער קלאָרקייט, לאָגישקייט און שאַרפקייט. און פון מיין יוגנט אָן איז ביי מיר געוואָרן אַ געוואוינהייט צו לייענען ש. ראָזענפעלדס אַרטיקלען צום סאַמע ערשטן, האָבן זיי געמעגט דערשיינען אין אַ טאָג־צייטונג,

וואָכנבלאַט אָדער חודש־זשורנאַל, צי עס איז געווען יידיש אָדער העברעאיש.

עפּעס האָט זיין שרייבן מיך געצויגן ווי אַ מאַגנעט, כאָטש צייטנ־ווייז האָב איך מיט אים נישט אין אַלע פּרטים געקענט איינשטימען. און האָבן זיך צייטנווייז אונדזערע וועגן צעטיילט האָב איך דאָך רעס־פּעקטירט זיין פּערזאָן, זיין ערנסטקייט, זיין ערלעכע באַציאונג און דעם מוסטער פון זיין שרייבן.

איך האָב ש. ראָזענפעלדן אָנגעהויבן לייענען אין „המליץ", אין „יוד", ווען ער פלעגט אַזוי געלונגען שרייבן זיינע אָפּשאַצונגען איבער די גאָר ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן און זיין פּובליציסטישער טאַ־לאַנט האָט דערגרייכט די סאַמע העכסטע שפּיצן ווען ער איז געווען איינער פון די הויפּט־רעדאַקטאָרן פון פּעטערבורגער „פריינד".

זינט ער האָט זיך געפונען אין אַמעריקע און איז געוואָרן אַ שטענ־דיקער מיטאַרבעטער אין „טאָג" האָב איך קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו לייענען זיינעם אַן אַרטיקל. ווען איינער וויל נעמען אַ מוסטער פון סטיל און טיפן אַריינדראַנג אין אַ היסטאָריש־ביאָגראַפישער טעמע איז גענוג צו לייענען זיינע מאָנאָגראַפיעס איבער די וויכטיקע יידישע היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן.

ש. ראָזענפעלד, וואָס איז לעצטנס געשטאָרבן אין עלטער פון 74 יאָר, איז כמעט זיין גאַנץ לעבן געשטאַנען אין איינער פון די רייכסטע מאָדערנע יידישע עפּאָכן. אויסער וואָס די עפּאָכע איז געווען אַ העכסט קולטור־שאַפנדע איז זי אויך געווען געבענטשט מיט מאָמענטן פון יידישן אויפלעבן, פון יידישן אויפוואַכן, פון חיבת ציון, פונעם פּאָ־ליטישן ציוניזם, פון יידישן אַריינדראַנג און אויפבוי אין ארץ־ישראל, איז די עפּאָכע אָבער אויך געווען פון די סאַמע טרויעריקסטע אינעם יידישן לעבן און דער פאַרשטאָרבענער ש. ראָזענפעלד איז געווען אינעם סאַמע מיטן פון די אַלע געשעענישן און האָט מיט זיין פּען אַלץ באַ־רירט און אויף אַלץ זיך אָפּגערופן. אַזוי איז ער געשטאַנען ביי דעם וויגעלע פון פיל וויכטיקע פּאַסירונגען אינעם יידישן לעבן.

די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן, ביי דער דערשיינונג פון דעם וואָכנבלאַט „דער יוד", האָט ער רעדאַגירט די דייטשישע „וועלט", ביי דעם אויפשטייג פון „פריינד" אין פּעטערבורג, פון „הזמן" אין ווילנע

און פון פיל אַנדערע וויכטיקע יידישע פּאַסירונגען, סיי ליטעראַרישע און סיי פּאָליטישע. ער האָט מיט זיינע אויגן געזען יצירה, אויפקום און האָט אויך מיט זיינע אייגענע אויגן געזען יידישן חורבן, יידישן אומקום. ער האָט אין זיין לעבן פאַרגאָסן טרערן פון יידישער שמחה און טרערן פון יידישן בראָך. מיט זיין טויט איז אַוועק איינער וואָס האָט זיין לעבן באַרייכערט עטלעכע דורות און מיט זיין שרייבן האָט ער באַרייכערט טויזנטער לייענער און האָט מדריך געווען אַ סך תלמידים, און איך בין איינער פון זיי. מיט אַ געבויגענעם קאָפּ שטיי איך פאַר זיין קבר און זאָג: זאָל זיין אָנדענק געבענטשט זיין!

* * *

לאָס אַנדזשעלעס איז נישט גלאַט אַ פּראָווינץ־שטאָט, ווי די שטאָט אונדזערע ווערט איצט אויסגעשטאַלטעט, איז עס אַ כרך־גדול, וואו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַן אמתער קיבוץ גלויות און צווישן דער גרויסער יידישער באַפעלקערונג האָבן זיך אויך באַזעצט אַ סך טאַלאַנטפולע מענטשן אויף יעדן געביט. זיינען דאָ וויכטיקע יידישע שריפטשטעלער, יידן מיט אַ סך וויסן, יידן מיט גאָר הויכער ערודיציע און טאַקע גאָר אויסשטייענדע תלמידי חכמים. איינער פון זיי, וואָס איז כמעט דאָ אַ „נחבא אל הכלים״, אַ געלערטער, וואָס האַלט זיך עניוותדיק, איז הרב יעקב משה פעלדמאַן, דער מחבר פונעם ספר „ארשת שפתינו״.

ווען מען פאַרטיפט זיך אין דעם ספר „ארשת שפתינו״, וועלכער איז טאַקע דערשינען ביי אונדז אין שטאָט מיט אַ צוויי יאָר צוריק, זעט מען ערשט איין וואָס פאַר אַ בקי דער מחבר איז. אויב עס קען אויף אימעצן אָנגעווענדעט ווערן דער תלמודישער אויסדרוק „צנא דמלי ספרי״, אַ קאָרב וואָס איז פול מיט ספרים, קען עס געזאָגט ווערן אויף הרב יעקב משה פעלדמאַן. דער ספר „ארשת שפתינו״ איז אַ קאָנקאָרדאַנצע, אַ צוזאַמענשטעל פון גאַנצע און שטיקלעך פסוקים פון תנ״ך, וועלכע געפינען זיך אין די יידישע ריטואַלן, צוזאַמענגעשטעלט לויטן סדר פון אלף־בית.

דער ספר נעמט אויך אַריין אין זיך נישט נאָר פון די תפילות פון אַ גאַנץ יאָר, נאָר אויך די פסוקים פון פרקי אבות און אויך מאמרי חז״ל. אויך דינט דער ספר „ארשת שפתינו״ אַלס אינטערפּרעטיווע

אַנטאָלאָגיע און ווערטערבוך פון ביבלישע אַפּאָריזמען און אידיאָמען.

אום צו געבן אַ באַגריף דעם לייענער וואָס דער ספר איז וועל איך נעמען דעם מחברס אייגענע ווערטער פון זיין אַריינפיר, און נאָך דעם ווי איך האָב געשטודירט דעם ספר קען איך צוגעבן אַז דער מחבר איז נישט מגזם ווען ער זאָגט:

„און איצטער קען געזאָגט ווערן אַז דאָס ווערק איז איינציק אין דעם מין, סיי פון דעם כאַראַקטער פון גרויסן מאַטעריאַל וואָס איז אַריין אינעם ספר, וועלכער איז מסוגל צו דינען אַלס ליטעראַרישער אוצר און אויסטייטשער צוזאַמען, און פון שטאַנדפונקט פון קאָרעקטן צוזאַמענשטעל איז עס אַ קאָנקאָרדאַנצע און אַ לעקסיקאָן וואָס האָט צו זיך נישט קיין גלייכן; צוליב דעם וואָס עס איז נישט צוזאַמענגעשטעלט פון איינצל־ווערטער און געגנשטאַנדן, נאָר אויף פּסוקים, אַפּאָריזמען, צוזאַמענגענומענע אויסדרוקן, וואָס זיינען אַנטנומען געוואָרן פון די פאַרשיידענע צווייגן פון די הייליקע שריפטן. אַלץ וואָס האָט זיך איינגעבירגערט אין דער ליטורגיע און מיט דער גערעדטער פאָלקס־שפּראַך וואָס האָט צו טאָן מיט די ענינים. און אַזוי ווי איך בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט פון אַ ספּעציעלן אויסקוקס־פּונקט, איז פאַרשטענדלעך אַז איך האָב געדאַרפט צוגעבן יעדע זאַך וואָס איז דורך מיין אויספּרואוו־מאָס וואָס פריערדיקע „זאַמלער" האָבן זיך נאָך מיט דעם נישט באַנוצט. איך בין געצוואונגען געווען צו גיין אויף אַ נישט־אויסגעטראָטענעם וועג אום צו זאַמלען אויף אַ ריכטיקן שטייגער און פּאַסיקן אופן. צו עקזאַמענירן און פאַרגלייכן, אויסבעסערן און פאַר־טייטשן, ביז עס איז מיר געלונגען אויסצואוועבן אַ קאָנקאָרדאַנצע, אַ לעקסיקאָן, אַן אַנטאָלאָגיע און אַ שליסל אין איין געוועב און פון אַ נייער גאַטונג."

ווי אויבן געזאָגט, איז דער מחבר זייער באַשיידן אין זיין אַריינ־פיר. אין אמתן איז עס אַ קאָנקאָרדאַנץ וואָס איז אויספירלעך אויפן העכסטן אופן. עס נעמט אַרום די תפילות פון אַ גאַנץ יאָר, די הגדה לפּסח, פּרקי אבות, זמירות, סליחות און קינות, אויך אַלע פּאָפּולערע ביבלישע שפּריכווערטער און אידיאָמען אין דער פאָרמע פון אַ לעק־סיקאָן. אויסער דעם איז אין דעם ספר „ארשת שפתינו" (דער אויס־דרוק פון אונדזערע ליפּן) אַריין אַ גאָר גרויסער אויסוואַל ציטאַטן פון

תלמוד, תרגום, מדרש און זוהר, מיט אויפקלערונגען, אויסטייטשונגען און באַלייכטונגען פון דעם מחבר צוזאַמען מיט קוואַר־רעפערענצן אויף דער גאַנצער לענג פון ווערק פון „אלף" ביז „תיו".

אין אונדזער גרויסן קולטורעלן אוצר געפינען זיך אַן אַנצאָל פון ווערטער וואָס האָבן אַן אַנדער באַדייטונג. מיט די פאַרגלייכונגען, אויסטייטשונגען און אויפקלערונגען פון דעם מחבר ווערן אַ סך שטעלן קלאָר און פאַרשטענדלעך. עס געפינען זיך אויך אינעם ספר „ארשת שפתינו" אַ סך גראַמאַטיקאַלישע אַנאַליזן און פאַרגלייכונגען. אַזוי ווערן אַ סך שטעלן אויפגעקלערט סיי גראַמאַטיקאַליש און סיי לי־טעראַריש.

דער ערשטער טייל פון דער זייער וויכטיקער קאָנקאָרדאַנצע ענט־האַלטן אין זיך אויסדרוקן, פסוקים און האַלבע פסוקים פון א׳ ביז ה׳ און עס ענטהאַלט אין זיך 336 זייטן אויסער די גאַנץ גרויסע עסייען פונעם העברעאישן מבוא און פון דעם ענגלישן אַריינפיר „דהי היברו ליטורדזשי" איר פּלאַץ אין דעם לעבן און ליטעראַטור פון יידישן פאָלק.

ווען דער פּלאַץ וואָלט נישט געווען באַשרענקט וואָלט כדאי גע־ווען צו ברענגען מוסטערן פון דעם ווערק. צום ביישפּיל: דאָס וואָרט „ברוך" ווערט אין דעם ספר אָנגעגעבן אַן ערך 23 מאָל, ווי אַשטייגער: „ברוך אל עליון" אין שבתדיקע זמירות, „ברוך אתה בבואך וברוך אתה בצאתך" אין „ויתן לך", וואָס מען זאָגט שבת־צו־נאַכט און עס געפינט זיך אין דברים כ״ה, מ׳ א.אַז.וו.

דער מחבר שטעלט גלאַט נישט אָפּ אויף די פּסוקים און שברי פּסוקים. ער רעדט אַרום יעדע שטעלע באַזונדער אויף אַ לענגערן אופן, ער ברענגט תלמודישע ציטאַטן, שטעלן פון מדרש און אויך וויפיל מאָל עס געפינט זיך אין תנ״ך און אויף וואָס פאַר אַן אופן עס ווערט דאָרטן געזאָגט מיט פאַרטייטשונגען און דערקלערונגען. אַזוי אַרומ־ריידנדיק דאָס וואָרט ברוך, מיט די אַלע מראה מקומות, נוצלעכע צי־טאַטן, אויפקלערונגען און פאַרגלייכונגען, פאַרנעמט עס איבער זיבן גרויסע זייטן. דער וואָס פאַרשטייט די שוואַרצע פּינטעלעך ווערט באַרייכערט מיט דער שפע פון פּסוקים, אָנווייזונגען און באַמערקונגען פון דער רייכער שפע וואָס נעמט אַרום דעם איין אויסדרוק „ברוך". דאָס איז דאָך בלויז איין פּראַקציע פון דעם אות „בית".

## י. ש. נאומאָוו

ווען מען שטודירט דורך די קאָנקאָרדאַנצע פון הרב י. מ. פעלדמאַן קען מען ערשט דאַן קריגן אַ באַגריף פון זיין גרויס חריפות און בקיאות, פון זיין שטאַרקן זכרון, פון זיינע גרינטלעכע דערקלערונגען און פון זיין געדולד צו זאַמלען אַזאַ גרויסן אוצר.

דער רב זעט אויס צו זיין אַ גרויסער מתמיד, וועלכער זיצט על התורה ועבודה. און דאָ מיין איך טאַקע „עבודה" ממש. אמתע אַנגעשטרענגטע אַרבעט. פיל התמדה, פיל געדולד און פיל אָנשטרענגונג פאָדערט אויפצושטעלן אַ ווערק פון אַזויפיל קוואַלן, פיל ספרים דאַרף אַ מענטש דורכשטודירן אום צו שאַפן אַזאַ רייכע קאָמפּילאַציע ! דער רב האָט עס און ער אַרבעט בהתמדה אויך אויף די ווייטערע בענדער.

און דאָ טאַקע וואָלט זייער וויכטיק געווען אַז די היגע שטאָט, די היגע יידישע שטאָט וואָלט נישט פאַרזען אַזאַ מענטשן, וועלכער איז ווייט פון צו זיין אַן עושר. די היגע קהילה האָט אים געדאַרפט סובסידירן און העלפן אים אַרויסגעבן די ווייטערע בענדער. די היגע שטאָט דאַרף שטאָלץ זיין וואָס אַזאַ וויכטיק ווערק ווערט דאָ געשאַפן. אויסער וואָס די קהילה אַליין האָט זיך געדאַרפט פאַראינטערעסירן, געפינען זיך דאָ גענוג רייכע יידן וועלכע זיינען אוהבי הספר און מיט אַרויסהעלפן צו שטאַנד ברענגען אַזאַ וויכטיקע אויסגאַבע האָבן זיי זיך ביי זייער לעבן געקענט אויפשטעלן אַ וויכטיקן מאָנומענט. פון אַזאַ ספר קען אַ מחבר נישט רייך ווערן. דער ספר איז וויכטיק פאַר סטודענטן פון דער העברעאישער שפּראַך, פאַר שרייבער, פאַר רבנים, דרשנים און מטיפים און פאַר יידן יודע ספר. אַזאַ ספר קען נישט זיין אַ „בעסט סעלער". דער ספר דאַרף זיך אָבער געפינען אין יעדער וויכטיקער ביבליאָטעק. דאָס בוך איז שיין געדרוקט, אויף גוט פּאַפּיר, גאָר פיינער איינבאַנד און צוזאַמענגעשטעלט פון אַ געניטער האַנט.

# רבנו משה בן מיימון (רמב״ם)

## (צו זיין 800טן געבוירנטאָג)

אינעם לויף פון דער יידישער געשיכטע האָט ניט איינמאָל גע־טראָפן, אַז ליכט מיט פינצטערניש זאָלן זיך מישן צוזאַמען. אינעם עלפטן און צוועלפטן יאָרהונדערט האָבן די יידן איבערגעלעבט טרויע־ריקע טעג: געצוואונגענער שמד, קרייצצוגן, פאַלשע משיחים, בלוט־בלבולים און אַנדערע ליידן, וועלכע נאָר אַ מאַרטירער־פאָלק, ווי דאָס יידישע, האָט געקענט איבערלעבן. אין יענע פורעניותדיקע טעג, אין יענער פינצטערער כמאַרע האָבן אויפגעלויכטן ליכטיקע שטערן אין דער יידיש־גייסטיקער וועלט. אין עלפטן יאָרהונדערט איז אַנשטאַנען יענע גאָלדענע עפּאָכע, וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט אַזעלכע גייסטער ווי רב יהודה הלוי, אבן־עזרא און די אַלע גרויסע דיכטער און לומדים פון יענער צייט.

אינעם צוועלפטן יאָרהונדערט, אינעם יאָר 1135, דעם 30טן מערץ, ערב פסח, י״ד ניסן תצ״ח, איז געבוירן געוואָרן משה בן מיימון, באַוואוסט אַלס דער רמב״ם. דער רמב״ם איז געבוירן געוואָרן אין דער שפּאַנישער שטאָט קאָרדאָווא. נאָך זיין בליענדיקער יוגנט האָט דער רמב״ם אַרויסגעצייגט גרויס פעאיקייט, ווען נאָך גאָר יונג האָט ער גע־לערנט תלמוד פון זיין פאָטער דעם רב און דיין, וועלכער איז אַליין געווען אַ גרויסער למדן און וועלכער האָט געציילט זיין יחוס פון רב יהודה הנשיא. ווען דער רמב״ם איז אַלט געווען דרייצן יאָר איז די שטאָט קאָרדאָווא אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די אַלמאָהאַדן, אַ פאַ־נאַטיש־מאַכמעדאַנישע סעקטע, וועלכע האָט דעם איסלאַם מיט פייער און שווערד אַרויפגעצוואונגען אויף די אַנדערש גלויביקע. פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין קאָרדאָווא איז קיין אַנדער אויסוועג ניט געבליבן ווי איינס פון די צוויי: גלות אָדער שמד.

## י. ש. נאומאָוו

די פאַמיליע מיימון האָט געגעבן דעם יתרון צום גלות און פאַר גאַנצע צוועלף יאָר האָבן זיי געפירט אַ נאָמאַדן־לעבן, אַ לעבן פון וואָגלונג, אין שפּאַניע. אין 1160 האָבן זיי זיך באַזעצט אין פעץ. אָבער דאָס וואָס זיי האָבן אויסגעמיטן אין קאָרדאָווא האָט זיך זיי ניט איינ־געגעבן אין פעץ, צום ווייניקסטן אין דער עפנטלעכקייט האָבן זיי גע־מוזט פאָזירן אַלס מאַכמעדאַנער און גלויבער פון איסלאַם. דער רמב״ם האָט ניט איבערגעהאַקט זיין לערנען אין אַלע זיינע וואָגלונגען. אויסער תלמוד האָט אויך געלערנט פילאָזאָפיע און אַנדערע למודים. צוליב דער גרויסער רעפּוטאַציע און פּאָפּולאַריטעט פון רב משה בן מיימון וועלכע איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג, איז דער דאָפּלטער לעבן, פון ייִד אין הויז און מאַכמעדאַנער אין גאַס, געוואָרן סכנותדיק. מען האָט גענומען נאָכפאָרשן זיין רעליגיע. עס האָט זיך אָפּגעזוכט אַ מסור, וועלכער האָט אים פאַרמסורט, אַז ער האָט זיך אָפּגעקערט פון איסלאַם. דער רמב״ם וואָלט זיכער באַצאָלט מיטן לעבן, ווי עס האָט פּאַסירט מיט זיין פריינט יהודה אבן־שושן, ווען ניט זיין אַראַבישער פריינט. דער טעאָלאָג און דיכטער אבול ערק אבן־מייאישה. דער אינצידענט האָט געצוואונגען דער פאַמיליע מיימון צו פאַרלאָזן פעץ, און אין 1165 האָט זיי אַ שיף אָפּגעפירט נאָך עכי און פון דאָרט האָבן זיי אויסגע־וואַנדערט קיין ירושלים און נאָכדעם האָבן זיי זיך באַזעצט אין קאַירא, מצרים.

שווער איז געווען פאַר דער פאַמיליע מיימון זיך איינצואָרדענען אין קאַירא. אַ קורצע צייט נאָך זייער איינוואַנדערונג אין מצרים איז דעם רמב״ם אַוועקגעשטאָרבן זיין פאָטער. דער רמב״ם מיט זיין ברודער דוד האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דעם דימענטן־מסחר. זיין ברודער דוד איז אומגעקומען אויף אַ ים־נסיעה און מיט אים האָט אויך געזונקען זייער פאַרמעגן אין צוגאָב צו גרויסע פאַרמעגנס, וועלכע סוחרים האָבן זיין ברודער אָנגעטרויט.

רב משה בן מיימון, וועלכער האָט ניט געוואָלט מאַכן פון זיין תורה אַ גראָבאייזן צום גראָבן און וועלכער האָט זיך אָפּגעהיט אויס־צונוצן זיין לומדות צוליב פרנסה, האָט זיך גענומען צו מעדיצין, און דאָ האָבן אים זיין טיפער וויסן און אויסערגעוויינלעכע פעאיקייט דער־הויבן צו אַ גאָר גרויסער מדרגה אין דער מעדיצינישער וועלט און זיין

## געזאַמלטע שריפטן

שם אַלס גרויסער מעדיצינער איז באַלד מפורסם געוואָרן נאָענט און ווייט. זיין אויטאָריטעט אויף דעם מעדיצינישן געביט האָט געגומען גילטן ווייט און ברייט. ער איז געוואָרן פּריוואַט-דאָקטער צו סאַלאַדינס וויזיר, וועלכער האָט אים רעקאָמענדירט צו דער קעניגלעכער פאַמיליע. און איז פון סולטאַן באַשאַנקען געוואָרן מיט פיל אויסצייכענונגען. אינעם ערשטן סטאַדיום פון זיין מעדיצינישער פּראַקטיק האָט דער רמב״ם זיך אָפּגעגעבן מיט דייעטעטיקס. איידער ער פלעגט איינעם פאַרשרייבן אַ מעדיצין פלעגט ער דעם חולה רעגולירן זיין דיעטע. שרייבנדיק אין אַ בריוו צו זיין תלמיד יוסף אבן-עקנין, איבער מעדי־צינישע פראַגן, זאָגט ער צווישן אַנדערש: „דו ווייסט דאָך ווי שווער די פּראָפעסיע איז פאַר אַ מענטש, וועלכער איז געוויסנהאַפט און עקזאַקט און זאָגט בלויז דאָס, וואָס ער קען מיט אַרגומענטן און אויטאָריטעט באַשטעטיקן".

זיין פּראָפעסיע האָט ביי אים אַוועקגערויבט זיין צייט ניט נאָר בייטאָג, נאָר אויך די אָוונטן, ווען ער פלעגט באַהאַנדלען זיינע פּריי־וואַטע פּאַציענטן, וואָס פלעגן קומען אין גרויסע צאָלן: יידן, מאַכמע־דאַנער און מענטשן פון אַלע שטאַנדן. דער רמב״ם האָט דאָך געפונען צייט זיך אָפּצוגעבן מיט פילאָזאָפיע, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, אַנאַ־טאָמיע און פאַרשיידענע אַנדערע וויסנשאַפטן. אַ דאַנק דעם רמב״מס גאונישער פעאיקייט, ניט אַכטנדיק אויף זיין באַשרענקטער צייט, איז אים געלונגען איבערצולאָזן מאָנומענטאַלע ווערק און ענטפערן אויף הונדערטער אָנפראַגן, וואָס פלעגן קומען צו אים פון דער גאָרער וועלט, אויסער זיינע פליכטן אַלס מנהיג פון דער קאַירער קהילה, וואו ער איז געוואָרן דער ראש־הקהל (נגיד) אין 1175.

* * *

ווען דער רמב״ם איז אַלט געווען 23 יאָר האָט ער אָנגעהויבן, אין אַראַביש, אַ פירוש אויף דער משנה און ער האָט עס פאַרענדיקט אינעם עלטער פון 33 יאָר. זיין נאָמען האָט פאַרקלונגען די יידישע וועלט ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין ספר „משנה תורה", אָדער „יד החזקה", אויף וועלכן ער האָט געאַרבעט איבער צען יאָר. אינעם „יד החזקה" האָט ער דעם גאַנצן געשטעל פון תלמוד איבערגעבויט לויט אַ נייעם מוסטער־פּלאַן. ער האָט לויט אַ געוויסן סדר צוזאַמענגעקליבן אַלע

דינים און הלכות, אַלע טראַקטאַטן, וועלכע זיינען אָן אַן אָרדענונג צעוואָרפן אין די פאַרשיידענע מסכתות פון דער גמרא. ער האָט אַריינ־געדרונגען אין די טיפענישן פון דער הלכה, וואו ער האָט געקליבן און געלייטערט אַלע דינים און יסודות פונעם תלמוד בבלי, ירושלמי, תוספתא, ספרא, ספרי, מכילתא, מדרשים און פאַרשיידענע גאונישע חבורים זינט דער צייט פון דעם אָפּשלוס פון תלמוד ביז דער תקופה פון זיין רבין, רב יוסף הלוי מיגאַש.

דער רמב״ם האָט באַנוצט אַן אויסערגעוויינלעך קלאָרע און ריינע העברעאישע שפּראַך, וועלכע קען פאַרגליכן ווערן צו דער משנה. דער „יד החזקה״ איז גלייך פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט. אין יענער צייט האָט די פילאָזאָפיע זיך אַריינגעגראָבן אין די יסודות פון דער רעליגיע און האָט דורכגעריסן גרויסע לעכער אין אירע פעס־טונגען. רב יהודה הלוי, וועלכער איז געווען אַ שונא פונעם העלעניזם, פלעגט זיך אויסדריקן: „ווערט ניט מיטגעריסן פון דער גריכישער חכמה, ווייל ס׳טראָגט מער ניט ווי בליטן און קיין פּרוכט״. דער רמב״ם אָבער האָט געהאַט אַן אַנדער מיינונג. ער האָט זיך מיט אַן אויסערגעוויינלעכער אַמביציע אַריינגעטיפט אין דער פילאָזאָפיע און אויפגעוויזן, אַז צווישן רעליגיע און דער פילאָזאָפיע זיינען ניטאָ קיין סתירות. דורך זיינע אָפּהאַנדלונגען האָט ער אַריינגעבראַכט אַ נייע אַרכיטעקטור אינעם בנין פון טעאיזם, באַשיינט און באַפּוצט מיט פרעסקאָס פון דער פילאָזאָפיע.

און ניט ווייניק שונאים האָט זיך דער רמב״ם געשאַפן צווישן די גאָר פרומע, און ביז היינטיקן טאָג נאָך קענען אים די פאַנאַטיקער ניט פאַרגעבן פאַרן צונויפפּאָרן תורה מיט פילאָזאָפיע.

אינעם יאָר 1190 האָט דער רמב״ם אַרויסגעגעבן זיין באַרימט ספר „מורה נבוכים״ — דער וועגווייזער פון די בלאָנדזשער — אין דער אַראַבישער שפּראַך. אינעם „מורה נבוכים״ האָט ער זיך באַנוצט מיט דער פילאָזאָפיע פון אַריסטאָטל. ער האָט אויפגעוויזן, אַז די ריינע יידישע אמונה איז ניט סותר אַריסטאָטלס שיטה. א ינעם „וועגווייזער פון די בלאָנדזשער״ ברענגט דער רמב״ם אויס, אַז דער מענטש קען זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ מלאך דורך גוטע מעשים און שיינע מידות.

## געזאַמלטע שריפטן

דער „מורה נבוכים" איז שפּעטער איבערזעצט געוואָרן אין העב־רעאיש פון רב שמואל אבן־תבון. נאָך דעם איז דערשינען נאָך אַ העברעאישע איבערזעצונג פון רב יהודה אלחריזי.

אינעם דרייצענטן יאָרהונדערט איז דער „מורה נבוכים" איבער־זעצט געוואָרן אין לאַטיין. אין פיל אוניווערסיטעטן ווערט נאָך איצט, אינעם קוריקולום פון פילאָזאָפיע, געלייענט אַ קורס פון מיימאָנידעס.

זיין וועג פון דענקען איז קלאָר, זיין צוגאַנג צו זאַכן איז קרעפטיק און לאָגיש, זיינע אַנאַליטישע פעאיקייטן אומפאַרגלייכלעך, זיין אַרגו־מענטאַציע איבערצייגנד. דער רמב״ם האָט געהאַלטן פון שלמה המלכס ווערטער: „קויף דעם אמת, פאַר קיין געלט אָבער פאַרקויף אים ניט". ער האָט אויך געזאָגט: „האָב ליב אַריסטאָטעלן, האָב ליב פּלאַטאָן, דעם אמת אָבער האָב ליבער פאַר אַלץ".

די עטיק איז ביי דעם רמב״ם געשטאַנען העכער פון אַלץ. ווי שוין געזאָגט, די ריינע אויפפירונג פונעם מענטשן, די מידות טובות שטעלן אַוועק דעם מענטשן אויף אַ גאָר הויכער מדרגה. ווי אַ ריכט־שנור ציט זיך דורך די עטיק דורך אַלע זיינע שריפטן. דורך קלאָרע דורכטראַכטונ־גען אַרבעט ער אויס זיינע דרייצן עיקרים, זיינע „אני מאמינס", וואָס יעדער פרומער ייד זאָגט אַרויס יעדן טאָג.

שווער איז געווען דעם רמב״ם צו באַגרייפן ווי מענטשן קענען מאַכן געלט פון זייער וויסן און אַז אימעצער זאָל אויסנוצן זיין רבנות צוליב געצאָלט. גרויסע מענטשן האָבן אַלעמאָל ניט קיין פאַרגינער. משה רבינו, אין זיין צייט, האָט אויך געהאַט אויף זיך קריגער און מורמלער. דער רמב״ם האָט נאָך צו היינטיקן טאָג שונאים צווישן די פאַנאַטיקער, וועלכע אַנטלויפן פון וויסן ווי אַ שד פון ווייַרעך. ביי דעם גאַנצן פאָלק אָבער גייט אַרום דער אויסדרוק אַז: „ממשה ועד משה לא קם כמשה". „פון משה רבינו ביז משה בן מיימון האָט קיינער ניט דערגרייכט צו זייער הייך".

דער רמב״ם האָט געלעבט אַ גייסטרייך און שטורעמדיק לעבן. ער איז געווען אַ הייסער ייד. דאָס יידיש טרויעריק לעבן פון זיין צייט איז געווען אין זיינע נאָענטסטע אינטערעסן. ניט נאָר האָט ער אַליין געלעבט אַ גייסטיק רייך לעבן, נאָר ער האָט אויך איבערגעלאָזט מאָנו־

מענטאַלע ווערק, וועלכע וועלן באַרייכערן דאָס מענשליכע לעבן עד סוף כל הדורות.

מיד און צעבראָכן איז דער רמב״ם געשטאָרבן דעם צוואַנציקסטן טבת, 1204.

ניט אַלע מענטשן זיינען זוכה אַז אין 800 יאָר אַרום זאָל זייער געבוירנטאָג געפייערט ווערן איבער דער גאָרער וועלט. מען גרייט זיך איצט אַרויסגעבן אַ זאַמלשריפט איבער דעם רמב״ם אויף פיל שפּראַכן. אין קאָרדאָווא שטייט נאָך דאָס הויז, וואו דער רמב״ם איז געבוירן געוואָרן, אויף דער גאַס פונעם רמב״מס נאָמען.

אַ גאַנצע וועלט גייט פייערן דעם געבוירנטאָג פון גרויסן מענטשז. אַ גרויסן יידן, אַ גרויסן מעדיצינער, אַסטראָנאָם און פילאָזאָף.

ווערט אונדזער שטאָט אָוועקשטיין? וואו איז אַהינגעקומען די „מיימאָנידעס געזעלשאַפט״ פון אונדזערע היגע יידישע דאָקטוירים? אפשר וואָלטן זיי געוואָרן די איניציאַטאָרס.

## צו שיין

(וועגן דזשאָדזש בענדזשאַמין קאַרדאָזא)

הלואי זאָל עס זיין אַ ליגן, מענטשן וואָס האָבן באַאָבאַכט די האַנדלונגען פון פּרעזידענט הואווער קענען זיך ניט משער זיין, אַז דער רעאַקציאָנערער פון די רעפּובליקאַנער זאָל מיטאַמאָל אָנטאָן אַן אַנדער פעל און בייטן זיין שטעלונג וואָס אָנבאַלאַנגט די דערהויבונג פון אַ פּאַסנדן ליבעראַלן ריכטער, וואָס זאָל פאַרנעמען דעם נאָר־וואָס אָפּ־געליידיקטן שטול פון דזשאָדזש האָלמס אינעם סופרים קאָורט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער נאָמען וואָס וואַרפט זיך מער אין די אויגן אין דער פּרעסע פון לאַנד איז דזשאָדזש בענדזאַשמין קאַרדאָזא. פון די אַלע אַספּיראַנטן פאַרן אַמט איז ער דער פּאַסיקסטער. ווער איז אָבער דזשאָדזש קאַר־דאָזא? ווער איז דער מאַן וואָס האָט די זכיה, אַז אַזוי פיל זאָל וועגן אים געזאָגט ווערן?

# געזאַמלטע שריפטן

אַ צייטלעכן ענטפער אויף דעם קען מען געפינען אין דעם „פאָרום״־מאַגאַזין פון יאַנואַר.

אין דעם דערמאָנטן מאַגאַזין איז דאָ אַן אַרטיקל געשריבן פון דזשאָזעף פּערסיוואַל פּאָללאַרד. דער אַרטיקל הייסט „פילאָזאָף פון געזעץ״, און ווי עס זעט אויס איז דער אַרטיקל געשריבן געוואָרן נאָך איידער דזשאָדזש האָלמס האָט רעזיגנירט פון סופרים קאָורט. דער דערמאָנטער אַרטיקל איז געשריבן מיט ליבע און אַ סך קענטעניש פון דעם ענין.

דער שרייבער זאָגט: „צו אַ סך מענטשן קומט עס אויס זייער מאָדנע, אַז דער מאַן וואָס פון אַלעמען אָנערקענט אַלס דער בעסטער יוריסט אין לאַנד, נאָך דזשאָדזש האָלמס, זאָל ניט זיצן אויף דער באַנק פון דעם יונייטעד סטייטס סופרים קאָורט״. אָבער דזשאָדזש בענדזאַמין קאַרדאָזאָ אַליין וועט גאָר אַזוי ניט דענקען. זיין עניוות איז ניט צע־טיילבאַר מיט זיין חכמה פון געזעץ און פילאָזאָפישער שטאַרקייט. אַדרעסירנדיק אַ לאָיערס באַנקעט מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך דזשאָדזש קאַרדאָזאָ אויסגעדריקט: „איך בין אין דער בחינה פון טשאַרלס פּרענסיס אַדאַמס, וועו ער האָט צופרידן אָפּגעזיפצט, איבער־קוקנדיק די יאָרן פון זיין פאַרגאַנגענהייט, און האָט ניט אויסגעפונען, אַז ער זאָל ווען עס איז האָבן געמאַכט אַן אייזל פון זיך אַליין. דאָס זעלבע קען איך ווענגן זיך אַליין זאָגן, אין מיינע יובעלירנדיקע זמרות צום סוף פון יעדן דינונגס־יאָר״.

בענדזשאַמין נייטן קאַרדאָזאָ, איז דער הויפּט־ריכטער פון דעם ניו־יאָרק קאָורט אָף אַפּילס. דזשאָדזש קאַרדאָזאָ באַזיצט און איבט אויס אַזאַ מאַכט אין פאַרגלייך צו אַ ריכטער פון סופרים קאָורט פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן. קאָמערציע און קאָרפּאָראַציע פּראָבלעמען פון מי־ליאָנען־דאָלאַרדיקע אונטערנעמונגען, וואָס קומען פאַר אינעם גרעסטן פינאַנציעלן צענטער פון דער וועלט, ווערן אָפּגעמשפּט, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אינעם העכסטן געריכט פון ניו־יאָרק, ווייל זיי קענען ניט אויפגענומען ווערן אין וואַשינגטאָן, אויסער ווען אין דעם משפּט איז פאַרוויקלט אַ פעדעראַלע פראַגע.

מ״ר פאַללאַרד זאָגט: „דער אויסגאַנג פון דעם אורטייל בנוגע די גרויסע געשעפט־פאַרבינדונגען אין ניו־יאָרק שפּיגלט זיך אָפּ אויף דעם

גאַנצן לאַנד, אָבער די טערמינאַציע פון דעם ניו־יאָרק געריכט בנוגע מענטשלעכע רעכט האָט אַ פיל שטאַרקערע ווירקונג, ניט ווייל עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ניו־יאָרק, נאָר בלויז אינעם צוטרוי וואָס ס׳הערשט איבעראַל בנוגע דעם ניו־יאָרקער העכסטן ריכטער און זיינע מענטשלעכע אַנטשיידונגען. דזשאָדזש קאַרדאָזא איז ניט, ניט קיין איינ־שטימער, ווי די דזשאַדזשעס האָלמס און בראַנדייס פונעם סופרים קאָורט. דער קאָורט אוו אַפּילס, אונטער זיין פירערשאַפט, איז פיל ליבעראַלער ווי דער סופרים קאָורט״.

עס פאַרשטייט זיך, אַז צוליב מאַנגל אין פּלאַץ קען מען דעם גאַנצן פונעם אַרטיקל. דער שרייבער פונעם אַרטיקל זאָגט צווישן אַנדערש: די מער אינפאָרמאַטיווע פּונקטן ארן דורכלאָזן דעם אָביעקטיוון געבוי פונעם אַרטיקל. דער שרייבער פונעם אַרטיקל זאָגט צווישן אַנדערן:

„טשאַרלס עווענס היוז האָט אַמאָל געזאָגט, אַז קאַרדאָזא איז דער העכסט קוואַליפיצירטער מאַן צו פאַרנעמען דעם אויבן־אָן פונעם ניו־יאָרקער העכסטן געריכט. אַלפרעד סמיט רופט אים מיט ליבע „מיין פּריוואַטער עצה־געבער״. ניקאָלאַס מאַריי באַטלער רעכנט אים „איינער פון די הויפּט־צירונגען פונעם אַמעריקאַנער לעבן״, און הענרי הייזלעט פאַרצייכנט אים אַלס איינעם פון די צוויי ריכטער אויף זיין ליסטע פון אונדזערע ערשטע צען אינטעלעקטועלע פירערס. אָבער פעאיקייט איז ניט אַלעמאָל די ריכטיקע מאָס בנוגע די סופרים קאָורטס באַשטימונ־גען; אונדזערע פּאָליטישע אָרדענונגען מאַכן געאָגראַפיע מער וואָגיק. ווען ניו־יאָרק איז שוין צוויי מאָל פאַרטראָטן אינעם היוכן טריבונאַל און סאָציאַלע פאַראורטיילן קענען שפּילן אַ געהויבענע ראָלע ווען איין ייד איז שוין דאָרטן פאַרטראָטן״.

דזשאָדזש קאַראָדזא איז באַשטימט געוואָרן צו דעם אַמט פון העכסטן ריכטער פון ניו־יאָרק דורך גאָווערנאָר גלין, און אין 1917 איז ער דערווײלט געוואָרן סיי פון די רעפּובליקאַנער און סיי פון די דע־מאָקראַטן צו פאַרנעמען דעם אַמט אויף דעם באַשטימטן טערמין, און ער האָלט דעם אַמט ביז איצט

ריכטער קאַרדאָזא איז שוין עטלעכע און זעכציק. ער איז נאָך אַ בחור. זינט ער איז אויפגענומען געוואָרן צו דער באַר, אין זיינע פריעסטע צוואַנציקער, נאָך דעם ווי ער האָט גראַדואירט פון קאָלומביא

אוניווערסיטעט, האָט ער זיך כמעט אינגאַנצן איבערגעגעבן צו אַרגו־מענטירן די שאַרפסטע געזעץ־פונקטן אין דעם אַפּעלייט קאָורט, וואו עס איז נייטיק אַ היוכער אינטעלעקט, אַזוי אַרום אַרויסרופנדיק זיין לעבן אין אַ ריינער אינטעלעקטועלער ריכטונג.

קאַרדאָזא לייגט געוויכט אויף דער לייזונג פונעם מוחס פּראָבלע־מען אָן אינערלעכער חן, וואָס הייבט אַרויס פון דער שמאָלער אַקאַ־דעמישער וויזיע. געבוירן פון אַן אויסדערוויילטער אַמעריקאַניש־יידי־שער פאַמיליע, וועמענס עלטערן, ווי ספּינאָזאָס, זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פּאָרטוגאַל דורך דער אינקוויזיציע, שטעלט ער מיט זיך פאָר די העכסט־בעסטע כאַראַקטעריסטיקס פון זיין פאָלק. פונקט ווי ספּי־נאָזאַ, גלייבט ער, אַז דאָס גליק ליגט אין דעם זוכן פון וויסן און אין דער פרייד פון פאַרשטאַנד. דער קאַלטער אינטעלעקט אַליין אָבער איז ניט גענוג. עס דאַרף אויך זיין קאָליר און וואַרעמער געפיל אין יעדן צוטריט אינעם שטודיום פון דער מענטשלעכער נאַטור. מיסטיציזם, אַזוי גוט ווי לאָגיק, אידעאַליזם, אַזוי גוט ווי רעאַליזם, גייסטיקייט און אָפּשאַצונג פון שיינקייט, זיינען די אינגרעדיענטן וואָס שטעלן צוזאַמען אַ גוט לעבן.

די אויבן־דערמאָנטע קוואַליטעטן זעען זיך אַרויס פון קאַרדאָזאָס ביכער איבער דער פילאָזאָפיע פון געזעץ („די ניטשור און דזשודי־שיאַל פּראָסעס“, 1921 ; „די גראָוטה און די לאָו“, 1924 ; „די פּאַ־ראַדאָקסעס און ליגאַל סייענס“, 1928), כאָטש קאַרדאָזא איבט אויס אַ שטאַרקן איינפלוס אויף זיינע קאָלעגן אינעם קאָורט און אַפּילס, קומט אים דאָך פיל מאָל אויס צו זיין אַ „דיסענטער“, אַ ניט־איינשטימער. אַזוי האָט קאַרדאָזא ניט איינגעשטימט צו אַ ניט־יושרדיקן געזעץ, ווען עס האָט זיך לעצטנס געהאַנדלט מכוח אַ געוויסן גרויסן מאָרטגעדזש. אַ געוויסער מאָרטגעדזשיר האָט געהאַט אַ מאָרטגעדזש אויף 300,000 דאָלאַר אויף אַ געוויסער פּראָפּערטי אין ניו־יאָרק. דער מאַן וואָס האָט געהאַט די פּראָפּערטי האָט געהייסן זיין בוכהאַלטער אַריינשיקן די אינטערעסט. דער בוכהאַלטער האָט געמאַכט אַ טעות און האָט אַריינ־געשיקט אַ קלענערע סומע. דער מאָרטגעדזש־האַלטער האָט לאַנג ניט געוואַרט און האָט על פּי דין געמאַכט אַ פאָרקלאָזשור. און כאָטש דער מאָרטגעדזשאָר האָט באַלד צוגעשיקט דאָס איבעריקע געלט האָט ער

דאָך פאַרלוירן זיין „קייס״. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז קאַרדאָזא האָט ניט איינגעשטימט און ער האָט באַמערקט: אין דעם פאַל איז די האַרטקייט פון געזעץ אַזוי שטעכנד, די אומבאַהאָלפנקייט אַזוי בולט אומצווייפל־באַר, די אונטערדריקונג אַזוי אָנזעענד, אַז מען זאָל רעכטפערטיקן דעם שטייענדן געזעץ כדי גערעכטיקייט זאָל דורכגעפירט ווערן״. דזשאָדזש קאַרדאָזא האָט אויך ניט איינגעשטימט אין דער גיטלאָוו־קייס און אין פיל אַנדערע קייסעס, ווען עס האַנדלט זיך אַז די מענטש־לעכע זייט און דער יושרדיקער געפיל זאָל קריגן אייבערהאַנט איבערן האַרטן געזעץ. קאַרדאָזא האָט אויך אַ ברייטן קוק אויף דעם „וואָרק־מענס קאמפענסיישאָן אַקט״. אויף יעדן געביט נעמט ער אַ ליבעראַלע שטעלונג. מ״ר פאַללאַרד זאָגט: „אין די פאַרפלאָנטערטע פאַמיליען־פּראָבלעמען קען דזשאָדזש קאַרדאָזא אויסקוקן ניט מאָדערן. מערסטנ־טייל וועט ער זיין גענייגט אויף דער פרויס זייט, ווען עס האַנדלט זיך אום אַלימאָני.

עס איז דאָ אַ סך פרויען־פאַרערונג אינעם גוטן, אַלטן בחור, אַ זייער פרומער, וואָס אַנבאַלאַנגט די היים מיט אירע אינסטיטוציעס, אַ סענטימענטאַליטעט, וואָס איז אַזוי אויסגעשפּראָכן אין מענער פון דער יידישער ראַסע״.

וועלן די אַלע מעלות ווירקן אויף אונדזער פּרעזידענט? ווער ווייס, דער חתן איז צו שיין.

## האַרץ - פייערן וואָס לעשן זיך ניט

דעם 15טן פעברואַר איז געוואָרן פופציק יאָר זינט הערצל האָט אָנגעשריבן זיין „יודענשטאַט״, און דער נאָמען פון דעם ווערק האָט אויפגעבלאָזן פאַרטייעטע פייערן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין יידישע הערצער זינט זיי זיינען אַוועק אין גלות.

אין אמתן, דער ציוניזם איז ניט קיין מאָדערנע באַוועגונג. ער איז אַזוי אַלט ווי אַברהם אָבינו. עס זיינען געווען ציוניסטן אין מצרים און עס זיינען דאָרט אויך געווען אַנטי־ציוניסטן, פּונקט ווי עס זיינען

דאָ היינט. עס זיינען דאמאָלסט אויך געווען גולותיסטן, וועלכע האָבן זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון פיזישער און גייסטיקער שקלאַפעריי. און זייענדיק שוין אין דער מדבר האָבן זיי געבענקט נאָך די פאַרציעס פלייש, וואָס איז זיי אַלס שקלאַפן ראַציאָנירט געוואָרן. די בענקונג נאָך אַ נייעם „יידנשטאַט" האָט באַהערשט דאָס יידישע פאָלק זינט עס האָט פאַרלוירן דעם אַלטן יידנשטאַט. און הערצל זאָגט טאַקע אין זיין הקדמה צום בוך, אַז: „דער געדאַנק, וואָס איך האָב אַנטוויקלט אין דער ביבל, איז אַ גאָר אַלטער: דאָס איז דאָס ווידערגעבורט פונעם יידישן שטאַט . . . איך וויל, אַז עס זאָל קלאָר פאַרשטאַנען ווערן פון אָנפאַנג אָן, אַז קיין טייל פון מיין אַרגומענט איז ניט באַגרינדעט אויף קיין נייער אַנטדעקונג. איך האָב ניט אַנטדעקט ניט די היסטאָרישע באַדינגונגען, אין וועלכע די יידן לעבן, און ניט די מיטלען ווי אַזוי זיי אויסצובעסערן".

דער געדאַנק פון תחית־העם און תחית־הארץ האָט געשלומערט און געדרימלט אין דעם יידישן געוויסן. עס האָט געדאַרפט קומען איינער וואָס זאָל דעם שלומערדיקן אומבאַוואוסטזיין אויפוועקן און פאַרוואַנדלען אים אין אַ פּאַקטישן באַוואוסטזיין. אויף הערצלען זיינען אָנגעפאַסט די ווערטער פון דער טראַגיש־אומגעקומענער דיכטערין חנה סענעש, וועלכע האָט, איידער זי האָט פאַרלאָזן ארץ־ישראל אַלס פאַראַשוטיסטין, אָנגעשריבן די ווערטער:

„וואויל איז דעם שוועבעלע, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן און האָט אָנגעצונדן פלאַמען; וואויל איז דעם פלאַם, וואָס האָט געפלאַקערט אין די פאַרבאָרגענישן פון הערצער; וואויל איז די הערצער, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען בכבוד . . . וואויל איז דעם שוועבעלע, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן און אָנגעצונדן פלאַמען".

הערצל איז ווי דאָס שוועבעלע, וואָס האָט אָנגעצונדן פלאַמען און האָט זיך אַליין אויסגעברענט. הערצל האָט אויפגעבלאָזן דעם פלאַם, וואָס האָט געפלאַקערט אין די פאַרבאָרגענישן פון הערצער.

פאַר מיר ליגט איצט אַ ניי בוך, וואָס די „אַפּעלטן־סענטשורי קאָמפּאַני" האָט איצט אַרויסגעגעבן, פון דעם איטאַליענישן שרייבער פרענק גערוואַסי. דאָס בוך הייסט „טו הום פאַלעסטיין?" דער שריי־

## י. ש. נאומאָוו

בער האָט געלעבט אַ לאַנגע צייט אין מיטל־מזרח און ווייסט די ציוניסטישע פראַגע פיל בעסער ווי פיל באַוואוסטע יידישע שרייבער. ער איז באַקאַנט מיט אַלע פאַזן פונעם ציוניזם, פון די אַראַבישע אַספּי־ראַציעס און די ענגלישע אימפּעריאַליסטישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק.

נאָך מיין מיינונג, האָט דאָס בוך געדאַרפט צעשיקט ווערן צו אַלע קאָנגרעסלדייט, סענאַטאָרן, דעם פּרעזידענט און אַלע שטאַט־באַאַמטע פונעם קלענסטן ביזן גרעסטן. מ״ר גערוואַסי ברענגט דאָרט אַרויס פאַקטן, וואָס ווערן אָנגערופן אין ענגליש „איי־אָפּענערס״.

געוויס, ס׳זיינען דאָ אויך פעאיקע יידן, וואָס קענען אויך אָנ־שרייבן אַזאַ בוך. די מאַטעריאַלן זיינען באַקאַנט צו יעדן אינטעליגענטן ציוניסט. די מעלה אָבער מיט גערוואַסיס בוך איז, וואָס עס איז גע-שריבן געוואָרן פון אַן ערנסטן ניט-יידן און איז געשריבן געוואָרן אין אַ שיינעם סטיל און איבערצייגנדיקער פאָרמע. אינעם קאַפּיטל „העלדן״ ציטירט אויך גערוואַסי דאָס ליד פון דער מאַרטירערין חנה סענעש.

דער ניט־ייד גערוואַסי זעט די פּלאָמען, וואָס פלאַקערן אין אַלע הערצער פונעם יידישן ישוב. עס ווייסט אַז די יידן וועלן דעם קאַמף ניט אויפגעבן. ס׳מאַכט ניט אויס וואָס די ענגלישע מאַכט איז שטאַר־קער. אין זיין קאַפּיטל וואָס רופט זיך „פּיפּל״ רעדט ער וועגן דעם יידשן בייטראָג צו דער איצטיקער מלחמה אין פאַרגלייך מיט דעם מיזעראַבלען בייטראָג פון די אַראַבער אין ארץ־ישראל. ער רעדט דאָרטן ווי ענגלאַנד האָט געהאַלטן אין אָפּיזן די אַראַבער, ווען אין לאַנד איז ניט געווען גענוג שפּייז און ראַציאָנירונג איז איינגעפירט געוואָרן, איז דאָס בלויז געווען פאַר יידן. די אַראַבער האָבן ניט גע־וואוסט פון ראַציאָנירונג, ווייל די ענגלישע אַדמיניסטראַציע האָט געזאָגט, אַז די אַראַבער וועלן ניט קענען לייענען די רעגולאַציעס.

ער רעדט וועגן דער צייט וואָס ענגלאַנד וועט זיך מוזן רעכענען, ווען די צייט פון רעכענונג וועט קומען (הווען די טאַים קאַמס פאַר איי שאָו־דאַון). ער ווייסט אַז די יידן וועלן זיך ניט לאָזן אויסקוילן ווי שעפּסן. ער זאָגט:

„אַזוי זיינען די יידישע מענטשן אין ארץ־ישראל. זיי ווייסן וואָס זיי ווילן און זיינען גוט טראַנירט. זיי האָבן אַן אורזאַך, זיי האָבן אַ

גרונט און וועלן זיך צו קיינעם ניט אונטערגעבן. זיי האָבן פיל פאַר וואָס צו לעבן און אויך פיל פאַר וואָס צו שטאַרבן״.

אינעם זעלביקן זין רעדט דער שרייבער דזשעראַלד פרענק אין זיין אַרטיקל „רעוואָלט אין דהי פּראָמיסד לענד״, אינעם „ליבערטי״ מאַגאַזין פון דעם 23טן פעברואַר.

דזשעראַלד פרענק, אַזוי גוט ווי גערוואַסי, ווייס אויך וועגן דעם יידישן פעסטן ווילן און פעסטן באַשלוס אין ארץ־ישראל. ער רעדט וועגן דער הגנה און וועגן די 800 טויזנט טראַגירטע קעמפער און די דריי טויזנט געקליבענע קאָמאַנדאָ־פירערס, וועלכע ווערן אָנגערופן „פלמח״, צוזאַמענגעשטעלט פון די ווערטער „פלוגת־מחץ״. ער ווייס אויך, אַז די יידן אין ארץ־ישראל פילן, אַז אויב נאָר יידן וועלן ניט געראַטעוועט ווערן אין ארץ־ישראל וועט זייער גאַנצער קיום דאָרטן ניט זיין זיכער און זיי וועלן קעמפן פאַר פרייער איינוואַנדערונג ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. ער זאָגט אין זיין אַרטיקל, אַז כאָטש די יידן זיינען גרייט פאַר אַ קאַמף וואָלטן זיי בעסער פאַרגעצויגן אויסצולייזן זייער צוגעזאָגט לאַנד מיט אַקער און בראָנע, אָבער אויב עס דאַרף געטאָן ווערן מיט אַקער און שווערד, דאַן וועט עס זיין דער וועג. דאָס, זאָגט ער, איז דער קאָוד פון אַ געמיינדע, וואָס פילט אַז עס איז פון יעדן איינעם פאַרראַטן געוואָרן, און האָבנדיק אומזיסט אַפּעלירט פאַר הילף, און דער איינציקער אויסוועג איז צו פאַרלאָזן זיך אויף די אייגענע כוחות.

* * *

דאָס איז דער פּלאַם וואָס הערצל האָט אויפגעבלאָזן און אונדזערע שונאים וועט עס זיך ניט איינגעבן אויסצולעשן. עס איז געווען דער הערצלסישער „יידנשטאַט״ וואָס האָט געגעבן אויסדרוק צו דער יידי־שער אויפלעבונג. געוויסע יידישע שרייבער האָבן ריכטיק באַמערקט, אַז עס איז ניט וואָס איז געזאָגט געוואָרן אינעם בוך, עס איז דער גליקלעכער נאָמען „יידנשטאַט״ וואָס האָט געווירקט. פאַר הערצלען זיינען די געדאַנקען שוין געווען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון משה העסס אין זיין „רוים און ירושלים״ און אין פּינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַציע״. הערצלען איז געלונגען צוצופּאַסן דעם ריכטיקן נאָמען, און אין דעם

## י. ש. נאומאָוו

פאָל האָלט ניט אויס שעקספּירס פראַגע „וואָס איז אין אַ נאָמען?“ אַ נאָמען אין דעם פאַל האָט געהאַט אַ סך צו זאָגן.

די יידן וואָס זיינען קעגן אַ יידישער ארץ־ישראל באַנוצן זיך שטענדיק מיטן נאָמען פּאַלעסטינע אַנשטאָט ארץ־ישראל. ארץ־ישראל צינדט אָן דעם יידישן געוויסן און איז אים צו עפּעס מחייב. פּאַלעס־טינע איז אַ פאַרעווע וואָרט, וואָס לאָזט איבער מענטשן קאַלט. עס מיינט אַ וויסט לאַנד, וואו עס וואוינען שמוציקע אַראַבער. ארץ־ישראל גיט שוין אָבער ניט נאָר אַ תיקון צו די יידן דאָרטן, נאָר עס שטעלט אויך אַוועק די אַראַבער אויף אַ העכערער אַנטוויקלונגס־מדרגה. דער ארץ־ישראלדיקער אַראַבער שטייט שוין אַ סך העכער ווי דער אַראַבער פון אַן אַנדער אַראַביש לאַנד. עס איז אַ דאַנק דעם דראַנג פון די יידן צו ארץ־ישראל.

אמת הערצל האָט זיין „יידנשטאַט“ ניט דערמאָנט ארץ־ישראל, אָבער ביי דער גרעסטער מערהייט פונעם יידישן פאָלק איז קיין אַנדער פאַרבינדונג ווי „יידנשטאַט“ מיט ארץ־ישראל ניטאָ.

נאָרדאו האָט אַמאָל געזאָגט: „דאָס יידיש פאָלק האָט געהאַט אַ הערצל, אָבער הערצל האָט ניט געהאַט קיין יידיש פאָלק“. אין יענער צייט איז עס טאַקע געווען אַזוי. די מערהייט פונעם יידישן פאָלק אין יענער צייט, כאָטש זיי האָבן געהאַט אַן איינגעשלומערטע בענקשאַפט פאַר ארץ־ישראל, האָבן זיי זיך אָבער ניט דערהויבן צו אַ פאַקטועל־ענערגישן שוואונג. ווען ער לעבט אָבער איצט, און כאָטש דאָס יידיש פאָלק איז פאַרמינערט אין צאָל, וואָלט ער אָבער געזען דעם נוקלעאוס פון זיין ווערק און 95 פּראָצענט פון די אויסגעוואָרצלטע יידן שטרעבן צו קומען אינעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד.

עס איז טאַקע ניט גוט וואָס אַזאַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע האָט געטריבן דערצו. הערצל האָט אָבער ווי אַ נביא די קאַטאַסטראָפע פאַר־אויסגעזען. הערצל זאָגט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע וועגן זיין „יידנ־שטאַט“:

„איך קען זיך ניט דערמאָנען, כ׳זאָל אַמאָל האָבן נאָך עפּעס גע־שריבן אין אַזאַ געהויבענער שטימונג, ווי דאָס דערמאָנט בוך. היינע זאָגט, אַז ביים רייבן פון געוויסע פערזן פלעגט ער הערן דעם גערויש פון אָדלער־פליגלען איבער זיין קאָפּ. ווען איך האָב געשריבן מיין בוך,

האָב איך געגלויבט אַז איך הער עפּעס אַ מין גערויש איבער מיין קאָפּ.״

עס זיינען געווען יענע אָדלער־פליגלען וואָס האָבן געשוועבט איבער זיין קאָפּ, וואָס האָבן אים אַליין באַפליגלט און ער ווידער האָט באַפליגלט די פאַנטאַזיע פון פאָלק. דאָס פאָלק האָט געקראָגן דעם ווילן און ס׳איז געוואָרן אויס לעגענדע.

* * *

אין ארץ־ישראל האָבן מיר אַ פאָלק וואָס איז באַפליגלט מיט אָדלער־פליגלען און מיט גרויסן שוואונג. אַ פאָלק וואָס קעמפט פאַר אַן אידעאַל וואָס הייסט „יידנשטאַט״ און עס איז ניט קיין נייע זאַך, עס איז די פאַרזעצונג פון דעם אַלטן „יידנשטאַט״. מיר האָבן אין ארץ־ישראל מענטשן מיט אַ ווילן געשמידט פון שטאָל, מיט הערצער פון קיזלשטיין; מיר האָבן אין ארץ־ישראל אַ דור פון גרויסער וויזיע, באַהויכטן פון מאַקאַבייער־גייסט. זיי זיינען גרייט פאַר אונדז צו לעבן און אויך צו שטאַרבן און ווען נייטיק וועלן זיי עס טאָן, און ווי פרענק געררוואָסי זאָגט: זיי האָבן אויך פאַר וואָס צו שטאַרבן.

זיי זיינען גרייט פאַר קאַמף, זייערע אויגן קוקן אָבער אַרויס צו אונדז און זיי פרעגן מיט ערנסט: וואָס טוט איר? וואָס קענען מיר זיי זאָגן — מיר ווייסן דאָך אַלע אַז מיר טוען ניט גענוג. מיר קענען שטיין מיט פאַרשעמטע פּנימער און אַרונטערגעלאָזענע אויגן און זאָגן מיט ווייטאָג: לנו בושת הפּנים! מיר זיינען פאַרשעמט! מעגן מיר זיך דערלויבן אַזוי צו ענטפערן, קענען מיר עס טאָן? געוויס ניט! עס גייט איצט אָן דער הסתדרות־קאַמפּיין דאָ אין שטאָט און עס זיינען דאָ גענוג יידן וואָס האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט און ניט געטאָן זייער חוב. צו יענע יידן וויל איך זאָגן: יידן, לייענט די ווערק פון ניט־יידן וועגן ארץ־ישראל און זאָלן זיי אייך אָנצינדן מיט זייער פלאַם. דער ישוב קעמפט פאַר לעבן און טויט און איר מוזט אים העלפן.

* * *

זאָל דער ציוניזם ווערן דער שבת פון אונדזערע אַלעמענס נשמות און לאָמיר געבן דעם „יידנשטאַט״ אַ תיקון פון אַ שבתדיקער נשמה, פון אַ שטאַט אַ יושרדיקן און גערעכטן.

י. ש. נאומאָוו

# דער נס פון אייביקע פייערן

## (לכבוד ד״ר וויצמאַן אין פאַרבינדונג מיט דער נאַציאָנאַל־פאָנד־פייערונג)

ווען מען וואָלט מיך געפרעגט וואו עס מאַניפעסטירט זיך אַ גרע־סערער נס, צי אין פיזישן פייער פון אַ קריגלביימל, וואָס האָט בלויז געקענט ברענען איין טאָג און ער האָט געברענט אַכט טעג, אָדער אינעם אינערלעכן גייסטיקן פייער, וואָס ברענט אין דער יידישער בענקעניש און ברענט זיך קיינמאָל ניט אויס? וואָלט איך געזאָגט, אַז דער אמתער נס ליגט אין דעם אומזעבאַרן גייסטיקן פייער, וואָס ברענט אינעם יידישן וועזן און ווערט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן.

זיכער איז דאָ אַ גאָר נאָענטע קרובהשאַפט צווישן די פיזישע פייערן פון חנוכה־ליכט מיט די גייסטיקע אומזעבאַרע פייערן פון יידישע שטרעבונגען. געוויס איז יענער סימבאָל פון דעם קריגל ביימל דער אָנרעגנדיקער פאַקטאָר, וואָס צינדט אָן און האַלט אויף דעם פלאַ־קער פון די גייסטיקע פלאַמען וואָס האָבן דערוואַרעמט און באַלויכטן אונדזערע שווערע טעג. דער פאַקט אָבער איז, אַז דער אמתער נס מאַניפעסטירט זיך אין דעם, וואָס ניט אַכטנדיק אויף די גרויזאַמע שטורעמס און די שטאַרקע ווינטן, וואָס האָבן אונדז באַגלייט אויף דעם לאַנגן גלות־וועג, האָבן זיי ניט געקענט אויסלעשן אונדזערע אינערלעכע פונקען פון האָפענונג אויף בעסערע און ליכטיקערע צייטן. די ווינטן פון דער צייט האָבן אויסגעלאָשן די פייערן פון די גרויסע פעלקער, גרויסע „זונען" זיינען אָפּגעקילט געוואָרן און מיר זיינען געווען עדות אויף זייער אָפּקלאַנג און אונטערגאַנג.

עלף יאָר איז אַנטיוכוס עפּיפאַנעס געווען דער קעניג פון סיריען און עס האָט זיך ניט איין מאָל אויסגעדוכט אַז פונעם יידישן פאָלק וועט קיין זכר ניט בלייבן. ניט אַלע יידן זיינען געווען שטאַרק גענוג בייצו־שטיין דעם נסיון פון אַנטיוכוסעס שווערע שטראָפן, זייער פייער האָט זיך גענומען אָפּקילן און עס האָט אויסגעזען אַז עס וועט קומען אַ סוף

# געזאַמלטע שריפטן

צו דעם יידישן ווידערשטאַנד. ס׳האָבן זיך אָבער געפונען דאָ און דאָרטן קליינע גרופּעס יידן, וואָס זייער אינערלעכער יידישער פייער האָט זיך ניט געלאָזט אויסלעשן, און אין דעם פאַרוואָרפן דערפל פון מודיעין האָט זיך עס מאַניפעסטירט און דער אינערלעכער אונטערדריקטער פייער האָט זיך העל צעפלאַקערט און האָט געזיגט קעגן די שונאים, און ניט אומזיסט דערציילט אונדז די לעגענדע, אַז עס איז נאָך ערגעץ געווען פאַרבליבן אַ קליין קריגלביימל, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט און געברענט אַכט טעג.

עס איז דער סימבאָל פון יענעם אינערלעכן פייער, וואָס האָט געברענט אין די הערצער פון די מאַקאַבייער און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פלאַקער, וואָס האַלט נאָך אָן ביז דעם היינטיקן טאָג. ווען מיר צינדן אָן די פיזישע פייערן פון וואַקסענע חנוכה־ליכטלעך באַשטעטיקן מיר דעם נס פון דעם אינערלעכן גייסטיקן פייער, וואָס וואַרעמט אונדזער נשמה.

חיים נחמן ביאַליק האָט זייער גוט אויסגעדריקט דעם געדאַנק פון באַהאַלטענע פייערן, ווען ער האָט אָנגעשריבן זיין שיר „למתנדבים בעם״, „צו די וואָס באַשטייערן זיך פאַרן פאָלק״. אין דעם לעצטן פערז פון זיין ליד, וואו ער הייסט אָפּדעקן און אַנטפּלעקן דאָס ליכט, און כאָטש בערג פון נאַכט האָבן אונדז באַדעקט, זאָגט ער דאָרטן, האָבן זיך די פונקען ניט פאַרלאָשן. פון די נאַכטיקע בערג, זאָגט ער, ווועלן מיר נאָך אויסהאַקן אַ פלאַם און פון די שפּאַלטן פון שטיינער — אומצאָליקע ליכטיקייטן, אויף דער ערד פון פאָלק און אין דער אינעווייניקייט פון זיין נשמה — ברענט נאָך און עס פינקלט זיין שכינה.

ער פאַרענדיקט דאָס ליד מיט די ווערטער:

נחשפה־נא שכבות, האורים הרבים!
הוי בני המכבים!
תעמידו את עמכם, הקימו הדור!
חשפו אור, חשפו אור!

אין יידיש מיינט עס: „לאָמיר אָפּדעקן די שיכטן פון די פיל

## י. ש. נאומאָוו

ליכטער! הוי, איר קינדער פון די מכבים; שטעלט אויף אייער פאָלק, שטעלט אויף אַ דור! אַנטפּלעקט ליכט, אַנטפּלעקט ליכט!"

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך די קינדער פון די מאַקאַבייער אויפ־געכאַפּט און האָבן די פונקען פון דערוואַכונג אויפגעבלאָזן. זיי האָבן אין די נאַכטיקע בערג אָפּגעדעקט דאָס באַהאַלטענע ליכט און עס האָט אויפגעלויכטן אין טויזנטער הערצער און פון די שפּאַלטן פון די שטיי־נער האָבן זיי אויסגעהאַקט אַ פלאַם, וועלכער פאַרבינדט זיך מיט יענע ליכט־פלאַמען פונעם נס־חנוכה.

די טעג ווערט איבער דער גאַנצער וועלט געפייערט דער זיבעציק־יאָריקער געבוירנטאָג פון ד"ר חיים ווייצמאַן, וואָס פאַר די לעצטע פופציק יאָר האָט ער זיך ניט איינגעמאַטערט אַרונטערצוקייקלען די נאַכט־בערג און אַנטפּלעקן ליכטיקייטן, וואָס באַגיסן דאָס גאַנצע יידי־שע פאָלק מיט שטראַלן פון גאולה, און דאָס איז אונדזער ד"ר חיים ווייצמאַן, דער חיים ווייצמאַן, וואָס אַזוי פיל מענטשן האָבן אין אים אַנטדעקט דעם אמתן פירער, דעם אמתן יידישן דיפּלאָמאַט, דעם יידישן וויסנשאַפטסמאַן, אין וועמען ס'האָבן זיך פאַרקערפּערט וויסנשאַפט און פּראַקטישע חכמה.

שרייבט וועגן ווייצמאַנען די רעדאַקטאָרין פון "דהי ניישאַן", וועלכע איז אַגב אַ קריסטין, פרידאַ קירטשוועי: "חיים ווייצמאַן איז דער אָנפירער פון אַ באַוועגונג, וואָס איז פאַרוואָרצלט אין די טיפסטע נויטן פון אַ פאָלק און וואָס אירע פרינציפּן דאַרפן געשטיצט ווערן דורך אַלע פרייהייט־ליבנדיקע מענטשן פון אַלע גלויבנס. און אַלס פירער האָט חיים ווייצמאַן דערגרייכט צו אַזאַ הויכער מדרגה, אַז ער האָט גיך געוואונען די אָנערקענונג פון די מאַסן און יחידים. מיליאָנען מענטשן דענקען אַזוי וועגן ד"ר ווייצמאַנען ווי איך".

צו דער געלעגנהייט פון ד"ר ווייצמאַנס 70־יעריקן געבוירנטאָג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ בוך, אין וועלכן עס נעמען אָנטייל 29 פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי באַרימטע שרייבער, וויסנ־שאַפטסלייט און דיפּלאָמאַטן. יעדער איינער פון זיי האָט אין ווייצ־מאַנען אַנטדעקט דעם יידן, דעם מענטשן, דעם פירער און דעם דינער, אין וועמען עס איז פאַרקערפּערט דער גייסט פון די מאַקאַבייער. אין

ארץ־ישראל האָבן זיי ד״ר ווייצמאַנס געבוירנטאָג פאַרוואַנדלט אין איינער פון די שענסטע נאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציעס. אין ארץ־ישראל ווערט איצט אויך פּלאַנירט אויפצובויען אין ווייצמאַנס כבוד אַ גרויסן אינסטיטוט פון וויסנשאַפט, וועלכער וועט זיך אויפבויען אין רחובות, וואָס איז אַגב די היים פון ד״ר ווייצמאַן. אין דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט, פאַר וועלכן די פּלענער זיינען אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן פון קאָמי־טעט אין ארץ־ישראל און ניו־יאָרק, וועט זיין יענער זאַמלפּלאַץ פאַר אַלע וויסנשאַפטסלייט, וועלכע היטלער האָט געצוואונגען צו פאַרלאָזן אייראָפּע און האָבן געפונען זייער היים אין ארץ־ישראל. פאַרשטייט זיך, ס'זיינען דאָ וועגן פון באַלוינונג פאַר יענעם, וועמען דאָס פאָלק וויל ערן, און זיכער דאַרפן מיר עס טאָן לכבוד ווייצמאַנען אויף פאַר־שיידענע וועגן — שאַפן וואָס מער אינסטיטוציעס אויף ווייצמאַנס נאָמען אין ארץ־ישראל. דעם גרעסטן אָפּצאָל וואָס מיר קענען געבן חיים ווייצמאַנען איז די גאולת הארץ אַליין, די אויסלייזונג פון דעם ארץ־ישראלדיקן באָדן, צו וועלכן צוועק ד״ר ווייצמאַן האָט געווידמעט זיין גאַנץ לעבן, מיט וועלכן רעיון ער לעבט און ער אָטעמט זינט ער האָט געקראָגן זיין באַוואוסטזיין.

געוויס זיינען וויסנשאַפטס־אינסטיטוטן אַ גרויסע זאַך פאַרן פאָלק. דער העברעאישער אוניווערסיטעט וועט שטענדיק דינען אַלס מאָנומענט צו ווייצמאַנס אומדערמידלעכע באַמיאונגען. אינסטיטוטן און אינסטי־טוציעס קענען אָבער בלויז זעטיקן דעם יידישן גייסטיקן הונגער, ס'וועט זעטיקן דעם יידן מיט תורה, מיט וויסן. אַ פאָלק מוז אָבער צו תורה אויך האָבן ברויט. אם אין קמח, אין תורה, אויב עס פעלט אויס ברויט און עס פעלן אויס אַלע לעבנס־נויטווענדיקייטן קענען די אינסטיטוטן און טעמפּלען פון תורה ניט עקזיסטירן. אַ פאָלק מוז האָבן אַ געזונטן קער־פּער בכדי איינצוהאַלטן אין אים אַ געזונטע נשמה.

און אָט וואָס ווייצמאַן האָט איינמאָל געזאָגט אין זיינער אַ רעדע:
„קיין שום זאַך איז ניט געווען גרייט פון פריער אין ארץ־ישראל, אַלץ האָט מען געמוזט שאַפן. מיר בויען פון דעם יסוד אָן, אויף טרוקענע און הוילע פעלזן־שטיינער. דאָס פעלד און דער גאָרטן, דאָס דאָרף און די שטאָט, דער קינדערגאָרטן און דער אוניווערסיטעט — דאָס זיינען

די פונדאַמענטן, אויף וועלכע מיר בויען אונדזער נייַ לעבן. און די פרייד פון דער דאָזיקער גרויסער שאַפונגס־אַרבעט פילט אָן אַלע איברים און חושים פון יידנטום".

ווייטער זאָגט ער: „מיר קענען אויפהאַלטן און פאַרמאָגן נאָר דאָס, וואָס מיר דערגרייכן מיט דער אַרבעט פון אונדזערע הענט. איך קען זען נאָר איין וועג, דעם וועג פון אַרבעט און מי, אויף וועלכן מיר דאַרפן גיין טאָג-איין טאָג־אויס און יעדע שעה. מיר האָבן ניט פאַר זיך קיין אַנדער מעגלעכקייט: אַ דונאַם נאָך אַ דונאַם, אַ הויז נאָך אַ הויז — דאָס איז די פּראָגראַם וואָס אונדזער דור דאַרף דורכפירן".

און יעדער בר־דעת וועט דאָך מוזן צוגעבן, אַז ווייצמאַן וואָלט געווען דער גרעסטער בעל־שמחה, ווען ער זעט אַז דאָס יידיש פאָלק האָט דערוואַכט און אַ דונאַם נאָך אַ דונאַם ווערט אויסגעלייזט, אַז אַ הויז נאָך אַ הויז ווערט אויפגעבויט. ד״ר ווייצמאַן האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: „ארץ־ישראל דאַרף זיין אַזוי יידיש ווי ענגלאַנד איז ענגליש!" ארץ־ישראל קען אָבער ניט זיין יידיש ווען דער ארץ־ישראלדיקער באָדן איז נאָך ניט אויסגעלייזט. דעם גרעסטן מאָנומענט און די גרעסטע אָפּשאַצונג, וואָס מיר קענען צוטראָגן צו ווייצמאַנען פאַר זיינע לייסטונגען צום יידישן פאָלק, איז אויסגעלייזטן באָדן אין אין ארץ־ישראל.

אַנטיוכוס עפּיפאַנוס האָט געוועלטיקט עלף יאָר און האָט געהייסן דער שיינער אַנטיוך. ער האָט אָבער געקראָגן דעם צונאָמען עפּיפאַנעס, וואָס מיינט: משוגענער. היטלער האָט אויך געוועלטיקט עלף יאָר און דער „שיינער אַדאָלף" איז אויך דער משוגענער אַדאָלף. עס איז דאָ אַ פאַרגלייך פון דער מאַקאַבייער עפּאָכע מיט דער היינטיקער, און אַזוי ווי אין יענער עפּאָכע האָט זיך מאַניפעסטירט אונדזער זיג מיט דער צערעמאָניע פון צינדן ליכטלעך — לאָמיר צו היינטיקן טאָג אויפבלאָזן יענע פלעמלעך און פאַרוואַנדלען עס אין אַ חנוכת הארץ. לאָמיר אַלס די אייניקלעך פון די מאַקאַבייער אויפדעקן דאָס ליכט אין דער פאָרמע פון גאולת הארץ און גאולת העם, די אויסלייזונג פון לאַנד און אויס־לייזונג פון פאָלק.

# אַזוי זיינען מענטשן

**אויפן קבר פון אַ קעמפער און אַ היטער. — פריינטלעכע און פיינטלעכע קריטיק. — ציוניסטן האָבן אַן עקסטרעם־אַנגעשאַרפטן חוש.**

ווי אַ דונער פון לויטערן הימל האָט אונדז געטראָפן די ידיעה, אַז איינער פון די קעמפער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַברהם רעוואוצקי, איז שוין מער ניט צווישן די לעבעדיקע, און עס רייסט זיך אויטאָמאַטיש אַרויס דער טראַדיציאָנעלער אויסדרוק: חבל על דאבדין ודלא משתכחין — ווי געשריען אויף די, וואָס גייען פאַרלוירן און ווערן ניט פאַרגעסן. אין אמתן, דער נאָר־וואָס פאַרשטאָרבענער חבר אַברהם רעוואוצקי האָט מיט זיין טעטיקייט און איבערגעבנקייט צום ציוניסטישן סאָציאַליסטישן געדאַנק איבערגעלאָזט אַזאַ רושם, וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

דער פאַרשטאָרבענער האָט געהאַט אַ קלאָר־אַנאַליטישן מוח און איז געווען איינער פון אונדזערע בעסטע פובליציסטן. מיר דוכט, אַז עס איז ניט געווען קיין אינטעליגענטער לייענער פונעם יידישן „מאָרגן זשורנאַל“, פאַר די לעצטע 22 יאָר, וואָס האָט ניט געלייענט אַברהם רעוואוצקיס אַרטיקלען איבער וואָס פאַר אַ פראַגע ער זאָל ניט האָבן געשריבן. אַברהם רעוואוצקי האָט מיט זיינע אַרטיקלען באַרייכערט דעם „אידישן קעמפער“, „די צוקונפט“ און אַלע אַנדערע יידישע, העברעאישע און ענגלישע אויסגאַבן, וואו ער האָט זיך גאַנץ אָפט באַטייליקט. מען האָט מיט רעוואוצקין ניט אַלעמאָל געדאַרפט איינשטימען אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט, מען האָט אָבער געמוזט אָנערקענען זיינע אַנאַליטישע פעאיקייטן, זיין ערנסטקייט און זיין עטישע פּערזענלעכקייט.

חבר אַברהם רעוואוצקי איז צו זיבן און פופציק יאָר געשטאָרבן פון אַ האַרצשלאַג. ער האָט נאָך געקענט לעבן און שאַפן, ער האָט אָבער געהאַט אַן אָנגעשטרענגט, רייך לעבן און די שטענדיקע זאָרגן

פאַרן גורל פון זיין פאָלק האָבן דעם ענערגישן רעוואוצקין איבער־וועלטיקט און זיין האַרץ האָט געפּלאַצט פאַר דער צייט.

דעם 13טן יאַנואַר האָט ער געהאַט אַן אַרטיקל אין „מאָרגן זשורנאַל" — „יידן קענען פאַרלירן אַ שלאַכט, אָבער ניט די מלחמה, פאַר ארץ־ישראל". ער האָט אַ לעבן געקעמפט פאַר ארץ־ישראל און ער האָט געוואוסט און געפילט, אַז מיר קענען פאַרלירן אַ שלאַכט דאָ און דאָרטן, די מלחמה פאַר ארץ־ישראל וועט אָבער אָנהאַלטן און סוף־כל־סוף וועלן מיר די מלחמה געווינען, ווייל דאָס יידיש פאָלק לעבט און וועט ווייטער לעבן. ער אָבער אַלס יחיד האָט ניט געפילט, אַז ניט נאָר וועט ער פאַרלירן די שלאַכט, נאָר ער וועט אויך פאַרלירן די מלחמה פאַרן לעבן און די קאָמעדיע וועט זיך שנעל ענדיקן.

פאַר די וואָס זיינען באַקאַנט געווען מיט זיין לעבן און טעטיקייט איז עס געווען אַ גרויסער קלאַפּ, ווייל רייך איז געווען זיין לעבן פון דער פריעסטער יוגנט. אַברהם רעוואוצקי איז געבוירן געוואָרן אין סמילע, קיעווער גובערניע, דעם 12טן פעברואַר, 1889. ער האָט נאָך גאָר אַלס יונגער בחורל געענדיקט די גימנאַזיע אין אַקערמאַן, בעסאַראַבער גובערניע. ער האָט שטודירט אינעם ווילנער פּאָליטעכניקום. אין 1911 איז ער אַריבער אינעם ווילנער אוניווערסיטעט אויף דער מאַטעמאַטישער אָפּטיילונג. אין 1916 האָט ער אין אָדעס גראַדואירט פונעם פיזיקאַליש־מאַטעמאַטישן פאַקולטעט.

אַברהם רעוואוצקי איז געוואָרן אַ פּועלי־ציון פּאַרטיי־מיטגליד אין 1905. אין דער קאָנספּיראַטיווער באַוועגונג איז ער געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען שלימאָוויטש. זינט 1913 איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער אַלוועלטלעכער פּועלי־ציון פאַרבאַנד־ביוראָ און איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן אין רוסלאַנד און די באַלקאַן־לענדער . אין דעצעמבער, 1917, איז אַברהם רעוואוצקי באַשטימט געוואָרן אַלס ערשטער געהילף אין מיניסטעריום פאַר יידישע ענינים אין אוקראַינע. אין 1919, ווען לאַצקי בערטאָלדי האָט רעזיגנירט אַלס מיניסטער פון יידישע ענינים, איז רעוואוצקי געוואָרן יידישער מינסיטער. אין יענער צייט זיינען אויפגעקומען די פּעטלוראווצעס און רעוואוצקי האָט זיין מיניסטער פּאָסטן ניט לאַנג אָנגעהאַלטן.

נאָך דעם האָט זיך א. רעוואוצקי באַזעצט אין ארץ־ישראל. אין

1921 האָט ער בייגעוואוינט דעם יפו׳ר פּאָגראָם. ער איז אַרויס קעגן דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע מיט וואָרט און שריפט, און פאַר זיי־נעם אַ בוך איבער דער ארץ־ישראל־לאַגע האָט אים די ארץ־ישראל־מאַכט אַריינגעזעצט אין תפיסה. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן ארץ־ישראל. ער האָט אָבער אָנגעפירט אַ העפטיקן קאַמף קעגן דער מאַנ־דאַטן־מאַכט, וואו ער זאָל זיך ניט האָבן געפונען, צי עס איז געווען בערלין, אָדער ניו־יאָרק. בנוגע ארץ־ישראל איז ער אַלעמאָל געווען אַ מאַקסימאַליסט. ער האָט אונדזערע פאָדערונגען קיינמאָל ניט גע־זוכט צו מינימיזירן. ער האָט, ווי שוין דערמאָנט, אַלעמאָל געגלויבט אין דעם זיג פון אונדזער ענדציל.

אַלס אַ פּעאיקער אַנאַליטיקער אָבער האָט ער ניט אַלעמאָל איינ־געשטימט מיט אַ געוויסער ליניע אָדער געוויסער מאָס פון קאַמף. ער האָט בלויז געדענקט, אַז מען דאַרף דעם קאַמף אַנדערש פירן, אָבער אים קיינמאָל ניט אויפגעבן, ווייל יידן קענען ניט פאַרלירן די מלחמה פאַר ארץ־ישראל. געוויס וועלן זיינע חברים און פאַרערער ניט אויפגעבן.

מיט געבויגענע קעפּ זאָגן מיר אַלע ביי זיין פרישן קבר: יהי זכרו ברוך! — זאָל זיין אָנדענק זיין געבענטשט!

* * *

ווען בעווין האָט אונדז שטאַרק אָנגעטראָטן און אונדזערע געמי־טער זיינען געווען אָנגעצאָרנט, און עס איז געווען די בזיון וקצף, אונ־דזערע הערצער זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט צאָרן און אונדזערע פּנימער מיט שאַנדע, האָבן זיך ביי אונדז אַרויסגעריסן שאַרפע ווערטער. דער אירגון צבאי לאומי און די שטערניסטן זיינען אויך ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. האָט רעוואוצקי, האָבנדיק אין זינען, אַז „די מלחמה פאַר ארץ־ישראל וועלן מיר ניט פאַרלירן, אַלס קאַלטער לאָגיקער אונדז געראָטן אַביסל איינצושטילן אונדזערע געמיטער.

ער האָט עס אָבער געטאָן אַלס ציוניסטישער מאַקסימאַליסט. פון דעפיטיזם האָט ער דאָך ניט געקענט טראַכטן. ווען פילע פון אונדז זיינען געווען קעגן אויפצוטרעטן פאַר דער ענגליש־אַמעריקאַנער קאָ־מיסיע. ער האָט געטראַכט, אַז די קאָמיסיע קען די לאַגע ווי זי איז איצט ניט פאַרערגערן, אַמאָל קען זי עס פאַרבעסערן. ער האָט גע־

עצהט, אַז די געמיטער זאָלן זיך אַביסל איינשטילן. ער האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן אין ניכטערקייט קעמפן פאַר אונדזערע ענדצילן.

די ציוניסטישע קעגנער, וועלכע האָבן רעוואוצקין קיינמאָל ניט ציטירט ווען עס האָט זיך זיי ניט געלוינט, האָבן אין יענעם רעוואוצקיס אַרטיקל געפונען אַ שמאַלץ־גרוב און מען האָט אים ציטירט פון פולער האַנט. אַזוי האָט געטאָן דער שטענדיקער ציון־פּרעסער צביון, און אַזוי האָט אויך געטאָן דער מילדערער ציון־קעגנער, ש. ניגער. זיי האָבן ניט ציטירט פון יענעם אַרטיקל רעוואוצקיס רייד וועגן מאַקסימאַלע ציוניסטישע ענדצילן, נאָר האָבן אין פולער מאָס איבערגעגעבן זיינע רייד, ווען ער האָט גערעדט קעגן די אויפגעשטורעמטע געמיטער. סיי ניגער און סיי צביון האָבן געטענהט, אַז מען טאָר אַזוי ניט רעדן וועגן דער אַרבעטער־רעגירונג, און ש. ניגער האָט אונדז אויך געוואָרנט ניט איינצוקריגן זיך מיט דער אַמעריקאַנער רעגירונג. דער לעצטער האָט אונדז געעצהט, אַז מיר זאָלן איינגעמען אַ שווייגעניש, ווייל מיר זיינען צו שוואַך און אַנשטאָט געווינען וועלן מיר נאָך פאַרלירן. אין אַנדערע ווערטער: ווען מען טרעט אויף אונדז יידעלעך דאַרפן מיר פאַרבאַהאַלטן דעם צונג צווישן די ציינער און איינגעמען אַ שטומעניש. דער פאַרשטאַרבענער רעוואוצקי האָט זיך געפילט געטראָפן וואָס ציוניסטישע קעגנער האָבן אים ציטירט.

אין זיין דערמאָנטן אַרטיקל, „יידן קענען פאַרלירן אַ שלאַכט, אָבער ניט די מלחמה, פאַר ארץ־ישראל", ענטפערט רעוואוצקי זיינע ציוניסטישע קריטיקער. ער זאָגט זיי, אַז מיר האָבן אַ רעכט צו פילן זיך אַנטוישט פון דער אַרבעטער־רעגירונג, נאָכדעם ווי די אַרבעטער־פאַרטיי האָט אונדז אַזוי פיל פאַרשפּראָכן. מיר טאָרן אָבער, זאָגט ער, אינגאַנצן ניט איבעררייסן מיט זיי, ווייל צייטן קענען ענדערן די אומשטענדן. ער טרעט אָבער שאַרף אַרויס קעגן די ציוניסטישע קעגנער, וועלכע האָבן באַנוצט מיט זיין אַרטיקל און האָבן אים ציטירט אין איבערפילטער מאָס כדי צו באַרעכטיקן זייערע איינשטעלונגען.

רעוואוצקי זאָגט די קריטיקער: „עד כאן. איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן די לויבזינגער. איך מיין דערמיט ב. צביון פון „פאָרווערטס" און ש. ניגער פון „טאָג", וועלכע האָבן ביי אַ פּאָר געלעגנהייטן מיר געשאָטן קאָמפּלימענטן פאַר מיין „ניכטערן" צוגאַנג צו די היינטיקע

ארץ־ישראלדיקע פּראָבלעמען. פאַר די 35 יאָר, וואָס איך שרייב וועגן די ציוניסטישע פראַגן, האָב איך שטענדיק באַקעמפט אַלע די יעניקע, וואָס זיינען גרייט צו פאַרשמעלערן אונדזערע צילן און פאָדערונגען אין ארץ־ישראל. בעיקר האָב איך שטענדיק פאַרלאַנגט אַ מער אַקטיווע פּאָליטיק ניט נאָר אין אַרויסשטעלן פאָדערונגען, נאָר אויך אין פּראַק־טישער אויפבוי־אַרבעט. כ'האָב כסדר פאַרלאַנגט גרעסערע אויפבוי־אָנשטרענגונגען, אַ גרעסערע קאָנצענטראַציע פון ציוניסטישע מיטלען אויף איין צענטראַלן ציל — קאָלאָניזאַציע. איך האָב אַפילו געפאָדערט מער דערמוטיקונג פאַרן מיטלקלאַס, וואָס מוז צוליב דער עקאָנאָמישער צוזאַמענשטעלונג פונעם יידנטום, אַלס אַ גאַנצן, פאַרנעמען אַ גרע־סער פּלאַץ און אַ גיכער קאָלאָניזאַציע פונעם לאַנד". ער רעדט דאָרטן וועגן זיין פּלאַן פאַר אַ נאַציאָנאַלער הלואה, וואָס זאָל אונדז דערלויבן אַ ברייטערע קאָנסטרוקטיווע טעטיקייט אין מיטן פון אונדזערע פּאָ־ליטישע שוועריקייטן.

ווייטער זאָגט ער: „פאַר דער גאַנצער צייט האָבן זיך די צביונס און, אין אַ קלענערער מאָס, די ניגערס פאַרנומען מיט אויסלאַכן, אָדער לכל הפחות צו קליינגעלט מאַכן די יידישע דערגרייכונגען אין ארץ־ישראל, און אַפילו איצט, ווען דער אַנטשיידנדיקער פּלאַץ, וועלכן ארץ־ישראל מוז פאַרנעמען אינעם ווידעראויפבוי פונעם מערסטנס פאַרניכ־טעטן אייראָפּעאישן יידנטום, ווערט אָנערקענט פון אַלע אומפּאַרטיי־אישע קריטלעכע באַאָבאַכטער, העלפן זיי נאָך אַלץ צו פּאַראַליזירן דעם קאָנסטרוקטיוון ווילן פונעם יידישן פאָלק . . ."

ער זאָגט, אַז ציוניזם איז אַ פרייע באַוועגונג און ציוניסטן מעגן זיך איינע די אַנדערע קריטיקירן, אָבער אַז די דאָזיקע זעלבסט־קריטיק ווערט געזאָגט פון זייערע קעגנער, אַלס אַן אַרגומענט צו שטיצן זייער קריטיק. דאָס איז זייער רעכט. קיין איין פרייע באַוועגונג קען זיך פון דעם ניט אויסהיטן. „אָבער", זאָגט ער ווייטער, „ווען די ניט־ציוניסטן מאַכן איצט באַזאָרגטע פּנימער — ניט אַלע טוען אַפילו דאָס, און רעדן וועגן דער שוידערלעכער סכנה, אין וועלכער דער יידישער ישוב שטעלט זיך אַוועק מיט דער זעלביקער ערנסטקייט ווי די אַלטע ציוניסטן, וואָס קומען אַרויס מיט דער זעלביקער וואָרענונג, כדי מען זאָל זיי נעמען ערנסט, מוזן זיי לכל הפחות אָננעמען פון איצט אָן אַ פּאָזיטיווע באַ־

ציאונג צו ארץ־ישראלס קאָנסטרוקטיווע אויפטואונגען. איך וואָלט געוואָלט האָבן זייער פולע שטיצע פון יידישער נאַציאָנאַלער אנלייע פאַר ארץ־ישראל. איך וואָלט דאַן אָנגענומען, אַן פריקרע געפילן, זייערע לויבגעזאַנגען וועגן מיין „ערנסטקייט".

* * *

דאָס אויבערשטע איז, דאַכט זיך, אַ געדעכטע טענה. אויב מען זאָרגט פאַר דעם יידישן ישוב אַזוי שטאַרק, דאַרף זיך דאָך דאָס אויס־דריקן אין קאָנקרעטע מעשים פאַר זיין קיום. אָבער ווען יידן טוען גאָר־ניט און העלפן ניט דעם ישוב און ווערן פּלוצלינג וועגן אים באַזאָרגט מיט דעם איין געדאַנק אין זינען צו באַקעמפן דעם ציוניזם, איז שוין גאָר ניט שיין צו באַנוצן זיך מיט די ווערטער פון אַ גוטן ציוניסט צו שלאָגן זיינע חברים און טאַקע אים אַליין.

ש. ניגער, וועלכער האָט אָנגערופן די ציוניסטן איזאָלאַציאָניסטן, האָט זיך געפונען געטראָפן פון רעוואוצקיס אָוועקשטעלן אים אויף איין ברעטל מיט צביונען, כאָטש אין אַ קלענערער מאָס. און אינעם „טאָג" פון 9טן פעברואַר קומט ער אַרויס מיט אַן אַרטיקל „אויפן שוועל פון טאָטאַליטאַרן דענקען". פאַרוואָס עפּעס בלויז אויפן שוועל? פאַרוואָס ניט טאָטאַליטאַרער דענקען? און ניגער איז אין כעס געוואָרן. ער דענקט, אַז ער מעג אויך קריטיקירן. ער וויל שלאָגן רעוואוצקין און ער זאָגט:

„אויב קריטיקירן, זאָגן די רעוואוצקיס — לאָזט אונדז. דאָס איז אונדזער פּריווילעגיע. דאָס איז „זעלבסט־קריטיק" — און שטאַרקט דעם קאָנסטרוקטיוון ווילן פונעם יידישן פאָלק. אָבער אייער קריטיק, מעגט איר אַפילו האָבן די זעלביקע טענות וואָס מיר האָבן — העלפט צו פּאַראַליזירן דעם קאָנסטרוקטיוון ווילן פונעם יידישן פאָלק". ש. ניגער זעט דאָ ניט איין, אַז דאָס איז טאַקע דער תירוץ — איינער קריטיקירט צוליב בויען, אַ צווייטער קריטיקירט צו פּאַראַליזירן דעם בוי.

די ציוניסטן האָבן אַן איבעריקן חוש — זיי דערשמעקן ווער עס מוסרט זיי אויס ליבע און ווער עס שטראָפט זיי אויס פיינטשאַפט, ווער אין אַ גרעסערער און ווער אין אַ קלענערער מאָס. אַזאַ מענטש ווי ש. ניגער האָט, דאַכט זיך, געדאַרפט וויסן — אַז עס ווענדט זיך

ווער עס זאָגט, ווי מען זאָגט, ווען מען זאָגט און וואָס מען זאָגט. ער האָט אויך געדאַרפט וויסן, אַז די מאָטיוון זיינען ניט אַלעמאָל ריינע און אַ בר־דעת קען עס שנעל אַנטאַפּן, און ווען מען ווענדט איין קעגן דעם דאַרף מען ניט שטיין „אויפן שוועל פון טאָטאַליטאַרן דענקען".

## יאָרצייטן און ירושות

### (צו דער געשטאַלטונג פון י. ל. פּרץ און דעם געטאָ־אויפשטאַנד)

די טעג איז געוואָרן דער דרייסיקסטער יאָרצייט זינט יצחק לייבוש פּרץ איז פּלוצלינג געשטאָרבן. פּרץ איז געשטאָרבן אין דער פּסח־וואָך פון 1915. עס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין יענער צייט האָבן יידן אויך געליטן פון גרויסע גזירות דורך דער רוסישער מיליטערישער מאַכט. פּרץ האָט דאָן דורכגעלעבט די גאַנצע גלות־ביטערקייט פונעם יידישן גורל. ער האָט שטאַרק געליטן און האָט צוזאַמענגעבראָכן.

ווען פּרץ איז געשטאָרבן איז אין דעם יידישן גרויסן וואַלד געפאַלן אַ דעמב. דער וואַלד אָבער איז געבליבן. עס איז אמת, אַז די גזירות מצד די אָנפירנדיקע מיליטער־אינסטאַנצן האָבן אינעם יידישן וואַלד געענוג שאָדן אָנגעטאָן, שטאַמען זיינען אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל, זייערע העק האָבן אומגעוואָרפן סיי אַלטע און סיי יונגע פלאַנצן; דער וואַלד אָבער אַלס אַ גאַנצער איז געבליבן. ס׳איז דאַן איבערגעגעבן געוואָרן, אַז גאַנצע 150 טויזנט יידן האָבן זיך באַטייליקט אין דער לויה פונעם גרויסן נפטר. די גאַסן זיינען אָנגעפּילט געווען מיט מענטשן. ס׳איז ניט געווען קיין איין יידישע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט זיך ניט געהאַט באַטייליקט אין דער גרויסער טרויער־פּראָצעסיע. דער גרויסער יידישער וואַלד האָט באַקלאָגט דעם גרויסן דעמב, וואָס אַ ניט־פריינטלעכער ווינט האָט אים אומגעוואָרפן. די גרויסע יידישע מאַסן האָבן דערפילט אַז זיי זיינען אבלים.

## י. ש. נאומאָוו

גרויס איז דאמאָלס געווען די יידישע שטאָט וואַרשע. ס'איז דאָרטן פול געווען מיט יידיש לעבן, און ווען דער טויט האָט אַוועקגענומען איינעם פון אירע גרעסטע האָט די גאַנצע יידישע שטאָט געוויינט. עס איז דאַן אַ יידישע שטאָט געווען און דעריבער איז געווען „בכל רחבות מספר ובכל חוצות יאמרו הוי, הוי" (עמוס ה, ט"ז). אין אַלע מערק איז געווען אַ קלאָג, אין אַלע גאַסן האָט מען געזאָגט: אַי, אַי.

ס'זיינען דאַן געווען מערק אין וואַרשע, עס זיינען געווען יידישע גאַסן און ס'האָבן ניט געפעלט די מענטשן וואָס זאָלן באַקלאָגן דעם גרויסן נפטר. ס'זיינען דאַן געווען לעבעדיקע יידן אין וואַרשע, עס איז געווען דאַן ווער עס זאָל באַוויינען די גרויסע נפטרים. דער טויט מיידט קיינעם ניט אויס, און גרויסע מענטשן, ווי קליינע, שטאַרבן, ס'בלייבט אָבער דאָס פאָלק וואָס ירשענט די גרויסקייט פון די גרויסע.

מיר דרייסיק יאָר צוריק, ווען פרץ איז געשטאָרבן, האָט זיך אים פאַרן טויט ניט געחלומט אַז אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע וועלן ניט בלייבן קיין יידן וואָס וועלן פייערן זיין יאָרצייט. פרצן האָט זיך ניט געחלומט אַז צוזאַמען מיט זיין יאָרצייט וועט אויך צוזאַמענפאַלן דער יאָרצייט פון די מאַרטירער פון דער וואַרשעווער געטאָ און אַז עס וועלן אין וואַרשע ניט בלייבן קיין באַוויינער און באַקלאָגער, וואָס זאָלן באַוויינען און באַקלאָגן דעם לעצטן יידן, וואָס איז געפאַלן אינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד. פרצן האָט זיך ניט געחלומט אַז די דייטשע וואַנדאַלן וועלן ניט נאָר ניט לאָזן קיין איין לעבעדיקן נפש אין דער גרויסער וואַרשעווער קהילה, נאָר זיי וועלן אויך ניט איבערלאָזן די שטיינער אויף דעם וואַרשעווער יידישן בית־עלמין . . .

אין וואַרשע איז ניט געבליבן קיין ייד וואָס זאָל קענען מספּיד זיין יענע גרויסע צאָל יידן, וואָס זיינען געקומען אָפּגעבן פרצן זיין לעצטן כבוד . . . עס זיינען ניט געבליבן אין וואַרשע קיין יידן, וואָס זאָלן געניסן פון דער גרויסער גייסטיקער ירושה וואָס דער גרויסער פרץ האָט זיי איבערגעלאָזט, און דער טרויער איז נאָך גרעסער און שטאַרקער וואָס אַפילו די פאַרבליבענע יידן קענען אין דעם טאָג פון יאָרצייט ניט געניסן פון זיין גייסטיקער ירושה, ווייל עס איז אויך דער גרויסער יאָרצייט נאָך אַ יידישער שטאָט וואָס איז געווען, נאָך אַ יידיש פאָלק

וואָס איז געווען ; עס איז אויך דער יאָרצייט פון דער גרעסטער איירא־פּעאישער יידישער קהילה און די הונדערטע קלענערע יידישע קהילות, וואָס האָבן פּרצן צוגעשטעלט דעם נייטיקן מאַטעריאַל פאַר זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטעס״ . . . ס׳איז אויך דער יאָרצייט פון יענע שטעט און שטעטלעך״ וואָס פּרץ האָט באַרירט אין זיינע פּעפּערדיקע פעליעטאָנען אונטערן פּסעוודאָנים „די בין״.

ס׳זיינען שוין ניטאָ מער יענע יידישע מענטשן, וואָס פּרץ האָט מיט זיין יידישער ליבשאַפט געמאָלן אין זיין „אויבּ ניט נאָך העכער״. ס׳זיינען שוין מער ניטאָ יענע יידן, וואָס פּרץ האָט אין זיי געפונען די יידישע נשמה יתירה. ס׳זיינען פאַרלענדט געוואָרן די גופים, וואָס האָבן אין זיך דערהאַלטן און געפלעגט יענע נשמות. ס׳זיינען פאַר־שוואונדן יענע נשמות, וואָס האָבן געפלעגט און געגנערט יענע גופים. די שטאָט וואַרשע, וואו פּרץ האָט געלעבט און געאָטעמט, וואו פּרץ האָט מקרב געווען און דערצויגן דורות פון יידישע שרייבער : ס׳איז שוין ניטאָ מער יענע שטאָט, וואָס האָט פאַר פיל דורות געדינט ווי אַ רעזערוואואַר פון יידישער חכמה און יידישער תורה. ס׳זיינען מער ניטאָ יענע יידישע שטעט, וואָס האָבן מיט זייער גייסטיקער באַהויכונג געבראַכט צום אויסדרוק אַלע יידישע גרויסע פּערזענלעכקייטן אין ליטע, רייסן און פּוילן. ס׳זיינען שוין מער ניטאָ יענע שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן אונדז געגעבן די יידישע גאונים, די יידישע משכילים און די גרויסע יידישע שריפטשטעלער, ווי מענדעלע, שלום־עליכם, סאָקאָלאָוו, פרישמאַן און די אַלע אַנדערע קליינע און גרויסע, און דעם גרויסן גייסטיקן ריז — י. ל. פּרץ אַליין.

אין די טעג פון פּרצס יאָרצייט באַקלאָגן מיר אויך אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, וואָס איז אומגעקומען צוליב דעם וואָס זיי האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט יענע מאָראַלע ווערטן, וואָס פּרץ ברענגט אַזוי קינסטלעריש אַרויס אין זיינע פאָלקסטימלעכע געשיכטן און וואָס לייכטן אַרויס מיט אַזאַ שטאַרק ליכט אין דעם מאָראַלישן אויסגאַנג פון זיין דערציילונג „אויבּ ניט נאָך העכער״, וואו עס דריקט זיך אויס דער תמצית פון יידישער באַהאַנדלונג פון אָרעמע אַלמנות און יתומים.

* * *

## י. ש. נאומאָוו

פרץ איז געווען אַ ניט־אויסשעפּנדיקער קוואַל. ער האָט געשריבן שירים אין העברעאיש, פּויליש, יידיש. ער האָט געשריבן דראַמען, ער האָט געשריבן דערציילונגען, ער האָט געשריבן מאמרים און האָט געשריבן פעליעטאָנען. ער האָט אפשר צעשפּליטערט זיין טאַלאַנט און ניט אויף אַלע שריפטלעכע געביטן איז ער שטאַרק געווען. ער וואַלט זיך אין דיכטונג פיליכט ניט געקענט פאַרגלייכן מיט אַ מאָריס ראָזנ־פעלד, אַ יהואש, אַ ליעסין. ער איז אָבער צוגעטראָטן צו יעדער זאַך מיט טאַלאַנט און ווי אַ מילגרוים אַנגעלאָדן מיט וויסן, סיי וועלטלעכן און סיי יידישן.

פון דעם באַרימטן טריאומוויראַט, מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ, איז פּרץ געווען דער ערשטער וואָס האָט אין זיינע שריפטן זיך ניט אָפּגעשטעלט בלויז אויף דאָס יידישע. ער האָט ניט געשטראָפט ווי מענדעלע און האָט ניט ווי שלום־עליכם גוטמוטיק אויסגעחוזקט די אָפּגעשטאַנענקייט. זיין „באָנציע שווייג" קען זיין אַ וועלט־געשטאַלט, די כתרילעווקער זיינען געווען און וועלן זיין כתרילעווקער געשטאַלטן. גלופּסקער וועלן בלייבן גלופּסקער. אַזעלכע סביבות ווי גלופּסק און כתרילעווקע קענען ניט זיין אַנדערש ווי יידיש. פּרץ אָבער האָט גע־דענקט אַז יידן זיינען אין זייער עצם־וועזן ניט אַנדערש ווי אַנדערע מענטשן.

פּרץ שרייבט אין זיין אַרטיקל „בילדונג", וואָס איז געווען דער פּראָגראַם־אַרטיקל פון זיין „די יידישע ביבליאָטעק": „מיר יידן זיינען מענטשן, ווי אַלע מענטשן! מיר האָבן מעלות און חסרונות. מיר זיינען ניט קיין גערער, נישט קיין טייוולאָנים, נאָר מענטשן. און מענטשן דאַרפן זיך בילדן, שטענדיק לערנען, מיט יעדן טאָג ווערן קלוגער, בעסער און פיינער".

ווייטער זאָגט ער: „מיר ווילן נאָר בילדן דאָס פאָלק! מיר וועלן אויפווייזן וואָס עס איז אונדזער און וואָס עס איז פרעמד; וואָס עס איז קערן און וואָס איז פּלעווען און שטרוי אויך אומלופט, וואָס האָט זיך צו אונדז געטשעפּעט אויף פאַרשיידענע גלות-בעטן! מיר ווילן נאָר ליכטיק מאַכן אין אונדזערע מוחות".

פּרץ איז ניט אַוועק פון זיין פּראָגראַם וואָס איז נאָך געשריבן

## געזאַמלטע שריפטן

געוואָרן אין 1891. פּרץ האָט געזוכט צו דערהייבן דעם יידישן מענטשן. ער האָט געזוכט אויסצוקערן מיט אַ שטאַרקן בעזים די פּלעווען און שטרוי, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין די יידישע גייסטיקע שפּייכלערס. פּרץ האָט געזוכט אויסצורייניקן די אומלופט, וואָס האָט זיך צו אונדז אָנגעשטעפּעט אויף די אַלע גלות־בעטן! פּרץ האָט געזוכט פאַרנאַנ־דערצושיידן בין קודש לחול, ער האָט אונדז געוויזן וואָס עס איז אונ־דזערס און וואָס ס׳איז פרעמד.

ער איז טאַקע געווען דער יעניקער וואָס האָט אונדז געוואָלט באַ־קענען מיט די אמתע ווערטן פון אַנדערע פעלקער. ער האָט זיך אָבער אָפּגעשיידט מיט דעם, וואָס אַנדערע משכילים און אייראָפּעאיזירטע שריפטשטעלער האָבן זיך בלויז אָפּגעשטעלט אויף דער שיינקייט פון יפתן, די „יפיפותו של יפת״, די שיינקייט פון די פרעמדע, האָט ער, אין קאָנטראַסט, געזוכט אַרויסצוטיילן די פרעמעד פון אייגענע ווערטן. און מער ווי אַלע האָט פּרץ אונדז געגעבן אייגענע ווערטן, און אין זיין צייט האָט זיך טאַקע אָנגעפאַנגען אַ נייער יידישער רענעסאַנס.

פילע וואָס האָבן אין דער יידישער אָרטאָדאָקסיע, אינעם חסידיזם געזען מער ניט ווי אָבערגלויבן און פאַרשמאַלצנקייט, האָבן דורך פּרצס שריפטן אַנטפּלעקט, אַז אונטער די גרויסע בערג פון שימל ליגן פאַר־באַהאַלטן געשליפענע דימענטן, עס ליגן דאָרטן פאַרגראָבן גאַנצע אוצרות פון יידישע ווערטן. עס איז געוואָרן אַן אמתע איבערקערעניש אין די מוחות פון אַ גאַר גרויסן טייל פון דער יידישער יוגנט. דער „אבן המאסו״, דער שטיין, וואָס זיי האָבן ביז איצט פאַרמיאוסט, איז געוואָרן דער סאַמער ווינקלשטיין פון יידישע ווערטן . . .

פּרץ האָט אין זיין ירושה אונדז איבערגעלאָזן זיין שיינע פאַנ־טאַזיע „די דריי מתנות״. מיר דוכט, ווען ער וואָלט געלעבט איצטער, וואָלט ער צוגעשריבן נאָך אַ מתנה און דאָס איז יענע יידישע פאָן, אין וועלכער עס האָט זיך איינגעוויקלט יענער לעצטער קדוש, וואָס איז געפאַלן אין דעם געטאָ־שלאַכט. ער וואָלט צוגעגעבן אַ סך מתנות, מיט וועלכע די נע־ונד־נשמות האָבן געקענט אַריין אין גן־עדן און דאָס איז— דעם לעצטן „שמע ישראל״ וואָס אַזוי פיל מאַרטירער־ליפּן האָט אַרויס־געבראַכט איידער זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות . . .

## י. ש. נאומאָוו

אויך אין יענער צייט האָט זיך דער יידישער גורל צעשפּילט און האָט אונדז געבראַכט אין אַ לאַגע פון הילפלאָזיקייט. אויך דאַן האָט דער שיקזאַל אונדז ביטער באַצאָלט. אויך דאַן זיינען געווען הילפלאָזע און נויטבאַדעפטיקע יתומים, מיט וועלכע פּרץ האָט זיך מתעסק געווען. זיין האַרץ האָט ניט אויסגעהאַלטן. אָבער יענע צייט אין פאַרגלייך מיט היינטיקער איז דאָך געווען אַ „גן־עדנדיקע". ווען פּרץ וואָלט היינט געלעבט וואָלט ער איבערגעוויינט זיין יידישע איבערזעצונג, וואָס ער האָט געמאַכט פון ביאַליקס „משא נעמירוב". ער וואָלט אויסגעיאָמערט:

„יסורים שטומע פּלאָטערן.
אַ שכינה, אַ שוואַרצע, אַ טויטע־מידע,
אַ דערשלאָגענע
רופט איבער אַלעם —
און געפינט נישט קיין רוח!
האַרץ־רייסנדיק!
וויל וויינען און קען נישט
וויל שרייען און שווייגט,
אין אייגענעם טרויער דערשטיקט —
די פליגל איבער די הרוגים פאַרשפּרייט זי
און וויינט אָן אַ קול . . .
און אויפן בית־עלמין גיי
אויף די קדושימס קברים!"

סיי ביאַליק און סיי פּרץ האָבן זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז עס וועט ניט זיין קיין בית־עלמין און עס וועלן ניט זיין קיין קדושימס קברים. ס'וועלן זיין פעלדער באַמיסטיקטע מיט דעם אַש פון די קדושים. ס'וועלן בלויז די איבעריגע יידן פון דער וועלט געדענקען אַנאָנימע יאָרצייטן אין יענער צייט וואָס מ'וועט אויך געדענקען דעם טאָג פון זיין, פּרצס, טויט . . . און אויך זיין קבר וועט זיין אָן אַנאָנימער . . .

# טויט — דער שפּיגל פון לעבן

## (קראַנצן אויף פרישע קברים)

ווען מיר שטייען ביי דעם אָפענעם קבר פון גרויסע בר־מינגס גע־פינען מיך זיך צייט צו שאַפן בילדער פון זייער פאַרגאַנגענעם לעבן. אין זייער טויט וויקלען זיך פאַנאַנדער זייערע מעשים, וועלכע שפּיג־לען אָפּ זייער לעבן. און ווען איר הייבט אָן אין אייערע געדאַנקען אָפּוועגן די גוטע זייטן פונעם מת, מאַכט ניט ווי מאָדערן איר זאָלט ניט זיין, מוזט איר אַמאָל אַריינפאַלן אין אַ דרש שטימונג. מיר האָבן ערשט צו דער קבורה געבראַכט צוויי גרויסע יידן, אויף וועמען עס קען געזאָגט ווערן אַז יעדער פון זיי איז געשטאָרבן אַ זקן ושבע ימים, אין גוטן עלטער און זאַט אין טעג.

דער ביבלישער אויסדרוק: ואם בגבורות שמונים שנה, וואָס מיינט אַז דער דורכשניטלעכער לאַנג־לעבן איז זיבעציק יאָר און ווען איינער איז אַ גבור לעבט ער ביז אַכטציק יאָר — ווילט זיך דאָ אָבער טייטשן, אַז די געהויבענע מתים האָבן ניט געלעבט זייערע אַכציק יאָר דעם לעבן פון אַ דורכשניט־מענטשן, נאָר זייער גאַנץ לעבן האָט זיך באַקרוינט און באַצירט מיט גבורות, און כאָטש זייערע וועגן זיינען ניט געווען די זעלביקע האָבן זייערע מעשים געפירט צו איין ציל און זייער ליכט האָט באַשיינט און באַלויכטן אַ געוויסן עטאַפּ אין דעם לאַנגן יידישן גלות־וועג. וועגן איינעם פון די גרויסע מתים ווילט זיך מיר דאָ אָפּשטעלן:

„איינער מוז אַמאָל קענען זיין ווילן אָננעמען דאָס אומפאַרמייד־לעכע. איך בין געקומען צום געדאַנק שוין דאַן, ווען נאָך לאַנג צוריק, אין דער צייט וואָס דו האָסט פאַרנומען דיין כסא־המשפט אין דעם סופּרים קאָורט, אַז דו ביסט אַ נייטיקער און געהויבענער טייל פונעם קאָורט . . .״ „דאָס לאַנד האָט זיך אין דיר גענייטיקט דורך די אַלע יאָרן, און איך האָף אַז דו וועסט באַגרייפן, ווי אַלע דיינע פריינט פאַרשטייען עס, ווי איינשטימיק דאָס אַמעריקאַנער פאָלק איז געווען צו דיר אין דאַנקבאַרקייט״.

## י. ש. נאומאַוו

די אויבן־ציטירטע ווערטער האָט ניט קיין אַנדערער ווי פּרעזידענט פרענקלין ד. רוזוועלט געשריבן דעם 13טן פעברואַר, 1939, צו לואיס ד. בראַנדעיס, ווען ער האָט אָנגענומען זיין רעזיגנאַציע פונעם סופּרים קאָורט.

ווען דער נאָר־וואָס פאַרשטאָרבענער מנחם מענדל אוסישקין האָט פאַר זיין טויט אַדרעסירט די רוסישע יידן אויף דער ראַדיאָ פון ירושלים, האָט ער צווישצן אַנדערן געזאָגט:

דאָס יידיש פאָלק וועט אייביק לעבן און זיין צוקונפט וועט זיין געזיכערט — איין פאָלק, איין האָפענונג, איין אידעאַל, אַ מענטש־לעכער אידעאַל".

„דאָס יידיש פאָלק וועט אייביק לעבן!" און מען מוז צוגעבן, אַז דאָס יידיש פאָלק לעבט אייביק. אַ טויט פאָלק, אָדער אַ פאָלק וואָס איז נוטה למות טראָגט אין זיך ניט באַהאַלטן קיין געזונטע קערנער, וועלכע די ווינטן פאַרטראָגן אין פרעמדע סביבות, אין פרעמדע גערט־נער, און להכעיס אַלע שוועריקייטן שפּראָצן זיי און וואַקסן אויס אין געזונטע, שיינע יידישע ביימער. אַזוי האָט געטראָפן מיט ד"ר הערצל, מיט מאַקס נאָרדאו, מיט אַ זאַנגוויל, מיט אַ בערנאַרד לאַזאַר, מיט אַ זשאַבאָטינסקי און מיט אַ לואיס ד. בראַנדעיס. האָבן דאָך די דער־מאָנטע און אַנדערע ניט דערמאָנטע גרויסע יידן זיך געהאָדעוועט און געשפּייזט אויף פרעמדע קולטורן, האָבן זיך דערצויגן אין פרעמדע סביבות, קוים האָט געלעבט אין זיי דער לעבעדיקער קערן פון אַ לע־בעדיק יידיש פאָלק האָבן זיי, ווי דורך אַ ניט־באַוואוסטער קראַפט, זיך געמוזט אַנטפּלעקן, די לאַטענטע יידישע כוחות אין זיי האָבן געמוזט נתגלה ווערן און מיט דעם אור־הגנוז, מיט דער באַהאַלטענער ליכט. וואָס איז געווען אין זיי, האָבן זיי באַלויכטן דעם פינצטערן גלות־וועג.

דער פענאָמענאָן בראַנדעיס, זיין לעבן, זיין יונגע אָפּגעפרעמדטע סביבה זיינען לעבעדיקע, פאַקטישע באַשטעטיגונגען פון אַ לעבעדיקן יידישן קערן אין פרעמדע פעלדער און די פּאָטענצן וואָס ליגן אין זיי באַהאַלטן.

לואיס דעמביץ בראַנדעיס איז געבוירן געוואָרן אין לואיסוויל־קענטאָקי, אין נאָוועמבער 1856. ער האָט שטודירט אין זיין שטאָט

און אין דרעזדען, דייטשלאַנד. ער האָט שטודירט געזעץ אינעם האַר־וואַרד אוניווערסיטעט. ער איז שנעל באַקאַנט געוואָרן דורך זיין אינ־טערעס אין עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען. ער האָט זיך באַזעצט אין ניו־ענגלאַנד און האָט דאָרט פּראַקטיצירט געזעץ. זיין ערשטע באַרימטקייט האָט ער געקראָגן ווען ער איז אויפגעטראָטן אין אַ משפּט קעגן דער מיספּאַרוואַלטונג פון אַ צדקה־אַנשטאַלט אין באָסטאָן. פון דאַן אָן הייבט ער אָן שטייגן אַלס סאָציאַלער רעפאָרמער און קאָנסערוואַטאָר פון נאַציאָנאַלע רייכטימער. ער איז געווען פון די ערשטע אַדוואָקאַטן פון ראַדיקאַלער קאָנסערוואַציע דורך דער רע־גירונג. ער האָט אונטערשטיצט גיפאָרד פּינטשאָט אין דער אַטאַקע. וואָס פּינטשאָט האָט אָנגעפירט קעגן ר. א. באַלינדזשער, און איז געווען דער לאָיער פון לוטהער ר. גלאַוויס אין דער באַלינדזשער־פּינטשאָט אונטערזוכונג. אין 1910 איז ער אויפגעטראָטן קעגן די אייזנבאַן־מאַגנאַטן ביי דעם פאָרהער פון דער אינטערשטאַטן קאָמערץ קאָמיסיע, ווען די מאַגנאַטן האָבן געזוכט צו העכערן די פּראַכט־אָפּצאָלונגען.

ער איז געווען דער לאָיער פון די קאָנסטיטוציאָנעלע משפּטים פון די ארעגאָן און אילינאָיז צען־שטונדע געזעצן פאַר פרויען. אין דעם ליידיס גאַרמענט וואָרקערס סטרייק, אין ניו־יאָרק, אין 1910, איז ער געווען דער טשערמאַן פון דער בוררים קאָמיטע. אין די יאָרן 1912־13 האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ העפטיקן פּראָטעסט קעגן דער ניו־יאָרק, ניו־הייווען און האַרטפאָרד אייזנבאַן־ליניע אַדמיניסטראַציע. ער איז גע־ווען דער מחבר פון ביכער, ווי „אַדהער פּיפּלס מאָני" און „ווי די באַנ־קירן געברויכן עס" און „ביזנעס — אַ פּראָפעסיע", און אַ סך אַנדערע שריפטן.

ווייס איך ניט אויב דער אינצידענט וואָס זיינע אַ שוועסטער איז ניט אַריינגעלאָזן געוואָרן אין אַן אַריסטאָקראַטישן האָטעל צוליב איר יידישקייט, אָדער י. דע־האַאַז האָט אים מיט שטאַרקע אַרגומענטן באַ־קערט צום ציוניזם. יעדנפאַלס איז אַזאַ מענטש, וועלכער גיט אַוועק זיין לעבן צו קעמפן פאַר גערעכטיקייט, מסוגל אַריינצוטראַכטן זיך אין דער אומגערעכטער יידישער לאַגע און זוכן פאַר דעם אַן אויסגאַנג. קוים איז בראַנדעיס באַווירקט געוואָרן צום ציוניזם האָט זיך דער אַמע־ריקאַנער ציוניסטישער וואָגן גענומען רירן, די רעדער פונעם אַמערי־

קאָנער ציוניזם, וועלכע זיינען געווען פּאַרזונקען אין אַ טיפער בלאָטע, האָבן זיך גענומען רירן און ס'האָט אָנגעהויבן הויכן מיט לעבן.

מיט בראַנדעיסעס אַריינקומען אין די ציוניסטישע רייען האָט ניט נאָר דער ציוניזם גענומען אַרויסווייזן לעבן, נאָר זיין שטאַרקער כאַראַקטער און פעסטער ווילן האָט אויך אַרויסגערופן מחלוקתן. האָבן זיך דאָך די אַלטע פירער ניט געוואָלט שטעלן אין הינטערגרונד. ס'האָט דעריבער געשאַפן אייפערזוכט, קנאה און רייבונגען, וואָס איז אויך, אַגב, אַ סימן פון לעבן.

דע־האַאַז, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר הערצליאַנער, האָט געזוכט צו באַווירקן בראַנדעיסן קעגן דער מזרח־אייראָפּעאישער פירערשאַפט. ביז די לעצטע צייטן האָט צווישן בראַנדעיסן און וויצמאַנען קיין גרויסער שלום ניט געהערשט. דע־האַאַז, וועלכער איז פאַר זיין טויט געווען נוטה צום רעוויזיאָניזם, האָט אויך געזוכט צו באַווירקן לואיס ד. בראַנדעיס קעגן דער הסתדרות העובדים. בראַנדעיס האָט אָבער באַזעסן זעלבסטשטענדיקייט און אַ שטאַרקע באָאָבאַכטונגס־קראַפט. ער האָט זיינע פריערדיקע איבערצייגונגען געביטן. איינזעענדיק די ברכה, וואָס די הסתדרות האָט געבראַכט דעם יידישן ישוב, פלעגט ער זיך די לעצטע יאָרן באַטייליקן מיט גרויסעביישטייערונגען פאַר דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין פאַר דעם אַרבעטנדן ארץ־ישראל.

זיין באַשטעטיקונג צום אַמט פון ריכטער צום סופרים קאָורט האָט אונדז יידן אין איין וועג פאַרשאַפט גרויס כבוד. איז ער דאָך געווען דער ערשטער ייד אין אַזאַ הויכן פּאָסטן. איז דאָך דער סופרים קאָורט דער אַמעריקאַנער קדשי־קדשים, וואו אַ יידישער פוס האָט זינט דעם אויפקום פון סופרים ביז יאַנואַר 1916, ניט באַטראָטן. און שווער זיינען געווען די ווייען פון דעם אַמט. גאַנצע פינף חדשים האָט דער סענאַט, אַפילו מיטן ליבעראַלן סענאַטאָר באָראה, געקעמפט קעגן דער באַשטעטיקונג. פּרעזידענט ווילסאָן האָט אַ פיין ביסל גאַל אַרונטערגעשלונגען ביז בראַנדעיס האָט באַטראָטן דעם אַמט.

ס'איז פאַרשפּאָרט צו זאָגן וואָס יעדער פילנדער ייד האָט דורכגעלעבט דורך די שווערע פינף חדשים. פּרעזידענט ווילסאָן האָט דאַן געזאָגט: „דער פריינט פון גערעכטיקייט און פון דער מענטשהייט וועט באַצירן דעם הויך־געריכט, מיט וועלכן מיר זיינען אַזוי שטאָלץ״.

מעג עס קלינגען פּאַראַדאָקסאַל — מיר יידן אַלס יידן, כאָטש מיר האָבן געוואונען אַזאַ זיג, האָבן מיר אויך געהאַט, מיט בראַנדעיסעס באַשטעטיקונג צום סופרים קאָורט, אַ גרויסע נידערלאַגע. זיין ציוניסטישע אַרבעט האָט געמוזט אָננעמען אַ פּאַסיוון כאַראַקטער און צו דעם האָבן ניט קיין קליין ביסל צוגעטראָגן אונדזערע יידישע אַסימילאַטאָרישע געלטזעק. מען האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז אַלס אַמעריקאַנער הויכער ריכטער טאָר ער ניט שטיין אין דער שפּיץ פון אַ יידישער פּאָליטישער פּאַרטיי.

בראַנדעיס האָט זיך געמוזט צוריקציען פון עפנטלעכן ציוניזם. ער האָט אָבער געצויגן די ריכטיקע שנורן, ווען עס האָט זיך גענייטיקט.

אינעם סופרים קאָורט, וועלכער איז געווען באַהערשט פון רעאַקציאָנערע ריכטער, איז בראַנדעיס מיט האָלמסן געווען פון די וואָס האָבן אונטערגעשריבן „ניט מסכים", ווען אַ רעאַקציאָנערער פּסק־דין איז אַרויסגעגעבן געוואָרן. „בראַנדעיס און האָלמס זיינען ניט מסכים" איז געוואָרן אַ שם דבר און די פראַזע „ניט מסכים" האָט זיי באַליבט און באַרימט געמאַכט איבערן גאַנצן לאַנד.

## צום הונדערטן געבוירנטאָג פון מענדעלע מוכר ספרים

אייגנטלעך איז דער ריכטיקער געבוירנטאָג פון מענדעלע מוכר ספרים אומבאַקאַנט. די וועלט זאָגט אָבער הונדערט, מוזן מיר זיך בויגן און אַ וועלט ניט איבערשפּאַרן.

מענדעלע מוכר ספרים שרייבט אַליין אין זיין „ספר הגלגולים", אַז ער אַליין האָט ניט געוואוסט ווי אַלט ער איז געווען:

„וויפיל איך בין אַלט געווען צו דער חתונה, איז שווער צו זאָגן, ווייל אין דעם חשבון פון מיינע יאָרן איז איבערהויפּט געווען אַ פּלאָנטערניש, ניט אַרויסצוקריכן. די מאַמע מיינע האָט גערעכנט נאָך עפּעס אַ גרויסער שרפה, אָט דענסטמאָל איז זי מיט מיר געלעגן געוואָרן. די באָבע אָבער האָט עס גערעכנט נאָך עפּעס אַ בהלה, און די מומעס מיינע האָבן וועגן דעם געהאַט גאָר אַנדערע חשבונות."

## י. ש. נאומאָוו

אָפיציעל איז אָנגענומען, אַז שלום יעקב אַבראַמאָוויטש איז געבוירן געוואָרן דעם 2טן יאַנואַר, 1836, אין קאַפּוליע, מינסקער גובערניע. פּאַפּירנע אָבער, וועלכער איז מענדעלעס אַ בן־עיר, האָט געזאָגט ביאַליקן, ווי מענדעלע האָט אים אַליין איבערגעגעבן, איז ער עלטער געווען אויף אַ יאָר זיבן־אַכט ווי די אָנגעגעבענע דאַטן. די דערמאָנטע ניט־פּינקטלעכקייט דאַרף אָבער ניט זיין קיין אָפּהאַלט אין דער פייערונג פון דעם מענדעלע יובילייִ, און די גאַנצע יידישע וועלט פייערט טאַקע היינטיקן חודש זיין הונדערטן געבוירנטאָג.

ווי די זאַך זאָל ניט געווען זיין, קענען מיר אָננעמען, אַז אי זיין מאַמע, אי זיין באָבע זיינען געווען גערעכט. מענדעלע איז אי געבוירן געווען נאָך אַ גרויסער שרפה, אי נאָך אַ גרויסער בהלה. איז דאָך זיין גאַנץ לעבן געווען אַ בהלהדיקער. זיין נאָמען אַליין איז דאָך געענדערט געוואָרן פון ברוידע אויף אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט אייגנטלעך אָפּגשטאַמט פון אברהמל דעם הינקעדיקן, וועלכער איז ביי מענדעלען דערנאָך פאַרקערפּערט געוואָרן אין „פישקע דעם קרומען". איז דאָך מענדעלע געבוירן געוואָרן און געלעבט אין יענער צייט פון בהלה, ווען ביי איין טאַטן זיינען געווען קינדער מיט פאַרשיידענע נעמען צוליב פּריזיוון און אַנדערע שלעק. מענדעלעס פאָטער, רב חיים משה ברוידע, וועלכער איז געווען אַן אָנגעזעענער מענטש אין קאַפּוליע, האָט שלום יעקבן מדריך געווען אויף אַ געהעריקן אופן. צו ניין יאָר האָט ער שוין געקענט תנ"ך אויף אויסווייניק, צו פערצען יאָר האָט ער שוין געהאַט אַ גרויסע ידיעה אין תלמוד און דער רבנישער ליטעראַטור. אונטער דער השפעה פון זיין מלמד, יוסי ראובנס, האָט ער אַ סך געלערנט. אויסער תלמוד האָט ער אויך געלערנט דיקדוק, וואָס איז דאַן פאַררעכנט געווען פאַר אַ פרייזיניקן לימוד.

צו שלום יעקבס פערצענטן יאָר איז אים אַוועקגעשטאָרבן זיין פאָטער, און דאָ הייבט זיך אָן פאַר דעם קליינעם שלומען זיין אמתער „ספר הגלגולים". זיין מוטער, די אַלמנה, איז געצוואונגען געווען אים צו שיקן אין דערבייאיק שטעטל, טימקאָוויץ, צו לערנען אין בית־המדרש און עסן טעג אין פרעמדע הייזער. נאָך אַ קורצן אָפּזיין אין טימקאָוויץ פאָרט ער קיין סלוצק אין דער ישיבה, וואו ער האָט פון אָנפאַנג געלערנט מיט התמדה. אַביסל שפּעטער איז אים דער חשק אָפּגעפאַלן.

ער באַקענט זיך מיט אַנדערע בחורים און, אין דער מליצה פון אַ געוויסן שרייבער, רירט ער אָן די יערות דבש פון השכלה מיט דעם שפּיץ פון זיין שטעקן. נאָך דעם האָט ער געלערנט אין ראַמיילעס ישיבה אין ווילנע, אויך אינעם גאונס קלויז. דורך דער צייט האָט זיין מוטער די אַלמנה חתונה געהאַט פאַר אַ מילנער אינעם דאָרף מעלניקי, לעבן קאַפּוליע. שלום יעקב איז פאַרבעטן געוואָרן צו זיין מוטערס נייע היים, וואו ער האָט געלערנט מיט די קינדער פונעם מילנער.

אין זיין העברעאישער אויטאָביאָגראַפיע שרייבט ער: „אין דעם דאָזיקן איינזאַמען און פאַרלאָזענעם ווינקל האָט זיך אַנטפּלעקט אין מיר מיין מוזע. מיט איר כישוף האָט זי מיך געצויגן, איך זאָל נאָכגיין נאָך איר אין וואַלד אַריין אונטער אַ גרינעם בוים, וואו עס איז שטיל און רואיק. מיט די וואַלד־ביימער האָט זי מיר אַ בונד געשלאָסן און מיט די פייגל פון הימל און דער ווידמונג אויף דער ערד און האָט מיך געלערנט זייער לשון.“ און אַז מענדעלע האָט דאַן געשלאָסן אַ בונד מיט די פייגל פון הימל און מיט אַלע ווידמונגען אויף דער ערד איז געענוג דורכצולייענען זיי „פּרק שירה“ אין העברעאיש. עס איז אַ נאָכ־מאַכונג פון „ברכו נפשי“. ס'איז בילדלעך רייך, ווערטערלעך שטאַרק, און ווען איך האָב עס אין מיין יוגנט געלייענט האָט עס מיך פאַרכאַפּט, ווי איך וואָלט אַרומגערינגלט געווען מיט די פאַרשיידענע באַשעפענישן, וועלכע גיסן אויס זייערע הערצער אין אַ תפילה צום באַשעפער און וואו די ביימער פון וואַלד זינגען מיט. ווי אָרעם ווייס־רוסלאַנד זאָל נישט זיין אין שיינע נאַטור־פּאַנאָראַמעס, איז גראָד יענער געגנט, וואו דער יונגער „שלמה רב חיימס“ איז געכאַפּט געוואָרן פון די נאַ־טור־אַנטפּלעקונגען, איינער פון די שענסטע, נישט נאָר מעלניקי מיט דעם שיינעם וואַלד אַרום, נאָר אויך דאָס שטעטל קאַפּוליע איז באַ־צויבערנד מיט אירע בערג און טאָלן, טייך און מילן, ווי עס קען אויף דעם עדות זאָגן דער שרייבער פון די ציילן, וועלכער איז מענדעלעס אַ בן־עיר, אַ יליד קאַפּוליע.

מענדעלע איז ניט נאָר באַגייסטערט געוואָרן פון די נאַטור־דער־שיינונגען — ער איז געווען אַ קינסטלער דורך און דורך און זיין קלוג, שאַרף אויג האָט אַריינגעדרונגען אינעם לעבן פון זיין פאָלק. זיין אייגן לעבן איז געווען אַ פּראַטאָטיפּ פונעם דעמאָלסטיקן יידישן לעבנס־

שטייגער. איז ער דאָך געווען פלייש און בלוט פון דער „קליאַטשע", וואָס ווערט געשמיסן מיט בייטשן פון אַלע וועלט־שמייסערס און וואָס שלעפּט אויף זיך די יידישעליידן, דעם יידישן גלות־הויקער. מענדעלע מוכר ספרים, כאָטש אין האַרצן איז ער געווען אַ ציוניסט, האָט ער זיך פאַרהאַלטן כמעט קאַלט צו דעם פּאָליטישן ציוניזם. אָבער מענדעלע האָט אַליין ניט געפילט וויפל ציוניסטן ער האָט געשאַפן דורך זיינע קינסטלערישע באַשרייבונגען פון קאַפּצאַנסק, גלופּסק און טונעיאַדאָוור־קע. סיי אין זיין „טאַקסע" און סיי אין זיין אַלעגאָרישער „קליאַטשע" ברענגט ער אַרויס דעם רעאַלן, נאַקעטן לעבן פון די יידישע מאַסן — אַ לעבן, וואָס איז פּוסט, אָן אַן אינהאַלט און אָן אַ צוקונפט. האָבן דאָך פיל נאָך זייער לייענען מענדעלעס „קליאַטשע", אַריינטיפנדיק זיך אין דעם וואוקס פונעם פּוסטן יידישן לעבן, זיך אַ קער געטאָן צו דעם פּאָליטישן ציוניזם, נאָכדעם ווי דער ערשטער ציון־קאָנגרעס איז פון הערצען גערופן געוואָרן. מענדעלע האָט געזוכט אויפצוהייבן דאָס פאָלק, און כאָטש זיין העברעאיש איז געווען אַ געשליפענער און גע־טאָקטער, האָט ער דאָך נישט געקענט דערגרייכן די גרויסע יידישע מאַסן און ער האָט באַשלאָסן צו גיין צום באַרג — צו די מאַסן, און ריידן צו זיי אין זייער שפּראַך, און ער האָט געוויזן ווי אַזוי די תחינה־שפּראַך קען דערהויבן ווערן צו אַן אמתער ליטעראַטור־שפּראַך, ווען זי ווערט באַשאָנקען מיט דער פּען פונעם גאָט־געבענטשטן קינסטלער. דורך מענדעלען האָט די יידישע שפּראַך געקראָגן איר תיקון. די נאַ־טור־שילדערונגען באַקומען ביי אים אַ יידיש אויסזען. ער מאָלט די נאַטור אין יידישע מעטאַפאָרן און פאָלקסטימלעכע יידישע בילדער. ער האָט אַנטפּלעקט, אַז אַפילו מיט דעם באַשרענקטן יידישן לשון קען מען געפינען די פּאַסיקע אויסדרוקן, די פּאַסיקע טערמינען אויסצודריקן פייסאַזשן און אמתע נאַטור־בילדער. אויף פיל האָבן זיין סטיל און רייכער ווערטער־אוצר משפּיע געווען, אַז זיי זאָלן אין זיך אַריינהויכן אַ נאַציאָנאַלן שטאָלץ, אַ נאַציאָנאַלע ווירדע.

אין זיין „ספר הבהמות" שרייבט י"ש אַבראַמאָוויטש, „ווען עס האַנדלט זיך אינעם ווערטערשפּיל „ציון" און ארץ־ישראל":

יאָ, רבותי, זאָל די זאַך האָבן איר ריכטיקן נאָמען! אין אַ נאָמען איז אַמאָל זייער פיל געווענדט. טאַקע ארץ־ישראל, אַזוי איז גלייכער

און פאַר דער וועלט פאַרשטענדיקער, ווייל דערינען איז גאַנץ בולט אויסגעדריקט זייערע פאַרלאַנגען. גאַנץ קלאָר: מען וויל ארץ־ישראל, און ציון, עס פאַרשטייט זיך אויך בכלל. ציון אָבער דריקט נישט אויס דייטלעך וואָס מען וויל. עס האָט אַ סך פירושים, אַזוינע וואָס פאַר אייך איז עס ניט קיין משא ומתן". מענדעלע האָט געלייגט גרויס געוויכט אויפן וואָרט. יעדער אויסדרוק האָט ביי אים געמוזט אַרויס־קומען קיילעכדיק און געטאָקט און ער האָט מיט זיך געמוזט טראָגן די ריכטיקע געוויכט. ווען מענדעלע וואָלט אָפיציעל אָנגעשלאָסן געווען אין אַ וועלכער עס איז ציוניסטישער פאַרטיי, וואָלט ער לויט זיין אויפ־פאַסן פון זאַכן געדאַרפט זיין אַ מזרחי, נישט חלילה צוליב זיין פרומ־קייט, נאָר צוליב דער אויסגעהאַלטנקייט.

מענדעלע האָט נישט געקענט פאַרטראָגן צעשפּאָלטנקייט. ער האָט די יידישע רעליגיע ניט אויפגעפאַסט ווי די רעליגיעס פון אַנדערע פעלקער, וועלכע פאַרשפּרעכן צו זייערע נאָכפאָלגער בלויז יענע וועלט. מענדעלע האָט געזען אין דער יידישער רעליגיע אַ לעבעדיקן קוואַל פון מאָראַל און יוריספּרודענץ, טאַקע דאָ אויף דער וועלט. דעריבער איז אים שווער געווען צו פאַרשטיין דעם פאַנאַנדערגעטיילטן נאַציאָנאַ־ליזם פון רעליגיע. ער האָט געדענקט אַז איינע אָן דעם אַנדערן איז נישט קיין דבר־שלום. זאָגט מענדעלע אין זיין „ספר הבהמות":

„דת ביי אונדז, יידישע קינדער, פאַרשטייט איר מיך, איז נישט דאָס וואָס ביי אַנדערע פעלקער אמונה, גלויבן, רעליגיע — הימל־זאַכן, יענע וועלט; נאָר וואָס דען? גוטע, קלוגע, גערעכטע געזעצן, אין לעבן אַריין נייטיקע זאַכן, טאַקע דאָ אויף דער וועלט, און אויך געבאָט, וואָס זיינען געשטעלט אויף היסטאָרישע, געשעענע געזעצן. אַזעלכע געבאָט דריקן אויס און דערהאַלטן דאָס לעבן אין דעם גייסט פון דעם פאָלק. דת און לאומיות זיינען דעריבער ביי אונדז איינס."

וואָלט מענדעלע איצט געלעבט, וואָלט ער זיכער געשטאַנען מיט די וואָס זוכן צוריקצוקריגן אָן אינהאַלט אינעם יידיש־רעליגיעזן לעבן כדי צו פאַרגענצן און אויספילן זייער מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם, וועל־כער איז אויסגעהוילט געוואָרן פון רעליגיע און וואָס האָט ביי פיל איבערגעלאָזט אַ ליידיקן חלל. ווילי־אַם נאַטאַנזאָן וואָלט זיכער זיין ערשטע הסכמה געקראָגן אויף זיין לעצט ווערק, „צו דער רעוויזיע פון

נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן געדאַנק" איבער רעליגיע און נאַציאָנאַליזם, פון מענדעלע מוכר ספרים. מענדעלע האָט האָלט געהאַט גאַנצקייט, דע־ריבער האָט ער אַלץ וואָס ער האָט געשריבן אין יידיש אַליין איבער־זעצט אויף העברעיאיש, וועלכע זיינען אַרויס אין „כל כתבי מענ־דעלע מוכ"ס".

עס וואָלט דעריבער וויכטיק געווען אַז אַלע עקסטרעמע יידישיסטן, וועלכע וועלן זיכער פייערן מענדעלעס הונדערט־יאָריקן געבוירנטאָג, זאָלן אין זינען האָבן מענדעלעס ליבע פאַר גאַנצקייט. מענדעלע האָט זיך נישט געקנעפט פאַרשטעלן יידיש אָן העברעאיש און מענדעלע וואָלט נישט געווען דער קלאַסיקער, נישט אַכטנדיק זיין קינסטלערישן טאַ־לאַנט, ווען זיין יידיש וואָלט נישט געצויגן די השפעה פון מענדעלעס לומדות און פאַרוואָרצלטן העברעאיש, און וואָלט צו ניין יאָר נישט געקענט דעם תוך אויף אויסוויייניק. מענדעלע פלעגט זיינע ווערק שלייפן און פולירן. ווען ער וואָלט איצט אויפגעשטאַנען תחית המתים, וואָלט ער גלייך אויפן אָרט צוריק געשטאָרבן, ווען ער זעט וואָס די יידישע קאָמוניסטן האָבן געטאָן מיט זיינע ווערק אין נאָמען פון דער „פּראָלעטאַרישער קונסט". די איראָניע אָבער איז וואָס די זעלבע קאָ־מוניסטן פייערן איצט מענדעלעס הונדערטן געבוירנטאָג און ווי זייער שטייגער איז וועט דער חשובער מת נאָכאַמאָל געפּאַלמעסט ווערן.

# אויף דעם הויכן באַרג

## (צו יהואשס צען־יאָריקן יאָרצייט)

אַ סך פון אונדזערע דיכטער און שרייבער, וועלכע האָבן זיך אַ רוק געטאָן אויף לינקס, האָבן אָנגעהויבן מעסטן יעדן דיכטער, נישט אַכטנ־דיק די סביבה, אָדער די עפּאָכע, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט, מיט דער מאָס פון פּראָלעט־קולט.

כאָטש אין דעם סאָוועטן־לאַנד האָט מען שוין צוריק אַריינגענומען די אַלטע קלאַסיקער און אַלע שרייבער, וועלכע זיינען געלעגן פאַר אַ לאַנגער צייט אין חרם, האָבן געקראָגן זייער תיקון.

# געזאמלטע שריפטן

מען האָט די ביכער אַרויסגענומען פון דער „גניזה“, אַראָפּגעבלאָזן פון זיי דעם שטויב און מיט אַ שפּרוך פון דעם אַל־גרויסן און אַל־הייליקן — סטאַלין, זיינען די „אַפּאָקריפישע“ ביכער, פון נאָך דער רעוואָלוציע, צוריק קאַנאָניזירט געוואָרן. און אויב די ביכער וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַר מתן־„פּראָלעטקולט“ זיינען נאָך נישט גענצלעך קאַנאָניזירט געוואָרן, האָט מען דעם פאַרבאָט פון זיי יעדנ־פאַלס אַרונטערגענומען.

נישט אַזוי איז ביי אונדזערע יידישע לינקע מענטשן. זיי זיינען אמתע קשי־עורף. פאַלט צו זיי אַריין אַ בוך, צי עס איז פון אַלטע אָנ־גענומענע דיכטער, צי עס איז פון אַ נייעם שרייבער, זוכט מען נישט די וואָגיקייט, די עשירות פון געדאַנק; זוכט מען נישט דעם קערן, נאָר מען זוכט די שאָלעכץ. געפינט מען נישט אין די שאַפונגען פון דעם שרייבער אַ וועלכן נישט איז אָנוואונק אויף פּראָלעט־קולטוריש־קייט, איז יענער שרייבער נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט אים, און אויב ער איז טויט, וועט ער אַפילו אויף יענער וועלט קיין תקומה נישט האָבן — ער וועט שוין קריגן זיין אָפּקומעניש ווען ער וועט אַריינפאַלן אין די הענט פון די פּראָלעטאַרישע מלאכי־חבלה און דער גיהנום וועט פאַר אים ווערן צו ענג.

* * *

מיט דער אויבן־דערמאָנטער הקדמה האָב איך אַ שטיקל כוונה און איך וועל דאָס אילוסטרירן אין מיינע ווייטערע באַמערקונגען איבער דעם שאַפן פון איינעם פון אונדזערע גרעסטע דיכטער און דענקער — יהואש.

דעם שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען צו וואוינען מיט יהואשן אין איין שטאָט פאַר גאַנצע זעקס יאָר, אָן אָפּטער אַריינגייער צו אים אין הויז און וועלכער האָט געהאַט די געלעגנהייט און דעם כבוד אים זען ביי דער אַרבעט. פיל פון זיינע לידער זיינער פאַר מיר געלייענט געוואָרן נאָך איידער זיי זיינען אַריין אין דרוק. איך האָב געזען יהואשן מיט ד״ר ספּיוואַקן אַרבעטנדיק אויף זייער „אידיש ווערטערבוך“. איך האָב געזען יהואשן ביי דער אַרבעט פון זיינע ערשטע איבערזעצונגען פון „תנ״ך“, וואָס די „היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני“ האָט ביי אים באַשטעלט. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט

צו וואַרעמען זיך אין דעם ליכט פון זיין שפּרודלדיקער חכמה און אים נאָכצושווימען אין די טיפע וואַסערן פון דער וועלט־ליטעראַטור, אין וועלכע יהואש איז געווען אַזוי באַהאַוונט און פלעגט מיט די פּערל פון זיין ערודיציע באַרייכערן זיינע אינטימע געשפּרעכן. נישט איין מאָל האָט ער מיך באַפליגלט מיט זיין שאַרפן הומאָר און לומדישער פּקחות. אויסער דעם וואָס יהואש איז געווען אַן אייראָפּייער, אַ שפּראַכן־קענער און פילאָזאָף, האָט ער אויך באַזעסן אַ גרויסע און טיפע יידישע ערודיציע. ער איז געווען אַ גוטער תלמודיסט און ביבל־פאַר־שער, באַהאַוונט אין יידישע לעגענדעס, אין יידישן פאָלקסלאָר, ווי עס זאָגן עדות זיינע יידישע לעגענדעס, די לידער פון ביבל און תלמוד. אויסער זיין בקיאות אין לומדות האָט ער געקענט קוקן אויף דער וועלט מיט אָפענע אויגן. כאָטש ער איז געווען דער גרויסער דיכטער, איז ער ווייט געווען פון צו זיין אַ בטלן. ער האָט אויף אַלץ געקוקט מיט אַ ניכטערן בליק.

אין פּרצס שריפטן איז דאָ אַן עסיי וואָס הייסט „דער דיכטער, דאָס בוך און דער לעזער". אין איין פּלאַץ זאָגט ער דאָרט:

„איך וויל מיט אייך ריידן פון דיכטער, וואָס האָבן זייער דיכטונג געלעבט, נישט געשריבן, און נישט אויפן מאַרק אַרויסגעטראָגן און פאַרקויפט; וואָס האָבן זייערע אידייען געפּרייידיקט, נישט אין פאַר־טריקנטע בלומען צווישן בלעטער אַריינגעלייגט; איך וויל מיט אייך ריידן פון ביכער, וואָס מען האָט פון די דיכטער און אין נאָמען פון די דיכטער געשריבן, און פון לעזער, וואָס זיין נאָמען איז: פאָלק".

ס'זיינען דאָ אַ סך דיכטער וואָס שרייבן לידער פון אַרבעטער־לעבן און האָבן קיינמאָל קיין פינגער אין קאָלט וואַסער נישט אַריינ־געטאָן; זיי זינגען פון פּראָלעט־לעבן און ווייסן נישט ווי אַ נאָגל אַריינצוקלאַפּן; זיי לעבן נישט דעם לעבן פונעם אַרבעטער, זיי מאַכן אָבער נאָך די מאָדע און ריידן מיט בטול פון אַנדערע וואָס טוען עס נישט. מיט אַ קורצער צייט צוריק איז מיר דאָ אויסגעקומען צו הערן אַ באַגאַבטן דיכטער ריידן איבער יהואשן און עס איז אויסגעקומען אַז יהואשס ערשטע שאַפונגען האָבן נישט געצויגן זייער יניקה פון לעבן, זיי זיינען געווען אַבסטראַקט, זיי האָבן מיט דעם לעבעדיקן אַר־בעטער־לעבן קיין שייכות נישט געהאַט. יהואש, לויט די ווערטער פון

דעם דערמאָנטן דיכטער, האָט נישט געלעבט אויף דער ערד, זיינע לידער זיינען געווען רוחניותדיקע אָן אַ האָר גשמיותדיקייט. ערשט דערנאָך, שפּעטער, איז יהואש אַרונטערגעפאַלן פון הימל אויף דער ערד און האָט זיך גענומען אינטערעסירן מיט די מענטשן אַרום אים. ס׳פאַרשטייט זיך אַז אַזאַ הנחה האָט געמוזט קומען, איז דאָך עס געווען אַ יהואש־אָוונט.

דער דערמאָנטער רעדנער איז אויך צוגעקומען צו יהואשס ראָמאַנצן און האָט עס כלאחר יד מבטל געמאַכט. ער האָט געזאָגט אַז די קונסט פון ראָמאַנס־פּאָעזיע באַלאַנגט נישט צו יידן. ער האָט עס איבערפלעכלעך פאַרגליכן מיט דער „ראָמאַנצערא״ פון י. ל. פּרץ און מיט עפּעס אַ סאַטירע פון פרוג (?) און האָט עס בדרך־כלל צונישט געמאַכט. (אַגב שטאַמט טאַקע די הלכה פון יהואשס אייגן שפּאַסיקן ליד „אידישע ראָמאַנצן״.) דער רעדנער האָט דאָ פאַרזען אַז אַזאַ פּאַראַלעל האָט דאָ נישט געקענט געמאַכט ווערן. פּרץ איז טאַקע נישט גאָר שטאַרק אין זיין „ראָמאַנצערא״, ווייס איך נישט צי פּרץ האָט ווען דורכגעמאַכט אַ ראָמאַנס. יהואש האָט אָבער, ווי פּרץ האָט זיך אויסגעדריקט, זיינע דיכטונגען געלעבט; יהואשס ראָמאַנסן זיינען אין זיין פּאָעטישער פאַנטאַזיע נישט געשאַפן געוואָרן. יהואש האָט אַ ליבע געבלוטיקט און האָט אין זיין אַנטוישטער ליבע געלעבט. ער האָט עס מיט בלוט געשריבן און ס׳האָבן אים קיין ווערטער צו באַזינגען עס נישט געפעלט, ווי דער באַטרעפנדער דיכטער האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט. יהואש האָט געליבט מיט פייער און ברען פון אמתן ליבהאָבער און אין זיינע ראָמאַנסן, וועלכע הייסן „בלומען און דערנער״, וועלכע באַשטייען פון פינף און פערציק לידער, שרייבט ער אין זיין ליד נומער איינס:

זאָל איך פון דופטיקע בלומען,
פלעכטן אַ קראַנץ דיר אַ שיינעם? —
זאָל איך מיט ליליען און רויזן,
די גאָלדענע האָר דיר באַקרוינען?
די רויזן פאַרלירן,
די העלע קאָלירן,

## י. ש. נאומאָוו

עס לעבן די ליליען נישט לאנג,
כ׳וועל דיר פון ריטעם און פערזן
פלעכטן, געליבטע, ראָמאנצן,
כ׳וועל דיין געשטאַלט אין זכרון
מיט בליענדע ווערטער באקראנצן.
עס ווערט נישט פארלוירן,
אין שטראָם פון די יאָרן
די פרישקייט פון דיכטערס געזאנג.

פיל וועלן לעזן און פילן
ליבעס־יסורים און ליידן.
נאָכטרוימען ווידער דעם חלום
וואָס גליקלעך געמאכט האָט אונדזביידן . . .
די ליבע פארזיגלט
אין לידער זיך שפיגלט
אויף אייביק אין מענטשנס געראנק . . .

ס׳פאַרשטייט זיך, יהואש, דער אמתער דיכטער, וויל נישט אָפּ־קומען בלויז מיט בלומען און מיט ליליען, וועלכע לעבן נישט אייביק, פאַרוועלקן און ווערן אַרויסגעוואָרפן. ער וויל זיין געליבטע באַפּוצן און באַקראַנצן מיט לידער וואָס לעבן אייביק. אמת, איר זעט דאָ נישט די מגושמדיקע, תאווהדיקע געשלעכטס־געזאַנגען פון אַ גויאישן ריטער, ער איז אָבער דאָ שיר־השירימדיקס און דאָס שענסטע וואָס אַן ארע־מער דיכטער קען זיין געליבטער געבן און דער געשאַנק וואָס בלייבט אייביק. און ווען יהואש ווערט פון זיין ליבע אַנטוישט, האָט ער נישט קיין חרטה, ווייל נאָך אַלע יסורים איז דאָך ווערט געווען דורכצולעבן אייניקע ליבע־מאָמענטן, און ער זינגט:

איך האָב נישט צו דיר קיין פּרעטענזיעס,
איך האָב עס פאַראויס דאָך געוואוסט שוין —
דער גיפט אויפן דעק האָט געלויערט
אין בעכער פון ליבע און לוסט שוין . . .

## געזאַמלטע שריפטן

און איך האָב דיר ליבע געשוואָרן,
איך האָב נישט קיין מקח באַדונגען —
געוואוסט אַז דו וועסט מיך פאַרמוטשען
נאָך דעם ווי דו האָסט מיך באַצוואונגען.

איצט וועל איך מיט אייביקע צרות
באַצאָלן די גליקלעכע שטונדן —
דער חלום געווען איז אַ קורצער
און לאַנג וועלן בלוטן די וואונדן . . .

דאָך האָב איך צו־מאָל נישט חרטה,
איך וויל נישט מיין טעות באַקלאָגן,
מאָמענטן פון ליבע פאַרדינען,
פאַר זיי גאַנצע גיהנומס צו טראָגן . . .

יהואשס אַנטוויקלונג אין זיין ערשטער ליבע האָט אים פאַרגיטיקט מיט דער ריכטיקער ליבע פון זיין לעבנס־באַגלייטעריך, פלאָראַ. יהואש האָט אין זיין פרוי פלאָראַ געפונען דעם אמתן ראָמאַנס, וועלכע האָט אים פאַרגעטערט און איז געווען זיין רעכטע האַנט אין זיינע ווייטערע פרוכטבאַרע שאַפונגען. צו זיין פרוי, פלאָראַן, האָט יהואש געווידמעט זיינע דריי בענדער „פון ניו יאָרק ביז רחובות און צוריק״. פלאָראַ האָט אים געבראַכט זייער טאָכטער, חוה, די דאָן קליינע עוועלין, ביי וועמענס וויגעלע איך בין געשטאַנען, און וועלכע האָט זיך געווידמעט צו דער גרויסער אַרבעט אַרויסצוגעבן איר פאָטערס מאָנומענטאַלע ווערק — די איבערזעצונג פון תנ״ך. אויסער יהואשס גרויסע צאָל לידער, וועלכע זיינען נאָך נישט געדרוקט געוואָרן, זיינען פון יהואשן פאַרבליבן גאַנצע בענדער מייסטער־לידער, פאַבלען און פאָעטישע ווערק אין פראָזע. אין צוגאָב צו דער שוין דערשינענער איבערזעצונג פון „תנ״ך, אַרבעט איצט אַ קאָמיטע אַרויסצוגעבן די יידישע איבערזעצונג מיט דעם העבּ־רעאישן טעקסט. צוגענגלעך צו די מאַסן, יענע מאָנומענטאַלע ווערק, אויף וועלכע ער האָט אָוועקגעגעבן דאָס בעסטע פון זיין לעבן, וועט מיט זיך פאָרשטעלן דעם גרעסטן געשאַנק דעם לייענער, וואָס זיין נאָמען איז: פאָלק.

אין אָנדענק פון אונדזערע ריזן, אונדזערע קלאַסיקער, וואָלט שוין צייט געווען אַז אונדזערע אויסגעלינקטע שרייבער און דיכטער זאָלן אויפהערן מעסטן שרייבער מיט אַ „פּראַלעטקולט״ אַרשין, נאָר אָביעקטיוו אָפּשאַצן דעם גרויסן צוטראָג פון אונדזערע קינסטלער און אין בעסערע אומשטענדן וועלן די אַרבעטער אויך דערגרייכן דעם באַרג, זיי געניסן און פאַרשטיין.

יהואש האָט מיר אַמאָל דערציילט דעם פאָלגענדן וויץ: צו היינריך היינע איז אַמאָל אַ פּריטץ געקומען פרעגן, ווי אַזוי עס ווערן אין דער דיכטונג געמאָסן די פיס? היינע האָט אים געהייסן זיך לייגן אויפן דיל און אויסמעסטן די פיס און אָנפילן עס מיט ווערטער. אַזוי טוען נישט קיין פרייע דיכטער, זייערע שירים ווערן אַריינגעשטעלט אין „פּראָטעל־פיס״.

דער דיכטער איז נישט פריי ווען ער איז געבונדן אין קייטן.

## דער וועג פון אַ „בן ־אדם״

מעג עס זיין אַ בלינדער צופאַל וואָס אינעם ערשטן נומער פון „די יודישע צוקונפט, אַ חודש־זשורנאַל, אַרויסגעגעבן אין אויגוסט 1908 פון ד״ר י. וואָרטסמאַן, איז דאָ אַ ליד פון יהואשן, וועלכע הייסט „ביים טויער פון לעבן״. דאָס ליד שטעלט פאָר צוויי נשמות — איינע וואָס קומט ערשט אַראָפּ פון הימל און די צווייטע וואָס קערט זיך שוין אום צוריק. צווישן די נשמות קומט פאָר אַ געשפּרעך. די צווייטע נשמה, וועלכע האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט הימלשע פאַרגעניגנס און גאָרנישט טאָן, קומט אַרונטער פול מיט האָפענונגען און מיט גוטע אויסזיכטן אויף אַ נוצלעך, אַרבעטזאַם לעבן.

די ערשטע נשמה, וועלכע איז אַוועק אַ מידע פון לעבן, זאָגט אין איין אָרט:

דאָרט אַקערט מען און זייט מען לאַנג,
בעפאָר עס שפּראָצט אַרויס דער זאַנג,
און וואַקסט ער מוז ער וויאַנען;
און דאָ איז אַלץ געענדיקט שוין,

# געזאַמלטע שריפטן

ניטאָ קיין מי, נישטאָ קיין לוין
און טויט איז נישט פאַראַנען . . .

די צווייטע נשמה, וועלכע איז פול מיט האָפענונגען, זאָגט אין אַ צווייט אָרט:

ווי גרויס די פרוכט, ווי קליין די פרוכט,
וואָס מאַכט עס אויס אַבי געזוכט
דאָס זוכן איז דער עיקר . . .
און ס'גאַנצע קריגט זיין גרעסטן חן,
ביי דעם וואָס זאַמלט שטיין פאַר שטיין,
און שטעלט עס אויף פון שטיקער . . .

ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט, איז עס בלויז אַ בלינדער צופאַל וואָס דאָס דערמאָנטע ליד איז געדרוקט געוואָרן אין איינער פון ד"ר וואָרטסמאַנס אויסגאַבן. דער לעצטער פערז אָבער איז שטאַרק צוגע־פאַסט צו דעם לעבן פון דעם נאָר־וואָס פאַרשטאָרבענעם ד"ר וואָרטס־מאַן.

ד"ר וואָרטסמאַן האָט אָנגעהויבן שרייבן זייער יונג. אַלס סטו־דענט איז ער געווען דער שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט פון דעם בוקאַ־רעסטער „היועץ". זיינע ערשטע פובליציסטישע אַרטיקלען האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דעם „דער יוד" און פון דאַן אָן איז וואו וואָרטסמאַן האָט אָוועקגעשטעלט אַ פוס האָט זיך געשאַפן אַ יידישע אויסגאַבע, איז עס געווען אַ וואָכנבלאַט, אַ חודש־בלאַט, אַ זאַמלונג, אַ בראָשורע, אַ בוך, אַ דראַמע, ביז אַ טאָג־בלאַט.

וואָס וואָרטסמאַן זאָל נישט האָבן אַרויסגעגעבן האָט ער אַרויפ־געלייגט זיין ספּעציפיש וואָרטסמאַנישן חותם. נישט זייענדיק קיין „יידישיסט" האָט ער פאַר יידיש אויפגעטאָן מער ווי פיל יידישיסטן, וועלכע טראָגן זיך אַרום מיט „יידישיסטישע" קאָקאַרדעס אויף זייערע היטלען. ווי אויבן געזאָגט, וואו וואָרטסמאַן איז נאָר פאַרוואָגלט, און וואָגלונגען האָט ער געהאַט אַ סך, האָט ער זיך אויפגעשטעלט אַ פּאַ־פּירענעם געצעלט און זיין טינט־פאָנטאַן האָט זיך צעשפּילט און האָט די גאַנצע סביבה באַרייכערט מיטן יידישן וואָרט. זיין וואָרט האָט

נישט איינמאָל געשניטן ווי אַ שאַרף מעסער. ער האָט נישט מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת און אים האָט נישט געקימערט ווען ס׳האָט געטראָפן; קוים האָט ער אנערקענט אַ פּרינציפּ, האָט ער פאַר דעם געקעמפט מיט נעגל און ציין. ער איז געשטאַנען פעסט אויף זיין פּאָסטן און האָט זיך געשאַפן אַ סך שונאים, ער האָט אָבער אויך זיך דערוואָרבן אַ סך פריינט.

מעגלעך אַז דערפאַר וואָס ער האָט געשטרעבט צו זיין אַן „איש אמת" (איינער פון זיינע פּסעוודאָנימען) האָבן זיינע אַלע אויסגאַבן נישט געהאַט קיין לאַנגן קיום, ווייל אין אַן עולם השקר איז שווער צו זיין אַן „איש אמת" ספּעציעל ווען מען קעמפט איינער אַליין אין פעלד. מעג דאָ געזאָגט ווערן, אַז כאָטש ד״ר וואָרטסמאַן איז געווען אַ דעמאָקראַטישער ציוניסט און אַ פּאַרטיימאַן, איז ער אַלעמאָל פאַרבליבן אַן אויסגעשפּראָכענער און פאַרביסענער אינדיווידואַליסט. קיין מענטש און קיין פּאַרטיי האָבן אים נישט געקענט צאַמען, ווען ער האָט איין מאָל אנערקענט אַ געוויסן אמת. עס איז נישט קיין צופאַל וואָס ווען די „דעמאָקראַטישע פראַקציע" האָט זיך געגרינדעט, אויף איינעם פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן אין באַזעל, איז ד״ר י. וואָרטסמאַן, צוזאַמען מיט ד״ר חיים וויצמאַנען און ד״ר נחמן סירקינען, געווען איינער פון די גרינדער. ד״ר וואָרטסמאַן איז געווען אַ דעמאָקראַט דורך און דורך און ער האָט געהאַסט ביוראָקראַטיע ביז דער טיפקייט פון זיין נשמה. ווען ד״ר וואָרטסמאַן האָט אָנגעפאַנגען אַרויסצוגעבן אַ צייטונג האָט ער זיך אין דעם אַריינגעוואָרפן מיט דער גרעסטער קנאות. די צייטונג איז אימער געשטאַנען אויף אַ געוויסער הויך, סיי ליטעראַריש און סיי טעכניש. אים איז נישט איינמאָל אויסגעקומען צו זיין אַליין דער ביזנעס־אַגענט, דער רעדאַקטאָר, שיק־יינגל און קאָרעקטאָר. נישט אַכטנדיק אויפן באַשרענקטן קאַפּיטאַל האָט זיך אים שטענדיק איינגעגעבן צוצוציען די בעסטע ליטעראַרישע, פּאָעטישע און פּובליציסטישע קרעפטן. עס איז געווען דערפאַר, ווייל די אַלע קרעפטן האָבן געגלויבט אין זיין ערנסטקייט און איבערגעבנקייט צום יידישן וואָרט. פאַר וואָרטסמאַנען האָט געשריבן מענטשן, כאָטש אידעאָלאָגיש זיינען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און זיינען געווען אָפּגערוקט ווי מזרח פון מערב.

## געזאַמלטע שריפטן

וואָרטסמאַנס עקסצענטרישקייט און פּאַרטייאישע אומגעצאַמטקייט האָבן אים געמאַכט צו טראָגן שווערע פּעק אויף זיינע אייגענע אַקסלען. ער פלעגט פאַלן אונטער דער משא, ער האָט אָבער נישט איינגעבראָכן, ער האָט אַלעמאָל אָנגעפאַנגען אויף דאָס ניי. איז וואָרטסמאַן דורכ־געפאַלן אין לאָנדאָן, האָט ער צוריק אָנגעפאַנגען אין וואַרשע, האָט ער געדאַרפט אַוועק פון וואַרשע, איז ער אַריבער קיין אַמעריקע, האָט זיך אים נישט איינגעגעבן אין ניו־יאָרק, איז ער אַוועק קיין באָסטאָן, קיין מאָנטרעאָל, קיין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ, קיין קליוולאַנד, קיין סאַן פראַנציסקאָ און איבעראַל. ווען מען זאָל אויף אַן אויסשטעלונג פונעם יידישן ציַיטונגס־וועזן אויסשטעלן די אויפטואונגען פון אינדי־ווידועלע שריפטשטעלער, וועט אַ גאָר גרויס צימער פאַרנעמען מיט די צעשפּרייטע אַרטיקלען און ציַיטונגס־אויסגאַבן פון ד״ר וואָרסמאַנען — האָט ער געשריבן אין „יוד״, אין סאָקאָלאָווס „טעלעגראַף״, אין „דאָס אידישע פאָלק״, אין „קעמפער״, אין „צוקונפט״, אין „קענעדער אָדלער״, אין „טאָג״, אין „טאַגעבלאַט״, אין מאָרגען זשורנאַל״ און אַ רייע אַנ־דערע יידישע ציַיטונגען.

ווען עס וועט געשריבן ווערן די געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין קאַליפאָרניע, וועט דער נאָמען ד״ר י. וואָרטסמאַן אַרויסשטיין מיט ליכטיקע, בולטע אותיות. איז דאָס דאָך געווען ד״ר וואָרטסמאַן, וועל־כער האָט געגרינדעט די ערשטע „קאַליפאָרניער אידישע שטימע״ אויפן פּאַציפישן ברעג. דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם ערשטן יאַנואַר 1913, אין סאַן פראַנציסקאָ, און איז כמעט פאַר צוויי יאָר אַרויסגעגאַנגען אָן אָפּשטעל, אַ דאַנק די עקשנות און דעם אויסדויער פון איר רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער, ד״ר י. וואָרטסמאַן. עס איז געווען אַן אָנגעשטרענקטע פּאָר יאָר פון זעלבסט־אָבנעגאַציע, אַ געמאַ־טערט לעבן פון דחקות און אומדערמידלעכער אָנשטרענגונג. די ציַי־טונג האָט כמעט געהאַלטן ביים פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טעגלעכער אויסגאַבע. די וועלט־מלחמה האָט זיך ווי אַ ווילדע סטיכיע אָנגערוקט און האָט חרוב געמאַכט אַן איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג. נאָך דער מלחמה האָט זיך וואָרטסמאַן צוריק אומגעקערט צום פּאַציפישן ברעג. ער האָט דאָ רעדאַגירט די וועכנטלעכע „ציַיט״ פאַר אַ קורצער ציַיט. נאָכדעם האָט ער צוריק אָנגעהויבן אַרויסגעבן די „קאַליפאָרניער אידי־

שע שטימע״ דאָ אין לאָס אַנדזשעלעס און מיט פינף פינגער האָט ער אויפגעבויט אַן אומאָפּהענגיקע יידישע צייטונג, וועלכע האָט זיך פאַר קיינעם נישט אָפּגעשראָקן. זיינע וועכנטלעכע איבערבליקן זיינען גע־וואָרן אַ שם דבר, פריינט און פיינט פלעגן אויף דעם אַרויסקוקן, ווייל ער פלעגט מיט זיינע שאַרפע פיילן צילן און טרעפן אין פונקט. ד״ר וואָרטסמאַן האָט סיי גייסטיק און סיי געשעפטלעך די צייטונג אַוועק־געשטעלט אויף אַ געזיכערטן יסוד. ער איז אָבער געווען פיזיש דער־שעפּט. ער האָט די „קאַליפאָרניער אידישע שטימע״ איבערגעגעבן אין אַנדערע הענט. ס׳האָבן זיך געביטן אַרויסגעבער, ס׳האָבן זיך געביטן רעדאַקטאָרן, די צייטונג גייט נאָך און דינט אַלס לעבעדיקער צייכן, אַ שיינער מאָנומענט נאָך איר ערשטן גרינדער.

ד״ר יחזקאל וואָרטסמאַן פלעגט זיך אויך אונטערשרייבן „בן אדם, גענומען פון זיין נאָמען יחזקאל, אַלס סימבאָל פון נביא יחזקאל, וועלכן גאָט האָט גערופן „בן אדם״. אַלס בן אדם האָט יחזקאל וואָרטס־מאַן געקעמפט פאַר אַלץ וואָס איז מענטשלעך. ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט, אַ פריינט פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל, אַן איבערגעגעבענער טרייד־יוניאָניסט און איבער אַלץ — אַ קעמפער פאַרן אמת. עס פאַרשטייט זיך, צווישן זיינע אָפּשאַצער וועלן זיך געפינען פאַרשיידענע אַנטקעגנגעזעצטע מיינונגען. אַנדערע וועלן אים אויפהייבן און אַנדערע וועלן אים אַרונטעררייסן, ווי דער שטענדיקער מנהג פון דער וועלט. איך, וועלכער האָט אים גוט געקענט כמעט פון זיין ערשטן אַרויסטריט, וועל מיט זיינע אַנדערע פריינט זאָגן די ווערטער פון דער צווייטער נשמה פון יהואשס פראַגמענט:

ווי גרויס די פּרוכט, ווי קליין די פּרוכט,
וואָס מאַכט עס אוים אַבי געזוכט —
דאָס זוכן איז דער עיקר . . .
ביי דעם וואָס זאַמלט שטיין פאַר שטיין
און ס׳גאַנצע קריגט זיין גרעסטן חן,
און מ׳שטעלט עס אויף פון שטיקער . . .

וואָרטסמאַנס שטענדיקער זוכן, ווי גרויס אָדער קליין די פּרוכט זאָל נישט געווען זיין, איז געווען אַ וואָגיקער בייטראָג צו דעם יידישן בנין און אינאיינעם מיט זיינע פריינט זאָגן מיר: ערע זיין אָנדענק!

# דער הויכער טורעם

## צו ד״ר חיים זשיטלאָווסקים 70־יאָריקן יובילײ

און זײ האָבן געזאָגט אײנער צום אַנדערן:
קומט לאָמיר אונדז בויען אַ שטאָט, און אַ טורעם
מיט זײַן שפּיץ אין הימל, און לאָמיר אונדז מאַכן
אַ נאָמען, כּדי מיר זאָלן ניט צעשפּרײט װערן אויפֿן
געזיכט פֿון דער גאַנצער ערד.
(בראשית, יא, ד, יהואש איבערזעצונג.)

װען די װעלט איז נאָך יונג געװען, לויט דער יידישער טראַדיציע, פֿלעגט זיך גאָט אַנטפּלעקן צו מענטשן, און אַז מען נידערט אַראָפּ צו די מענטשן װערט די גאָטהײט אײנגעשרומפּן און שטעקט זיך אָן מיט דאָס מענטשלעכע און פֿאַרגינט זיך אַמאָל אָפּטאָן אַ מענטשלעך שפּיצל. װען די מענטשן פֿונעם פֿלאַכלאַנד שנער האָט זיך פֿאַרװאָלט צו בויען אַ שײנעם, הויכן טורעם, װאָס זײַן שפּיץ זאָל גרײכן די הימלען, האָט זיך גאָט איבערגעשראָקן און ער האָט זיך געקליגט װי אַ געװײנטלעכער בשר־ודם, װאָס האָט מורא פֿאַר קאָנקורענטן און ציטערט פֿאַר זײַן אײגענעם שטן. דער גרויסער גאָט, דער שטאַרקער און דער פֿאַרכטיקער, דער כּל יכול האָט זיך דערשראָקן, אַז דער מענטש װעט זיך אַרײַנרײַסן אין זײַן גבול און װעט אָנשפּאַרן אין די הימלען.

„און גאָט האָט געזאָגט: זע, זײ זײַנען אײן פֿאָלק, און אײן שפּראַך איז בײ זײ אַלעמען, און דאָס איז ערשט אַן אָנהײב פֿון זײער טאָן, און אַצינד װעט פֿון זײ ניט פֿאַרמיטן װערן אַלץ װאָס זײ טראַכטן צו טאָן. קומט לאָמיר אַראָפּנידערן, און צעמישן דאָרטן זײער שפּראַך. אַז זײ זאָלן ניט פֿאַרשטײן אײנער דעם אַנדערנס שפּראַך“. (בראשית יא, ה, ו.)

די שטאָט װאו עס האָט פּאַסירט האָט מען אַ נאָמען געגעבן בבל, װײַל גאָט האָט צעמישט די שפּראַך און די מענטשן מיט די פֿאַרשײדענע לשונות האָבן זיך צעשפּרײט איבערן גאַנצן פּלאַך פֿון דער ערד.

## י. ש. נאומאָוו

פון יענער צייט אָן האָט זיך אַ קללה צעשפּרייט איבערן גאַנצן ערדקוגל און אַ ברודער פאַרשטייט ניט אַ ברודער. נעמט זיך עפּעס צו בויען ווערן די לשונות מבולבל און דער טורעם ווערט ניט פאַרענדיקט. און די וואָס שטייען אויבן וואַרפן די ציגל אין קאָפּ אַריין אויף די וואָס שטייען אונטן. דער הויכער, שיינער טורעם ווערט ניט פאַרענדיקט און אין לויף פון דער צייט פאַרניכטן עס די עלעמענטן און ס'ווערט פאַרדעקט מיט זאַמד און שטיינער. אָן יענער בבל מעשה האָב איך זיך דערמאָנט ווען די גאַנצע יידישע וועלט וועט איצט פייערן ד״ר חיים זשיטלאָווסקיס יובילייִ. ווען מען גיט אַ קוק אויף צוריק, אויף די לעצטע פופציק יאָר פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקיס שאַפן, זעט מען אין רעטראָ־ספּעקט אַ גרויסן טורעם, וואָס זיין שפּיץ גרייכט הויך אין דער סטראַ־טוס־ספערע, וועלכער רייסט מיט זיין הייך דורך די וואָלקנס. זינט זשיטלאָווסקיס ערשטע ווערק פון „אַ ייד צו יידן״ האָט ער ניט אויפ־געהערט קעמפן פאַר אַלץ וואָס איז ווירדיק אינעם יידישן לעבן. נאָך אין יענע צייטן, ווען די יידישע סאָציאַליסטן פון אַלע שאַטירונגען האָבן זיך געבאָדן אינעם ים פון אַסימילאַציע, האָט ד״ר חיים זשיט־לאָווסקי ניט מורא געהאַט צו שווימען קעגן שטראָם. אין דער צייט וואָס עס איז געווען אָנגענומען דער כלל, אַז אַלץ וואָס איז יידיש איז פאַרשימלט און פאַרפוילט, אַז אַלץ וואָס אונדזערע שכנים טוען איז גוט, שיין און ערהאַבן, מעג עס אַפילו פאַרוואַנדלט ווערן אין יידישע פּאָגראָמען, האָבן דאָך אַ סך יידישע סאָציאַליסטן געהאַלטן, אַז די פּאָגראָמען אין די אַכטציקער יאָרן זיינען געווען באַרעכטיקט, און אַפילו שפּעטער, נאָך דעם קעשינעווער פּאָגראָם, האָט אַ יידישער סאָציאַליסט געוואָגט צו זאָגן, אַז דאָס יידישע בלוט איז אַ שמירעכץ פאַר די רע־וואָלוציאָנערע רעדער. אין יענער צייט וואָס אונדזער יידישע ראַדי־קאַלעכץ, אין אַ סך אַ גרעסערער מדרגה ווי די ראַדיקאַלן פון אירגענד וועלכן אַנדער פאָלק, האָבן מיט וואולגאַרע מיטלען גענומען ברעכן אַלע שיינע יידישע טראַדיציעס. אַנשטאָט צו דערהויבן די יידישע מאַסן האָט מען זיי פאַרוואולגאַריזירט, מען האָט דערצויגן אַ דור פון עם־הארצישע אַפּיקורסים און מען האָט אין זיי איינגעפלאַנצט הפקרות און אינדיפערענץ צו די יידישע אינטערעסן. „כל ישראל״ איז געוואָרן אַ

שימפּפוואָרט, ווייל יעדען באַד־גוי איז געשטאַנען אויף אַ פיל העכע־רער מדרגה פון רב ישראל. ווען דער פּרט איז אַ נבזהדיקע בריאה, צו וואָס דאַן פּלעכטן פון דעם אַ כלל? דעם יידישן פאָלק האָט מען פאַרבונדן מיט אַ יאַרמולקע און פינצטערן גלויבן.

אין יענער הפקרות־צייט האָט זיך באַוויזן ד״ר חיים זשיטלאָווסקי און האָט מיט וואָרט און שריפט שטורעמדיק דורכגעריסן די ווענט פון די ראַדיקאַלעכץ פעסטונגען. ער האָט אויפגעהויבן די דאַמבעס און האָט אַרויסגעלאָזט די אָנגעקליבענע שטומפּיקע וואַסערן. אין די טייכן־בעטן האָבן אָנגעהויבן פליסן ריינע שטראָמען. עס איז געווען ד״ר זשיטלאָווסקי, וועלכער איז געווען אַן אָנגעזעענער מיטגליד אין דער מחנה פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָט מיט זיין פּרעס־טיזש געקענט אויסאיבן אַ שטאַרקע ווירקונג אויך אויף די אַטראַפּירנ־דע כוחות אינעם יידישן אַרבעטער־לעבן און אַריינבלאָזן אין זיי אַ רוח חיים, משפּיע זיין אויף זיי דעם געזונטן קרן, וואָס עס געפינט זיך אינעם יידן בפרט און אינעם יידישן פאָלק בכלל. עס איז געווען ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, וועלכען האָט טאָג־איין טאָג־אויס גערעדט און גע־שריבן, געבראָכן און געבויט און האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ סך תלמידים און נאָכפאָלגער, וואָס ציילן זיך אין די טויזנטער איבער דער גאָרער וועלט.

זשיטלאָווסקי האָט זיך ביי אונדז אין שטאָט אַמאָל אויסגעדריקט אין אַ לעקציע בנוגע דעם זיג פון די יידיש־נאַציאָנאַלע עלעמענטן איבער דער הפקרותדיקער וואולגאַרער ראַדיקאַלעכץ:

מיר האָבן זיי געשלעפּט פאַרן קאָלנער אויף צוריק און ווען זיי האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים האָבן זיי דערזען, אַז זיי זיינען אַריינגעפאָרן אַ סטאַנציע ווייטער אין נאַציאָנאַליזם אַריין. עס איז געווען ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, וואָס האָט קלאָר געמאַכט אַז אינטער־נאַציאָנאַליזם איז ניט קאָסמאָפּאָליטיזם. אַ גאָר גרויסע צאָל פון זשיטלאָווסקיס תלמידים זיינען דערגאַנגען ביז די ריכטיקע קאָנ־סעקווענצן און זיינען אַריין אין די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע רייען און אַרבעטן פאַר דער יידישער אויפלעבונג אויף דעם יידישן לאַנד.

האָט דאָך ד״ר זשיטלאָווסקי נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע אַליין

געשריבן, אַז אויף דעם באַרג ציון וועלן זיך באַגעגענען אַלע קינדער פון פאָלק, סיי די וואָס גייען אויף אַ העברעאישן וועג און סיי די וואָס גייען אויף אַ יידישן וועג. און דאָ טאַקע ווערט יענער הויכער טורעם אָפּגעשטעלט און פון דער הייך פאַלן ציגל און איז מבלבול די לשונות פון אייגענע ברידער. ס'פאַרשטייט זיך, אַז איך בין ניט מסכים מיט ד"ר זשיטלאָווסקיס טערמינאָלאָגיע פון אַסימילאַ־ציוניסטן. אויב יענע יידן וואָלטן ניט געחלומט זייער גאַנץ לעבן פון אַ שיבת ציון און וואָלטן זיך באַהעפט אין גלות מיט דער פאָרמולע „עברית או רוסית", וואָלט דאָן פּילייכט דער טערמין אַסימילאַ־ציוניסטן געווען אַ ריכטיקער. דער חלום פון יענע יידן איז אָבער אַ פאָלקאָמענע איבעררייסונג מיטן גלות, אַ צוריקקער צום מקור, אַן איבעררייס מיט וועלכער עס איז מעגלעכ־קייט פון אַסימילאַציע. דעריבער זיינען זיי הונדערט פּראָצענט אויס־געהאַלטן. זיי האַלטן אַז יידיש איז אַ גלות־פּראָדוקט און זיי שטרעבן אַרויסצורייסן זיך פון גלות. זיי דענקען אַז העברעאיש און ארץ־ישראל איז אַ קנופּ וואָס קען זיך ניט פאַנאַנדערבינדן; זיי האַלטן אַז ניט אַכטנדיק די אַלע שפּראַכן, וואָס האָבן זיך אַנגעקלעפּט אָן דעם יידישן פאָלק אין משך פונעם לאַנגען גלות־וועג, האָט זיך אָבער דער העברע־אישער שנור אָנגעהאַלטן אָן דעם יידישן פאָלק, און פונקט ווי דאָס פאָלק האָט געחלומט פון אַ שיבת ציון האָט ער אויך געחלומט פון קיום השפה. דעריבער האָבן מיר געהאַט אַזעלכע איבערגעגעבענע אידעאַליסטן פאַר דעם קיום השפה ווי אַ בן יהודה און זיין גלייכן, וועלכע געפינען זיך אין די טויזנטע. אויב עס קען אָנגעווענדט ווערן דער טערמין „אַסימילאַנאַציאָנאַליסט" וואָלט עס זיך גראָד אַריינגע־פּאַסט אין זשיטלאָווסקיס אידעאָלאָגיע, וועלכער האַלט — יידיש אָדער וועלכע עס איז אַנדערע שפּראַך, אויסער העברעאיש. אין די עקסטרעם־יידישיסטע שולן ווערט העברעאיש אינגאַנצן ניט געלערנט. אמת, מען פּלאַנצט אין די קינדער איין אַ ליבע צו יידיש, פאַרלאָזן זיי אָבער די שול, פאַלן זיי אַריין אין אַן ענגלישער, פּוילישער, אָדער רוסישער סביבה, ווייל מען וויל דאָך מיטן גלות ניט איבעררייסן. איז אָבער, ווי מיר זאָלן זיך ניט קליגן זיינען מיר אין דער מינאָריטעט און עס קומט אויס: יידיש אָדער רוסיש, יידיש אָדער ענגליש, יידיש אָדער

פוליש, און אומעטום האָט דאָס לעצטע די אויבערהאַנט און בעל כרחה. צי מיר ווילן, צי מיר ווילן ניט, זיינען מיר אין אַלע גלות־לענדער „אַסימילאַ־נאַציאָנאַליסטן״. אַ ברירה האָבן מיר ?

האָט זשיטלאָווסקי זיך ניט איין מאָל פאַרנומען צו יענעם הר ציון, האָט זיך אָבער די קללה פון ניט פאַרשטיין איינער דעם אַנדערנס שפראַך אַריינגעריסן אין זיין בלוט.

# דער יונגער אַלטער

## (צו דוד פינסקים זיבעציק־יאָריקן יובילײ און זיין דאָ)

די פרוכט פון דעם צדיק איז אַ בוים פון לעבן,
און די הערצער נעמט איין דער חכם.
(משלי יא־ל)

אויף אונדזער היינטיקן יובילאַר, וועלכער איז אַ גאַסט ביי אונדז אין שטאָט און צוליב וועמענס כבוד עס ווערט איינגעאָרדנט אַן אמתע פאָלקס־פייערונג, דעם שבת אָוונט, אין דעם ווילשייר עבעל טעאַטער, קען געזאָגט ווערן וואָס דער מדרש רבה זאָגט וועגן נחן, אַז ער האָט נישט געדאַרפט אָנגערופן ווערן נח, נאָר „נייחה״, וואָס עס מיינט צופרידנשטעלנד. דוד פינסקי איז צופרידנשטעלנד, אנגענעם פאַר די יונגע, אנגענעם פאַר די געלערטע און אנגענעם פאַרן המון, פראָסטן פאָלק. (נייחה לעליונים, נייחה לתחתונים״.)

אונדזער יובילאַר, וועלכער פאַרמאָגט אַלץ וואָס אַן אדם גדול דאַרף האָבן און וואָלט זיך געקענט אויסלעבן מיט דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע, איז ער דאָך פאַרבליבן אַ פאָלקס־מענטש און מיט זיין חכמה נעמט ער איין די הערצער פון אַלע ; די פרוכט פון יובילאַר וועט זיין דער לעבנס־בוים פאַר גאָר אַ סך קומענדע יידישע דורות. דוד פינסקי פאַרנעמט אַן אויבן־אָן אין דער משפחה פון די לעבעדיקע יידישע שרייבער און זיין רום אַלס שריפטשטעלער, לערער, מענטש

און קעמפער איז באַוואוסט וואו נאָר עס ווערט געלייענט אַ יידיש וואָרט. זינט ער איז נאָך געווען אַ גאָר יונג ייִנגל ביזן אין גרויען עלטער האָט זיך זיין גייסטיקייט פון אים נישט אָפּגעטאָן. ער איז געגאַנגען מחיל אל חיל, פון איין מדרגה צו דער אַנדערער, פון הויך צו הויך, און האָט ווי אַ פּאָנטאָן זיין דור באַגאָסן מיט פרישע שטראָ־מען פון זיין גייסטיקן קוואַל.

ווען מען לייענט פינסקין זעט מען אַז ניט נאָר איז ער שעפעריש אין זיין שרייבן, נאָר אַז זיין שאַפונג ווערט געשעפּט און געשפּייזט פון די רייכע, גייסטיקע יידישע אוצרות. אַלע זיינע ווערק זיינען באַגאָסן מיט מאָמענטן פון דער יידישער געשיכטע. ווען איינער האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט דער יידישער גע־שיכטע און ער לייענט בלויז פּינסקיס ווערק, קען ער באַקומען אַ גאָר גרויסע ידיעה אין דעם יידיש־היסטאָרישן לעבן.

איך שרייב דאָ נישט קיין אָפּשאַצונג פון פּינסקיס ווערק. דאָס איז דאָך אוממעגלעך צו דערליידיקן אין איין אָדער אַפילו אין צוואַנ־ציק אַרטיקלען ווייל דער יובילאַר האָט דאָך אַזוי פיל געשאַפן. ער האָט שוין צו עלף יאָר אָנגעהויבן שרייבן און זיין פען דינט אים ביז דעם היינטיקן טאָג, און לויט זיין יונגן גייסט וועט זי אים נאָך דינען פאַר גאָר לאַנגע יאָרן. נישט נאָר איז דער יובילאַר שעפעריש מיט זיין גייסטרייכער פעדער, נאָר ער איז אויך טעטיק אויפן קולטורעל־געזעלשאַפטלעכן געביט. נישט נאָר האָט ער צייט אַוועקצוגעבן אַר־בעט, אַלס פּרעזידענט פונעם „אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד", צו אַזאַ פאַרצווייגטער געזעלשאַפט, נאָר ער איז אויך איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער באַנייטער „צוקונפט" וועלכע ווערט אַרויסגע־געבן פון דער ציקאָ (צענטראַלע יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע). דוד פּינסקי איז אויך טעטיק אין דער פּועלי־ציון צעירי־ציון פּאַרטיי. עס איז נישטאָ כמעט קיין וויכטיקע יידישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, וואו דוד פּינסקי זאָל נישט האָבן עפּעס צוגעטראָגן.

מיר דוכט אַז עס איז נישטאָ קיין יידישער שרייבער, ווי עס פּאַ־סירט פיל מאָל מיט אַדערע יידישע שריפטשטעלער פון גרויס פאַרנעם, אַז זיי זאָלן טראָגן אַ שנאה קעגן דוד פּינסקין. דוד פּינסקי האָט מיט זיין טאָלעראַנץ דערנעענטערט און באַשיצט פיל שריפטשטעלער, כאָטש

זיי זיינען געווען אידייאישע קעגנער. ער האָט זיי מקרב געווען, גע־שיצט און געשטיצט. איך האָב קיינמאָל נישט געלייענט פּינסקיס אַן אויפרעגנדן אַרטיקל קעגן זיינע אידייען־קעגנער, אויסער די לעצטע צייט אין זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען אין דעם יידישן „מאָרגען זשורנאַל" קעגן דעם „זקן האשמאי", דעם קידערדיקן ד"ר זשיטלאָווסקי, וועלכער קען אַרויסברענגען פון געדולד אַפילו אַ מענטשן אַן אַ גאַל, ווי אונדזער חשובן יובילאַר. ווי קען עס אַנדערש זיין. איז דאָך דוד פּינסקי אַזאַ וואַרעמער ייד און ווען איינער טרעט אויף די געפילן פון דעם יידישן פאָלק אין אַ טאָן פון מסירה און באַוואַרפט אים מיט בלבולים און איז מזלזל אין דעם יידישן כבוד, כלומרשט זוכנדיק די יידישע טובה, קען עס דאָך דעם בעסטן מענטשן אַרויס־ברענגען פון געדולד און ווען פּינסקי רעדט אַרויס אַ שטאַרק וואָרט רעדט עס דורך אים אַרויס דאָס גאַנץ אידיש פאָלק.

דוד פּינסקי, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט אַזוי פיל יידיש וויסן, מיט דעם גרויסן צער פון זיין אומה מיט די אַלע מכשולים וואָס דאָס יידיש פאָלק האָט דורכגעמאַכט אויף זיין לאַנגן גלות־וועג, האָט שוין לאַנג איינגעזען, אַז די איינציקע רפואה פאַר דעם יידישן פאָלק איז אַן אייגן יידיש לאַנד. דאָס האָט אים געמאַכט אַוועקצוגיין פון יידישן אַרבעטער־„בונד", וועמעס טעאָריע עס איז, אַז אַן אויטאָנאָמיש יידיש פאָלק וועט זיך קענען איינלעבן אין דעם אָרגאַניזם פון וועלכן עס איז סאָציאַל־באַפרייט פאָלק, פאַרגעסנדיק אַז דער מינאָריטעט־אָר־גאַניזם מוז פאַרדרונגען ווערן פון דעם שטאַרקן אָרגאַניזם ווען דער לעצטער איז נאָך פיינטלעך דערצו. אַ לעבעדיקער עדות אויף דעם איז פוילן. און וואָס איז אין סאָוועט־רוסלאַנד ? צוליב אַ כזית ברויט און פאָליציי־שוץ האָט מען ביי דעם יידן אַוועקגערויבט זיין נשמה. עס האָט געדאַרפט קומען אַ שוידערלעכע, אויפטרייסלענדע מלחמה צו דערמאָנען די אָנפירער פון דער רוסישער יידנשאַפט, אַז זיי האָבן נאָך לייבלעכע ברידער מעבר לים. הונדערטער שטעט און דערפער האָבן געדאַרפט חרוב ווערן, גאַנצע יידישע קהילות האָבן געדאַרפט אָפּגעמעקט ווערן, מיליאָנען מענטשן האָבן געדאַרפט אומקומען, אַז די רוסישע יידן זאָלן זיך קענען דערלויבן צו רעדן צו די יידן פון דער איבעריקער וועלט, צו לאָזן זיך דערקענען צו זיי ווי ברידער.

דוד פינסקי, דער קעמפער פאַר דער מענטשהייט, און אַן אַמאָ־ליקער אָנגעזעענער מיטגליד פון „בונד", האָט דערזען אַז עס קען נאָר זיין אַ באַפרייט יידיש פאָלק, אַ פרייער און גלייכבאַרעכטיקטער מיט־גליד צווישן אַלע באַפרייטע פעלקער אויף זיין אייגענעם באָדן, אין ארץ־ישראל.

פינסקי האָט אין זיין יוגנט געקעמפט פאַר דער באַפרייאונג פון אַלע מענטשן און ער האָט אויך, ווי אַנדערע יידישע סאָציאַליסטן געדענקט אַז דאָס יידיש פאָלק וועט במילא באַפרייט ווערן, האָט שפּעטער איינגעזען אַז ער איז געגאַנגען אויף אַ גוטן אָבער ניט דעם אמת־ריכטיקן וועג. דערפאַרונגען האָבן אים געלערנט אַז „לא זו הדרך" און ער האָט געהאַט דעם מוט און דעם ווילן איינצוזען זיין טעות און אים פאַרריכטן.

דוד פינסקי האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין דער ראָלע פון ליפּמאַן אין דער „פאַמיליע צבי". אין שטעטל פילט זיך אין דער לופט דאָס געדרוך פון פּאָגראָמען. די געמיטער זיינען אָנגעשטרענגט און די מיט־גלידער פון דער „פאַמיליע צבי" דעבאַטירן איבערן גורל פונעם יידיש פאָלק. עס רעדן די אייניקלעך פון רב משה צבי. ראובן גלויבט נישט אין דער מעגלעכקייט פון אַן אייגן לאַנד. ער דענקט אַז דאָס פאָלק וועט נישט מיטגיין, ווייל עס דאַרף מיטגעריסן ווערן דורך עפּעס אַן העראָאישער טאַט. ער זאָגט אַז אַ פאָלקס־באַוועגונג דאַרף זיין ווי אַ וואַסער, וואָס רייסט אַוועק די ברעטער, וועלכע פאַרשטעלן אים דעם וועג. ער גלויבט נישט אין ציוניזם ווייל דאָס פאָלק האָט נישט דעם ווילן און די שטויס־קראַפט עס דורכצופירן. ליפּמאַן גאַרט, האָפט און שטרעבט פאַר זעלבסטשטענדיקייט, זעלבסטשטענדיקייט זעלבסט־שטענדיקייט! ער זאָגט אַז ניט נאָר זעט ער די נויטיקייט פון אַן אייגן לאַנד אונטערן דרוק פון פּאָגראָמען, נאָר אַפילו אין דער גרעס־טער פרייהייט און גלייכהייט, אונטער די פריינדלעכסטע און ברידער־לעכסטע באַדינגונגען.

ער זאָגט: „פרעמד איז מיר די ערד און ברענט מיר מיינע פיס. די בעסטע גלייכבאַרעכטיקונג איז נישט קיין זעלבסטשטענדיקייט, און נאָר די זעלבסטשטענדיקייט מוז זיין דער שכר פון אונדזער פאָלק פאַר זיינע טויזנט־יעריקע ליידן. אָ, מיין גרעסטע בענקעניש איז זי, און

מיין אַרבעט איז צו מאַכן דאָס פאָלק זען וואָס איך פיל, און צו וועלן וואָס איך וויל. דער מענטש זאָל אויפגעלעבט ווערן אין דעם יידן, ער זאָל מער קיין קנעכט נישט וועלן זיין, און דער ייד זאָל אויפגעלעבט ווערן אין דעם שוין מענטש־געוואָרענעם, און די זעלבסטשטענדיקייט פון זיין פאָלק זאָל אים זיין טייערער ווי אַלץ אין דער וועלט. דאָס איז מיין אַרבעט. אין איר ליגט די גאַראַנטיע אַז דאָס וואַסער וועט נישט ווערן קיין זומפּ, ביז וואַנען די ברעטער וועלן אַוועקגענומען ווערן. און דו מעגסט דיר לאַכן!"

די ראובנס האָבן געלאַכט. די ליפּמאַנס האָבן געאַרבעט און גע־וועקט דאָס פאָלק, דאָס וואַסער האָט זיך ווי אַ כוואַליע צעגאָסן, האָט פאַרשווענקט די ברעטער, טרוקענע ביינער האָבן אין זיך אַריינגעקראָגן אַ רוח חיים און אַ טויט־וויסט ארץ־ישראל איז אויפגעלעבט געוואָרן. דוד פּינסקי, איינער פון די „ליפּמאַנס", האָט אין דעם אַ גאַר גרויסן חלק. די „ראובנס" שטייען נאָך אַלץ און לאַכן און זעען נישט ווי דאָס לעבן לאַכט זיי אויס. דאָס וואַסער פליסט און פלייצט אַלץ שטאַרקער און וועט פאַרטראָגן אַלע ברעטער, וואָס פאַרשטעלן עס דעם וועג. פּינסקי האָט זוכה געווען צו זען מיט זיינע אויגן די רעזולטאַטן פון זיין חלום, וואָס איז איצט דער איינציקער טרייסט אין אַ חרוב־גע־וואָרענער וועלט. אין דער זעלביקער צייט שטייט פּינסקי אויך נישט אַוועק פונעם גלות־יידנטום און זאָרגט פאַר זיין גורל.

דוד פּינסקי, אודנזער יובילאַר, איז נאָך אונז אין גייסט. ער איז נאָך קאַמפּספּייאיק און קאַמפּסמוטיק. זיין יוגנטלעכער גייסט וועט אים דערטראָגן צו אַ גאַר הויכן עלטער און ער וועט דערלעבן צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן אַ באַפרייט יידיש פאָלק אויף אַ צעבליט יידיש לאַנד. ער האָט דעם יידישן פאָלק אַ סך געגעבן אויף אַלע מעג־לעכע געביטן און צו זען אַ גאַר גרויסע דערפילונג פון זיין לעבנס־חלום וועט זיין זיין שכר, וואָס ער האָט עס כשר פאַרדינט.

זיי באַגריסט און זיי געבענטשט, טייערער לערער, מענטש און חבר!

י. ש. נאומאָוו

# די גאָטס-געקושטע נשמה — יהודה הלוי

זינגט היינריך היינע אין זיין ליד — „יהודה בן הלוי":

„ריין און עכט, גאָר אָן פגימה,
איז זיין ליד, ווי זיין נשמה —
בעת דער בורא האָט באַשאַפן
זיין נשמה, העכסט צופרידן,
האָט ער זי אַ קוש געגעבן.
און מען הערט דעם קלאַנג פון קוש אין
יעדן ליד פון דיכטער, וועלכער
איז געהייליקט דורך גאָטס גנאַדע."
(איבערזעצט פון י. ל. באָרוכאָוויטש)

אין יענער שפּאַנישער גאָלדענער עפּאָכע האָבן מיר פאַרמאָגט אַ גאַנצע פּלעיאַדע העברעאישע דיכטער, נאָר דעם גרעסטן חלק פון גאָטס גנאָד און דער שטאַרקסטער קוש פון גאָטס ליפּן איז געפאַלן אויף דעם חלק פון ר׳ יהודה הלוין.

יהודה בן שמואל הלוי איז געבוירן געוואָרן אין טאָלעדאָ, אין דרום־קאַסטיליע. אין יענער צייט איז עס געווען די הויפּט־שטאָט פון דער קריסטלעכער שפּאַניע, אינעם יאָר 9080. אַנדערע גיבן אָן 1085.

ווען יהודה איז אונטערגעוואַקסן האָט אים זיין פאָטער אַוועקגעשיקט אין דער שטאָט לוצענא, מחמדנישער שפּאַניע, צו לערנען אין דער ישיבה פון ר׳ יצחק אַלפאַסי. נישט נאָר האָט יהודה הלוי זיך אויסגעצייכנט אויפן תלמודישן געביט, נאָר ער האָט אויך פלייסיק געלערנט מעדיצין און האָט אויך געהאַט אַ טיפע ידיעה אין דער פילאָזאָפיע. ער קערט זיך אום צוריק נאָך זיין געבורטסשטאָט טאָלעדאָ, וואו ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט מעדיצינישער פּראַקטיק. יהודה הלוי האָט זיך אָבער נישט געקענט איינלעבן אין דער קריסטלעכער שטאָט און איז אַריבער אין דער מחמדנישער שטאָט קאָרדאָווע, וואס עס האָט געבליט די וויסנשאַפט און וואו עס איז געווען דער זאַמלפּונקט פון

די שענסטע גייסטער פון יענער צייט. אין קאָרדאָוואַ האָבן זיינע דיכ־טערישע און פילאָזאָפישע פעאיקייטן דערגרייכט דעם העכסטן שוואונג.

אין דעם ספּעציעלן יהודה הלוי נומער פון דעם העברעאישן וואָכנ־בלאַט „הדואר" האָט דער רעדאַקטאָר מנחם ריבולוב אַן אַרטיקל וואָס הייסט „ארבע אהבות בשירת הלוי", „די פיר ליבעס אין הלויס געז־זאַנגען". ער טיילט איין די לידער פון הלוין אין די פאָלגנדע: די ליבע פון דער פרוי, די ליבע פון פאָלק (דעם יידישן פאָלק), די ליבע פון לאַנד (ארץ־ישראל), און די ליבע פון גאָט.

איז דאָך גאָט צו אים אַזוי גוט געווען, האָט ער דאָך אים גע־שענקט אַזויפיל גנאַד, ער האָט דאָך געמוזט ליבן גאָט מיט זיין גאַנצן האַרצן און גאַנצער נשמה און דורך דעם האָט ער דאָך אַנדערש נישט געקענט ווי נאָר ליב האָבן די גאַנצע וועלט, וואָס איז גאָטס באַשאַף.

היינע, וועלכער איז אַליין געווען דער דיכטער פון גאָטס גנאָדן, און איז אַליין געקומען אויף דער וועלט פון כביכולס היכל־השירה, האָט געזאָגט וועגן יהודה הלוין אין די ווערטער: „ווען גאָט האָט באַשאַפן די נשמה פון יהודה הלוין, האָט אים איר שיינקייט און שלמות אַזוי פאַרכאַפּט און ער האָט זיך נישט געקענט באַהערשן און האָט איר אַ קוש געגעבן." איז טאַקע צו וואָס יהודה הלוי האָט זיך גענומען, האָט אים באַווירקט גאָטס קוש און דער אָפּדרוק פון גאָטס ליפּן האָט זיך אַנגעזען און ס'האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין אַלע זיינע ווערק, סיי אין די פּאָעטישע און סיי אין די פילאָזאָפישע.

יהודה הלוי האָט אָנגעהויבן דיכטן ווען ער איז נאָך יונג געווען. פאַרשטייט זיך, יהודה הלוי האָט שטאַרק געלערנט פון דער טעכניק פון די עלטערע דיכטער פון יענער גאָלדענער עפּאָכע. ער האָט געהאָט פאַר זיך אַזעלכע ריזן, ווי שלמה אבן־גבירול און משה אבן־עזרא. ער האָט זיי אַריבערגעשטיגן. ער איז געווען דער מייסטער פון פערז. אים האָט זיך געלעבט בעסער ווי דעם קראַנקן, פאַריתומטן אבן־גבירול און צייט־דיכטער אבן עזרא. ער איז נישט געווען פאַרביטערט, זיינע לידער האָבן דערפאַר געקלונגען ווי דאָס צויבער־געזאַנג פון אַ פרייען פויגל און האָבן אָנגענומען די פאָרמע פון אַן איינהייטלעכע, געטלעכע, האַרמאָנישע סימפאָניע. זיינע, הלויס, לידער קלינגען שיין אין אַלע שפּראַכן. עס קומט אָבער נישט צו דער געהויבענער האַרמאָנישקייט

## י. ש. נאומאָוו

**פונעם אָריגינאַל, וואָס איז פריש און קוועלנד, ווי די וואַסערן פון אַ לעבעדיקן קוואַל.**

**זאָגט אויף אים אבן־עזרא:**

„זיין פערז, ווי אַניקס־שטיינער אויף ברילּיאַנטן,
ווי שוואַרצער ווײַן, וואָס פרירט אויף אייז אויף ווייסן;
זיין וואָרט איז טיף און וואָגיק און פּאָעטן
זיי קומען קליגן זיך זיין מיין אַרויסצואווייזן." א.אַז.וו.

(יידיש פון י. י. שוואַרץ)

**יהודה הלוי האָט אונדז משפיע געווען מיט זיינע שירי ציון, רייזע־ און ים־לידער, תפילות, פיוטים און עפּיגראַמען. אָט איז אַ מוסטער פון זיין ים־ליד, וואָס איז פאַרבונדן מיט זיין רייזע נאָך ארץ־ישראל. (יידיש פון חיים נחמן ביאַליק):**

„אַנגעברוגזט האָט דער ים זיך
און געקנייטשט זיך און געקרומט —
פלוצים האָט ער זיך צעבייזערט
און ער וויגט זיך שוין און ברומט.
און אָט לויפן שוין אַנטקעגן
ווילד און בייז מיט ווייסן שוים,
כוואַליעס־לייבן, כוואַליעס־שלאַנגען,
אויסגעוואַקסן פונעם תהום." א.אַז.וו.

**ווי שוין געזאָגט, איז יהודה הלוי געווען דער דיכטער פון ליבע און מער פון אַלץ האָט ער ליב געהאַט גאָט, וועלכער איז דער שאַפער און אָביעקט פון אַלץ וואָס קען געהויבט ווערן. און ער זינגט אַ דאַנק צו גאָט. (יידיש פון י. י. שוואַרץ):**

„מיין געדאַנק האלט מיך אין דיין נאָמען
פאַר דיין איטלעכן חסד באַזונדער;
האָסט פאַרקניפּט מיט מיין לייב אַ נשמה
איז אין מיר, און זי בלייבט מיר אַ וואונדער.

# געזאַמלטע שריפטן

אוּן מיין האַרץ האָט דערזען און געלויבט דיך,
ווי עס וואָלט ביים באַרג סיני געשטאַנען;
אין מיין וואָלקן אַראָפּ איז די שכינה
און זי איז אין מיין זעאונג פאַראַנען.
דער געדאַנק האָט פון בעט מיך געהויבן
דיר צו דאַנקען, מיין גאָט, און צו לויבן."

אָדער דאָס ליד „פרייד", וואָס אין העברעאיש הייסט עס „יאירון כוכבי נשפי" . . . (פון זעלבן איבערזעצער):

„זאָן לייכטן מיינע שטערן,
זאָל מיין יוגנט זיך אומקערן;
בליען זאָל מיין וואַלד אין שטראַלן,
זאָלן האַרף און פּויקן שאַלן.
אַרמבענדער מיינע קלינגען,
צירונג מיינע, מיינע רינגען.
זאָל דאָס הויז פון מיין געטרייען
אויף מיין באַרג זיך העל באַנייען.
און צו אים נאָר זאָל איך דינען
פון מיין פולן האַרץ און זינען
מיט מיין גאָט זיך פרייען ווידער,
און אים זינגען ליבע־לידער."

עס וואָלט זיך וועלן אַרויסכאַפּן אַ סך לידער, וואָס שיינען ווי אַ העל־בלוי ליכט, ס'איז אָבער אוממעגלעך אין די ראַמען פון איין אַרטיקל. די ליבע צו ארץ־ישראל דריקט זיך ביי אים אויס אין זיין ליד „לבי במזרח", ביי י. י. שוואַרצן הייסט עס: „צום ליכטיקן מזרח":

„מיין האַרץ איז אין מזרח,
און איך בין אין מערב געפאַנגען —
ווי זאָל מיר ליב זיין דאָס לעבן,
און ווי זאָל מיר איינגיין?
ווי זאָל איך האַלטן מיין צוזאָג,
גיין נאָך מיין האַרצנס פאַרלאַנגען? —

## י. ש. נאומאָוו

ס'איז ציון אין גלות ביי אדום,
און איך — אין די מורישע צוואַנגען.
ווי ביליק עס איז ביי מיר שפּאַניע,
איר גליק און איר שמייכל —
אַזוי איז מיר טייער דער שטויב
פונעם חרובן היכל."

ירושלים איז ביי אים „די פרייד פון דער וועלט און איר צירונג", און ער זאָגט: ווען ער וואָלט געהאַט אָדלער־פליגל וואָלט ער צו איר געפלויגן. יהודה הלוי האָט ליב, מיט דעם פייער פון זיין האַרצן, זיין געפּייניקט פאָלק, און ער ווענדט זיך צו דער מוטער־ציון אין זיין ליד „ציון הלא תשאלי", וואָס דאָס יידיש פאָלק וויינט עס אויס, יאָר־איין יאָר־אויס, אין די קינות תשעה־באב אין שול. עס דערמאָנט דער מוטער־ציון אַז זי זאָל נישט פאַרגעסן אָן אירע פאַרטריבענע קינדער. אין דער איבערזעצונג פון ביאַליקן לייענט זיך עס אַזוי:

„בענקסט אויך נאָך דיינע קינדער, מוטער־ציון,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפּרייטע, בענקען?
ווילסטו אויך, ווי זיי פון דיר, אַ ליבן גרוס באַקומען?
דאָס האָסטו אים! אַ גרוס פון נאָענטע און ווייטע!
אין האַרצן דורות־לאַנג געוואַרעמט, טראָגט אים
פון אַלע עקן וועלט, דורך ימים און מדבריות,
צו דיר אין שוים איין עלנט קינד דיינס, איינער
פון די, וואָס זאַפּן אָן, ווי טוי דיין חרמון
די פרעמדע בערג מיט ברענענדיקע טרערן
און שטאַרבן אין דער פרעמד פאַרליבטע און פאַרבענקטע..."
א.אַז.וו.

דאָס אויבערשטע ליד איז פּראַכטפול שיין אין איר גאַנצקייט, ליידער צו לאַנג פאַר דעם אַרטיקל. יהודה הלוי האָט צעוואָרפענע לידער, סאָרטירטע פּערל, איינע אין איינער, זיי זיינען צעוואָרפן, און ווען דעם יידישן פאָלק וועט זיך לעבן רואיקער, וועלן מסתמא די פּערל צונויפגעשנורעוועט ווערן אויף איין זיידענעם שנור.

יהודה הלוי איז נישט נאָר געשטאַנען הויך אין דער פּאָעזיע, ער

האָט אויך אַרויסגעשיינט ווי אַ לייכטטורעם אין דער יידישער פילאָ־זאָפיע. יהודה הלוי, ווען די פילאָזאָפיע איז נישט פרעמד געווען, האָט נישט געקענט סובל זיין זיינע פילאָזאָפישע מוח־ספעקולאַציעס בנוגע דעם ריינעם גלויבן. לויט אים האָט זיך עס נישט געפּאַרט. זיין אַרגומענטאַציע האָט ער בולט פאַרקערפּערט אין זיין בוך „אַל־כוזרי״, וועלכעס איז געשריבן געוואָרן אין אַראַביש און איז דערנאָך איבער־זעצט געוואָרן אין העברעאיש פון יהודה אבן־תבון, אונטערן נאָמען „הכוזרי״. דאָס איז אַ וואָגיק ווערק, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ דיאַלאָג צווישן דעם קעניג פון די כאַזאַרן מיט דעם יידישן מנהיג און חכם חסדי אבן־שפּרוט. דער ספר איז איין גרויסער וויכוח וועגן דער דערהויבנקייט פון דער יידישער אמונה אין פאַרגלייך מיט דער קריסט־לעכער און מחמדנישער. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועלכע פון די דריי רעליגיעס דער קיניג פון די כאַזאַרן זאָל אויסקלייבן פאַר זיין פאָלק.

די הויפּט־הנחה פונעם בוך איז, אַז גאָט קען מיטן שכל נישט דערקערט ווערן. יידישקייט איז נישט קיין פּראָדוקט פון פאָליזאָפי־שער ספעקולאַציע, נאָר דער באַשאַף פון רעליגיעזער אַנטפּלעקונג, און אַלס אַזעלכע שטייט זי העכער פון דער פילאָזאָפיע. דער אורקוואַל פון אירע געזעצן איז איבערן שכל, אין קאָנטראַסט צו די רעליגיעס פון קריסטנטום און מחמדנטום, וועלכע פאָדערן אנערקענונג און גלויבן, איז די יידישע אויך אַ מאַניפעסטאַציע פון מעשים און אַקציעס, וועלכע מאַניפעסטירן איר עקזיסטענץ. ער שטימט נישט איין מיטן רמב״ם, וועלכער איז געווען אַ פאַרערער פון פּלאַטאָן און האָט געזוכט צו באַרעכטיקן די יידישע רעליגיע דורך פילאָזאָפישער מוחדיקייט.

יהודה הלוי זאָגט: „זאָל דיך די גריכישע חכמה נישט פאַר־בלענדן, וואָרים זי האָט בלויז בליטן אָבער נישט קיין פרוכט.״

דאָס יידיש פאָלק אין גלות איז ווי דער ווייך־זאמען אין דער ערד, וואָס לייזט זיך אויף און צעטיילט זיך אין חלקים ווען עס מישט זיך צוזאַמען מיט די עלעמענטן אַרום אים. דאָס ווייץ־קערנדל פאַר־ענדערט די עלעמענטן פונעם וואַסער און דער ערד און עס ברענגט אים צו דערהויבנקייט פון אַן אויפגייענדן פלאַנץ. ישראל איז דאָס האַרץ פון די פעלקער, ארץ־ישראל איז דער צענטער פון דער ערד.

דער הכוזרי איז געשריבן געוואָרן מיט גרויס טאַלאַנט און מיט אַ סך וויסן. יהודה הלוי איז נישט קיין שאָוועניסט. ער זאָגט בלויז אַז יידישקייט שטייט העכער פונעם העלעניזם דערמיט וואָס אמת און גערעכטיקייט שטייט העכער ווי שיינקייט.

צו יעדער זאַך וואָס יהודה הלוי האָט זיך גענומען האָט אויף דעם געשוועבט דער גייסט פון גאָט, „ורוח אלהים מרחפת על פני יצירת הלוי", אַלץ וואָס ער האָט געשריבן איז געווען באַפליגלט מיט מלאכים־פיגל און אַנגעהויכט מיט הימלשן פליטער.

די לעגענדע דערציילט, אַז ר׳ יהודה הלוי איז צעטראָטן געוואָרן פון אַן אַריביש פערד, ווען דער ערשטער האָט זיך איינגעבויגן און איז צוגעפאַלן ביי די טויערן פון ירושלים צו זינגען אַן אָדע צו דער הייליקער ערד. שוין אַכט הונדערט יאָר אַז ער איז קערפּערלעך טויט, זיין גייסט אָבער לעבט. ער לעבט אין די יידישע תפילות, אין יידישע פּיוטים און יידישע קינות. זיינע שירים און עפּיגראַמען שיינען מיט דער ליכטיקייט פון זיבן זונען. דער אָנדענק און די ווערק פון גאָט־געקושטן משורר וועלן לעבן עד סוף כל הדורות.

פעברואַר 7, 1941.

## ביאַליק דער פילזייטיקער

(מיט יראת הכבוד לעבן זיין קבר)

„גשי־הלאה ולכי לך! אל נא פה תדרכי,  
האדמה פה קדש קדשים:  
פה אוהבך המשורר מעצבו ינוח,  
מחייו המרים, הקשים."  
נ. פינס.

„גיי וויטער, גיי דיר! נישט טרעט דאָ, די ערד איז דאָ קודש קדשים: דאָ ליגט אין אייביקער רו דיין געליבטער משורר פון זיין ביטערן לעבן, דעם שווערן." „דער משורר וואָס האָט מיט פלאַמען פון זיין מויל געשטורמט פאַר ליבע, פאַר צדק, פאַר

פרייהייט; נישט מורא האָבנדיק פאַר זיינע באַדריקער, אָן פּחד געקעמפט מיט די פאַרדאַרבענע און פינצטערלינגען.״

רייך און פילזייטיק איז דאָס לעבן פון ביאַליקן געווען, האָט ער פון „צער און צאָרן״ גערעדט, האָט אַ וועלט אויפגעציטערט; זיינע ווערטער האָבן זיך מיט פליגל באַקליידט און האָבן זיין שטימע צע־טראָגן איבערן גאַנצן וועלט־רוים.

ח. נ. ביאַליק האָט נישט נאָר געזונגען, נאָר ער האָט אויך גע־שאַפן און געשמידט זיין וואָרט. כאָטש ביאַליק האָט קוואַנטאַטיוו ווייניק געשריבן, האָט ער אָבער קוואַליטאַטיוו באַשיינט און באַריי־כערט נישט נאָר די העברעאישע און יידישע ליטעראַטור, נאָר אויך די וועלטלעכע. ח. נ. ביאַליק איז נישט נאָר שטאַרק געווען אין זיין „אין שחיטה־שטאָט״, „מגלת אש״, „תמיד״, וואָס זיינען בלויז יידישע מאָטיוון, ווייל גויים, וואָס האָבן נישט דורכגעלעבט און דורכגעוויי־טאָגט דעם יידישן לעבנסגאַנג, דעם יידישן מאַרטירערטום, קענען בלויז פילן די שטאַרקייט פון די ווערטער און דעם ריטם אין אַ גע־לונגענער איבערזעצונג, זיי קענען זיך אָבער נישט פאַרטיפן און אַריינ־דרינגען אין די מענטשלעכע איבערלעבונגען פון פּאָגראָמירטע, הילפ־לאָזע מענטשן, וועלכע ווערן געפירט צו דער שחיטה מיט פאַרבונדענע הענט און פיס. זיי, די גויים, וועלן פיליכט נישט באַגרייפן דאָס צאָרנדיקע טרויער־בילד פונעם קישענעווער פּאָגראָם, וואו עס ווערט געזאָגט:

„דער גאָט האָט דיר מיט מילדער האַנט געשענקט אַ צווילינג:
אַ שחיטה מיט אַ פרילינג;
דער גאָרטן האָט געבליט, די זון געלויכטן —
און דער שוחט האָט געשאָכטן . . .״

אויב די גויים וועלן זיך שווער פאַנאַנדערקלייבן אין זיינע רייך־יידישע מאָטיוון, וועלכע קענען נאָר געבוירן ווערן ביי אַ גלות־פאָלק, דערפאַר אָבער וועלן זיי באַגייסטערט ווערן פון זיינע נאַטור־לידער, וועלכע זיינען אוניווערסאַל און פאַרשטענדלעך פאַר יעדן מענטשן.

ביאַליקס נאַטור־לידער קענען זיך נישט שעמען פאַר היינריך היינעס נאַטור־מאָטיוון. פונקט ווי היינע, האָט ער נישט געדאַרפט

זיך איינקוקן אין דער נאַטור, ער האָט עס דורכגעפילט מיט זיין גאַנצן וועזן, מיט זיין גאַנצער נשמה. זיינע נאַטור־בילדער קענען פאַרגליכן ווערן, סיי אין זייער שפּראַך און סיי אין זייער רייכקייט, מיט די נאַטור־בילדער פון דער ביבל, מיט דער רחבותדיקייט פון „ברכי נפשי״.

ד״ר שמעון בערענפעלד האָט אַמאָל געשריבן אין „העולם״ אַן אָפּשאַצונג פון ביאַליקס בוך „שירים״ און האָט זיך דאָרט אויסגעדריקט:

„זינט די וואונדערבאַרע טבע־געזאַנגען, וואָס האָבן זיך געשאַפן א שטעל אין די היילקע שריפטן (תהלים ק״ד), איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אזא הערלעכער טבע־געזאַנג אין זיין גאַנצער שטאַרקייט און ריכטיקייט, ווי דאָס געזאַנג פון ביאַליקן אין זיין שיר „זהר״, „לויטערקייט״. עס האָט מיט אמת געקענט אָנגערופן ווערן „דער שיר־השירים פון דער נאַטור.״

חיים נחמן ביאַליק איז נישט נאָר געווען דער קינסטלער און בוימייסטער פון דער העברעאישער שפּראַך, נאָר אויך פון דער יידישער. עס וואָלט געווען באַנאַל פון מיין ווייניקייט צו געבן אַן אָפּשאַצונג פון ביאַליקס יידיש. איך וועל דעריבער דאָ איבערגעבן שלום־עליכמס מיינונג וועגן ביאַליקס יידיש, ווייל מי לנו גדול כשלום עליכם? ווער קען זיך פאַרגלייכן מיט דעם יידישן וואָרט־קינסטלער, שלום־עליכם? און אפשר וועל איך דערמיט עפענען די אויגן פון אונדזערע „קולטוריסטן״ פון דער קולטורלאָזער „יידישער קולטור־געזעלשאַפט״.

נישט לאַנג איז מיר צום האַנט געקומען „דאָס שלום־עליכם־בוך״ אין דער גרויסער קאָלעקציע פון די שלום־עליכם בריוו צו יידישע כלל־טוער און שריפטשטעלער, האָבן זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן די בריוו פון שלום־עליכמען צו י. ח. ראַווניצקין און חיים נחמן ביאַליקן, און דאָ האָט איר שלום־עליכמס בריוו, דאַטירט: „קיעוו, 22טן יאַנואַר, 1903:

„אַ שיינעם גוט־מאָרגן מיינע שיינע ליבע פריינט רבניצקי און ביאַליק!

קודם כל — מזל טוב אייך, רבניצקי, מיט אייער קראָם (בוך־געשעפט)!

מזל טוב אייך, ביאַליק, מיט אייער „גאָרטן“! — איך בין באמת געווען אין גן־עדן בשעת איך האָב געלייענט אייער „גאָרטן“ (אין פריינד“).

„מיין טאָכטער האָט אפילו געלאַכט פון מיר וואָס איך קוועל אַזוי — און האָט אָבער אַליין אויך נישט ווינציק געקוועלט. גוט־גוט, מחיה נפשות, זאָג איך אייך. הערט איר, ביאַליק? גוט — און גענוג! — ס'איז גוט! וואָס גוט הייסט! בקיצור — ס'איז גוט! גאַנץ גוט . . . אָבער טאַקע גוט. פשוט גוט!

איך שיק אייך די אילוסטראַציעס צום „מעסערל“. איר זאָלט אַזוי צייט האָבן עסן, ווי איך האָב צייט צו שרייבן בריוולעך! זייט געזונט און שרייבט נאָך אַזאַ מין „גאָרטן“ — זאָלן זיי זען, די כלבים, אַז מיר, זשאַרגאָניסטן, האָבן אויך אַ ביאַליק. זיי מיינען אַז נאָר זיי האָבן; מיר האָבן אויך! . . אַלזאָ, וואָס נאָך האָב איך אייך געוואָלט זאָגן? יאָ, איך האָב מיך דערמאָנט אָן דעם „גאָרטן“ (אין „פריינד“). אי, אַ גאָרטן! נו, אַ גאָרטן! ס'איז שוין איינמאָל אַ גאָרטן! צווישן גערטנער אַ גאָרטן! זינט גאָט האַנדלט מיט גערטנער האָט ער נאָך אַזאַ גאָרטן נישט געזען אין חלום אפילו! אָט דאָס הייסט אַ גאָרטן — אָ. אָט אַזוי דאַרף מען שרייבן אויף יידיש אַ גאָרטן, אַז מען וויל באַשרייבן אַ גאָרטן! הקיצור — ס'איז שוין איינמאָל אַ גאָרטן!

נו, און ווייטער וואָס שרייבט מען אייך? אַ גאָרטן. אַ רוח אים אין טאַטן אַריין, ער האָט דאָס אַביסל אַנידערגעלייגט אַ גאָרטנדל, אָט דער ביאַליק! שרייבט אַמאָל אויך אַ בריוול, איר זייט נישט קליין, און טאַקע ביאַליק אויך. אַ גאָרט . . . זייט געזונט און גליקלעך . . . אַ גאָר . . . פון מיר אייער בעסטער פריינט אַ גאָ . . . אַ ג . . . אַ . . .

שלום־עליכם.“

**ווען ביאַליק האָט אין „יוד“ אָפּגעדרוקט זיין „נביאיש“ האָט שלום־עליכם געשריבן צו ראַווניצקין:**

„וועגן ביאַליקס „נביאיש“ אין „חנוכה־בלאַט“ קען איך אייך נאָר זאָגן, אַז ווען ישעיה הנביא זאָל איצט זיין ביי אונדז אַ נביא

## י. ש. נאומאוו

אז אָך און ווײ וואָלט אים געווען!) וואָלט ער נישט באַדאַרפט זאָגן; אָדער ווען ישעיהו אין זײן צײט זאָל געווען נביאות זאָגן אויף זשאַרגאָן, וואָלט ער בעסער נישט געקענט זאָגן . . .

ביאַליק איז נישט נאָר געווען אַ גרויסער דיכטער, אַ נביא און אַ מוכיח, ער איז געווען אײנער פון אונדזערע גרעסטע קאָמפּילאַטאָרס. וואָלט ער נאָך געלעבן, וואָלט ער אונז נאָך פיל מער געגבען.

דעריבער איז זײן פּלוצימדיקער טויט פאַר אונדז אַ גרויסער פאַרלוסט און מיר שטײען מיט געבויגענע קעפּ פאַר זײן פרישן קבר און מיט די ווערטער פונעם משורר, נ. פינס, רופן מיר אויס: נישט טרעט דאָ, די ערד איז דאָ קודש קדשים! . .

יולי 26, 1934.

# שלום ווערזוס שווערד

## (ראש־השנה־געדאַנקען, תרצ״ז)

דער „ועל המדינות בו יאמר, איזו לחרב, ואיזו לשלום״ איז אפשר צוגעפּאַסט דעם מאָל מער ווי אַלע יאָר. די וועלטלעכע לאַגע איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי אָנגעצויגן ווי זי איז היינטיקן טאָג. דער גאַנצער ערדקוגל האָט זיך כמעט אויסגעהוילט פון אַלע אידעאַלן און איז אָנגעפילט געוואָרן מיט פּולווער און אויפרייסנדיקן מאַטעריאַל, דער וועלט־פרידן הענגט אין באַלאַנס; ס'איז גענוג אַז דורך דעם קאַפּריז פון דעם אָדער יענעם דיקטאַטאָר, אַ צי פון אַזאַ דראָט, זאָל אויפרייסן דעם ערדקוגל און גאַנצע קאָנטינענטן זאָלן אָפּגעווישט ווערן. ווען איינער איז פּעסימיסטיש געניגט און האָט פאַנטאַזיע, זעט ער פאַר זיך גאַנצע וועלדער מיט קאַנאָנען, וועלכע שפּייען פייער, און הונ־דערטע טויזנטע יונגע נפשות ווערן אויפגעפּאָדערט אויף דעם גרויסן פייער־אָפּפער פאַר דעם קריגסגאָט מאַרס; ער זעט פאַר זיך אַ מחנה פון היישעריקן אין דער פאָרמע פון קריגס־עראָפּלאַנען, וועלכע האָגלען אַרונטער דינאַמיט און באַשפּייען מיט פאַרניכטנדיקן פייער שטעט און דערפער; ער זעט ווי עס ווערט אָפּגעווישט דאָס וואָס די ציוויליזאַציע האָט מיט מי און מענטשלעכן מאַרך געבויט פאַר יאָר־טויזנטע.

אין דעם היינטיקן יום־הזכרון וועלן דענקענדע יידן, מער ווי אַלע מאָל, זיין אין דער לאַגע פון דעם פּעסימיסט. יעדער אינטעליגענטער ייד וועט ציען אַ סך־הכל פון דער פאַרגאַנגענער וועלט־מלחמה, וועלכע וועט אויסקוקן ווי אַ קינדערשפּיל בנוגע דער גרויסער וועלט־מלחמה. וועלכע וועט אַרומכאַפּן גאַנץ אייראָפּע און די לענדער אויף דעם ווייטן מזרח.

געדענקען מיר דאָך וויפיל אָפּער עס איז מצד די יידן געבראַכט

## י. ש. נאומאָוו

געוואָרן פאַר אַלע קריגנדיקע לענדער ; געדענקען מיר דאָך אַז די פיר הונדערט טויזנט יידן פון דייטשלאַנד האָבן מקריב געווען פאַר דעם פאָטערלאַנד גאַנצע צוועלף טויזנט יונגע נפשות. האָבן דאָך טויזנטע יידן אויסגעהויכט זייערע נשמות אויף אַלע פראָנטן, און וואָס האָט אונדז די וועלט דערפאַר געגעבן ?

דער סך־הכל זעט זיך בולט אַרויס אין היטלער־דייטשלאַנד, אין פוילן, אין ליטע און לאַטוויע, אין רומעניע און אין פיל אַנדערע אייראָ־פעאישע לענדער. זיינען מיר אַריין אין דער וועלט־מלחמה צו מאַכן די וועלט זיכער פאַר דעמאָקראַטיע", מיר האָבן דורך פייער און שווערד געוואָלט זייער פרידן און האָבן געשניטן שטורעמווינט און פאַשיזם ; די גאַנצע וועלט איז אַרומגעכאַפּט פון קריגס־ווייען און עס ווערט גע־בוירן נייע שנאה־קנאה, נייער האַס. עס וועלן דאָך בלייבן זיגער און באַזיגטע און אַ שפּאָגל־נייער האַס מצד דעם באַזיגטן מוז ברענגען צו רעאַקציע, צו בייזער נקמה פאַר דער פאַרשוועכטער ערע . . .

דאָס יידיש פאָלק, וואָס האָט מער געליטן פון וועלכן עס איז פאָלק און וואָס וואָלט געדאַרפט מער ווי אַלע פעלקער זוכן נקמה פאַר אונ־דזער פאַרגאָסן בלוט און פאַרשוועכטן כבוד, איז דאָס ערשטע צו פאַר־געבן, דאָס ערשטע מוחל צו זיין אויף אַלע אונדזערע קריוודעס. דער מלחמה־גייסט איז אונדז פרעמד און מיר בעטן שטענדיק פאַר שלום. און מיר האַלטן אין איין בעטן יעדן טאָג אין אונדזערע תפילות : „וטוב בעיניך לברך את עמך ישראל בכל עת ובכל שעה בשלומך". דרייען מיר זיך אָבער צווישן די פיס פון די קריגס־פעלקער און אונדזער שלום־וואונטש איז אַ ברכה לבטלה כל זמן אונדזער גורל וועט בלייבן די ניט־געווינטשטע שכנותשאַפט, דער ניט־געווינטשטער עלעמענט, די ניט־געווינטשטע מינאָריטעט אינעם לעבן פון די פעלקער, וועלכע לעבן און זיינען דורכגעזאַפּט מיט קריגס־גייסט. זיינען מיר דאָך אַ פרידנס־עלעמענט אַרומגערינגלט פון אַזוי פיל קריגס־עלעמענטן, זיינען דאָך די באַגריפן מלחמה און פרידן קעגנגעזעצטע און דאָס שטאַרקע מוז דאָך גובר זיין. דעריבער בלייבן אונדזערע תפילות בלויז אַ גוטער וואונטש, ווייל דער גאָט פון מלחמה איז גובר דעם גאָט פון שלום, וועלכער איז דער שוואַכערער.

האָט זיך אונדז אויסגעדוכט אַז די פעלקער האָבן זיך אויסגע־

לייטערט נאָך דער גרויסער וועלט־מלחמה, האָט זיך אונדז אויסגעדוכט אַז דער גרויסער בלוט־ און פייער־טעסט האָט געריייניקט און אויס־קורירט דעם גייסט פון „על חרבך תחיה״. האָבן מיר געהאָפּט און געגלויבט דעם פאַרשפּרעכן פון די פעלקער בכלל און פון דעם ביבל־פאָלק בפרט. מיר האָבן ניט חושד געווען אַז דער פאַרשפּרעכן דורך דעם לאָרד באַלפור איז אונדז געגעבן געוואָרן פאַר דער טובה פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם און אַז די דעקלאַראַציע איז אַן אמתדיקע און איז ניט אַן אחד בפה און אַן אחד בלב׳דיקע. האָבן מיר געמיינט אַז דאָס ווערט אונדז געגעבן אַלס קאָמפּענסאַציע פאַר אונדזערע גרויזאַמע ליידן דורך דעם לויף פון גלות. מיר האָבן זיך געזוכט אַרויסצורייסן פון דער קריגס־פאַרפּעסטעטער, קריסטלעכער וועלט; מיר האָבן גע־וואָלט לעבן און פירן אונדזער לאַנד אויף אַ שטייגער פון אַרבעט און פרידן. מיר זיינען שוין אַזוי לאַנג אַ גלות־פאָלק געווען און מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען די הינטערוועגן פון דער היפּאָקריטישער דיפּלאָמאַטיע. מיר האָבן דעם פאַרשפּרעכן גענומען ערנסט, מיר האָבן מיט אונדזער בלוט און פלייש באַמיסטיקט פעלדער, מיר האָבן זיך מיט קאָמפּסלוסט און מיט אייפער גענומען צו דער אַרבעט, מיר האָבן פון וויסטענישן געשאַפן אַ גן־עדן. מיר האָבן געדענקט אַז מיר וועלן פּטור ווערן פון דעם „העפּ, העפּ!״, וואָס אַנדערע ווילן האָבן אַז דאָס זיינען די ראשי־תיבותן פון דעם לאַטייניש „היערוסאַלימאַ עסט פּערדיטאַ״ — ירושלים איז חרוב געוואָרן. מיר האָבן פון אַנהייב געוואוסט אַז פאַר אונדז שטייט פאַר אַן אומגעהייערע אַרבעט — אויסער וואָס מיר וועלן דאַרפן קעמפן מיט דער מדבר, מיט די ווילדע נאַטור־עלעמענטן, וועלן מיר אויך האָבן אויסצושטיין די רשעות פון דעם פאַרווילדעטן, אומ־וויסנדן אַראַבער. מיר האָבן זיך גענומען אַ ביישפּיל פון די צוויי און פערציק טויזנט עולים פון גלות בבל, ווען אויך דאַן האָבן זיי מיט איין האַנט געלייגט ציגל און מיט דער צווייטער האַנט געהאַלטן אַ שווערד קעגן דעם ווילדן אַראַבער. ווייסן מיר ניט די מאָטיוון וואָס צווינגען ענגלאַנד צו שטיין אויף דער זייט פון דעם צעיושעטן, ווילדן אַראַבער; ווייסן מיר ניט אַז אויב די איצטיקע מעשים תעתועים פון די אַראַבער איז די מאַניפּולאַציע פון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, ווייל עס דינט זיינע אינטערעסן; פאַרוואָס אויך די יידישע קאָמוניסטן, וועלכע זיינען

דם שונאים דעם ענגלישן אימפּעראַליזם, העלפן מיט זייערע העצעס אַרויס דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. פאַרהוילן זייבען די וועגן פון דיפּלאָמאַטיע, מעג עס זיין ענגלישער אימפּעריאַליזם, אָדער סאָוועטי־שער אימפּעריאַליזם. איין זאַך איז אונדז אָבער קלאָר: מיר זייבען אַריין אין לאַנד מיט ריינע מאָטיוון — לבנות ולהבנות בה — צו בויען און אויפגעבויט ווערן, ניט נאָר פאַר אונדז אַליין, נאָר אויך פאַר דער טובה פון אונדזערע שכנים, ווייל אונדזער מאָטאָ איז: פרידן. מלחמה איז אונדז דערווידער, סיידן עס ווערט אויף אונדז אַרויפגעצוואונגען. אונדזער דעוויז איז: צו בויען אין פרידן פאַר זיך און פאַר אַנדערע. קיין גוואַלדטאַטן וועלן אונדז ניט אָפּשרעקן.

אין דער ליכט פון דער איצטיקער קאָמפּליצירטער וועלט־לאַגע, זעען מיר נאָך מער איין די נויטווענדיקייט פון זעלבסטשטענדיקייט. ניט אַכטנדיק די שוועריקייטן וואָס מיר לעבן דורך אין ארץ־ישראל שטעלן מיר דעם אויפבוי־פּראָצעס ניט אָפּ. נייע הייזער ווערן געבויט, נייע גערטנער ווערן געפלאַנצט. די אויסוואָרצלונג פון ביימער וועט אונדז ניט אָפּשרעקן; אויף יעדער אויסגעריסענער פלאַנץ וועלן פיל אַנדערע געפלאַנצט ווערן.

די היינטיקע ימים־נוראים דאַרפן די יידן אַרויסווייזן, אַז זיי קומען ניט אָפּ בלויז מיט ליפּ־תפילות. די נאַציאָנאַל־פאָנד־קערות מוזן שווער אויסגעפילט ווערן. יעדער ייד דאַרף דורך מעשים רעגיסט־רירן אַז ער סאָלידאַריזירט זיך מיט די וואָס זייבען געצוואונגען צו בויען, לייגן די ציגל מיט איין האַנט און אַן אַרויפגעצוואונגענעם שווערד אין דער אַנדער האַנט. אונדזער לאָזונג איז: פרידן דורך אַרבעט און מער אַרבעט. קריג איז אונדז דערווידער, און מיר שטרעקן אויס אַ האַנט פון שלום צו דעם וואָס וויל שלום.

# נחמו עמי

ווען איך וואָלט געווען אַ פּסאַלמיסט, אָדער אַזוי אַן אַנגענומענער משורר, וואָלט איך אנשטאט דעם קאַפּיטל תהילים „על נהרות בבל" (אויף די טייכן פון בבל) פאַרפאַסט אַ שפּאָגל־נייעם קאַפּיטל, וועלכער וואָלט זיך געלייענט אַזוי:

אויף די טייכן פון ניעמאַן, דניעסטער, נאַרעוו, ווייכסעל, דעם פּרוט און דעם בוג האָבן דאָרטן מיר אין די הונדערט־טויזנטע צייללאָז געוואָגלט; דאָרטן האָט מען אויף די ביימער און טעלעגראַף־סלופּעס אונדזערע עלטסטע אויפגעהאַנגען און אונדזערע פרויען און טעכטער געשענדעט. טויזנטער פון אונדזערע בעסטע זין האָבן דאָרטן אַן אייביקן קבר געפונען און זייערע קערפּערס זיינען געווען רויב־שפּייז פאַר די היענעס און ווילדע רויבפייגל. שטראָמען בלוט און טייכן טרערן האָבן זיך געטאָן גיסן אויף די פאַרוויסטע פעלדער פון פּוילן, גאַליציע, קורלאַנד, בעסאַראַביע, און דער גאַנצער באַשטאַנד איז אין אַ בלוט־אויסגוס פאַרוואַנדלט; דאָס גאַנצע פאָלק ישראל טוט שוועבן צווישן לעבן און טויט.

„און עס איז אַ באַרויבט און צעראַבירט פאָלק מען פאַנגט זיי אין גריבער אַלעמען, און אין הייזער פון געפענגעניש ווערן זיי פאַרשפּאַרט; זיי זיינען געוואָרן צו רויב און עס איז ניטאָ קיין רעטער, צו אויסרויבונג, און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל זאָגן: האַלט אָפּ".

„און טייכנווייז גיסט זיך דאָס יידישע בלוט . . .
ניטאָ קיין רחמנות פאַר יידן!
ניטאָ קיין רחמנות, קיין גלויבן, קיין גאָט!
דער טויט איז דער פרייהייט געגעבן,
דער יידשער נאָמען צו שאַנד און צו שפּאָט
און הפקר איז דאָס יידישע לעבן".

איך וואָלט דאָס אויבערשטע אַריינגעשטעלט אין אַ רעפאָרמירטן סדור און איך וואָלט געזען אַז דער רב פון דעם שיינעם טעמפּל עמנואל זאָל עס מיט אַ צעבראָכן געמיט, אין דער באַגלייטונג פון די טרויעריקע

אָרגל־טענער, אַריינזינגען אין די מיט וואַטע־פאַרלייגטע, עסטעטישע אויערן פון אונדזערע סטאַטעטשנע האָרן פון דער דזשואיש קאָמיטע.

איך וואָלט, ווען איך וואָלט געווען אַ מנהיג, אַרויסשיקן דעם געערטן מאַרשאַל אַלס אַן אויג־עדות אויף די ברעגן פון יענע לענדער. און זאָל ער מיט אַ רואיק געמיט זיך צוקוקן צו דעם גרויסן פאָלקס־טרויער און בלייבן אין אַן עסטעטישער פּאָזיציע . . .

און צו די רויטע יידן וואָלט איך צוזאַמען מיט פנחס בן עמי געזאָגט:

„טויזנט־יעריגע קברים אונדזערע עפענען זיך. אונדזערע מתים גייען פון זיי אַרויס, מיט אויסגעריסענע גלידער, מיט צעפליקטע לייבער, פאַרפייניקטע, און באַפעלן אונדז: — גייט לייזט אויס אונדז אין אונדזערע ליידן, רעטעט די ערע און די פרייהייט פון אייך און פון אייערע קינדער. די שרעקלעך־צעפליקטע, דורך יאָר־טויזנטע געפּייניקטע מתים אונדזערע זיינען מיט אונדז, די לעבעדיקע וועלן ניט קענען בלייבן צוריק“.

און צוזאַמען מיטן נביא וואָלט איך אויסגעשריען:

„זייט שטיל פאַר מיר אינדזלען; און זאָלן די פעלקער באַנייען (זייער) קראַפט; זאָלן זיי זיך נעענטערן, דאַן זאָלן זיי רעדן; צוזאַמען וועלן מיר גיין פאַרן געריכט“.

אָבער ווער בין איך וואָס זאָל דורכדרינגען מיט מיין שוואַכער שטימע יענע דיקע פּאַלאַצן־ווענט פון אונדזערע זעלבסט־געקרוינטע, עסטעטישע מנהיגים, ווייל זייערע קעפּ זיינען געגרייסט און זייערע הערצער זיינען איינגעוואַקסן אין פעט און זייערע געפילן זיינען גלייכגילטיק צו דעם צער פון זייערע ברידער.

און שווער איז דער צוטריט צו די רויטע יידן. זיי האָבן זיך באַפעסטיקט מיט שטיינער טעאָריעס פונעם טייך סמבטיון און מיט חקירות און פשטלעך זיינען איבערפילט זייערע מוחות אין דער צייט ווען זייערע שוועסטער און ברידער ווערן דערטרונקען אין אַ ים פון בלוט.

און דאָס גאַנצע הויז פון ישראל איז פאַרוואַנדלט אין אַ משוגעים־הויז און דער פאַרבלעבענער דור — אין אַ דור הפלגה; פון איין קאָנגרעס ווערן דריי, טורעמס ווערן געבויט אין אַ מיש־מאַש פון לשונות און איינער פאַרשטייט ניט דעם אַנדערן; ווען איינער בעט

ציגל גיט דער צווייטער ליים, און דער טורעם, וואס האט געזאלט דינען אלס שוץ־ און וואך־טורעם, ווערט פארוואנדלט אין א הויז פון קארטן און ס׳ווערט צעפאלן ווי א זייפנבלאז, און דאס גאנצע פאלק גייט אויס פון דחקות און נויט.

און די פירער קאכן זיך, ליארעמען און שרייען. יעדער שרייט אינעם נאמען פון פאלק, און דאס פאלק ליגט פארחלשט און האלט ביי יציאת נשמה.

און שטומפיקע קולות הערן זיך: מיר זיינען עסטעטיקער! טוט אייך ווײ, פארבייסט א ליפ אויף א ליפ און שא. פאר גרויסע מענטשן איז ניט שיין צו שרייען.

לאזט אפ! די אמתע פארטרעטער זיינען מיר. ערשטנס זיינען מיר רויטע און האבן א מאנאפאל אויף דעמאקראטיע; אגב קענען נאך זייטיקע מענטשן פארשלעפן אין ארץ־ישראל . . .

דאס פאלק קרעכצט אונטער זיין שווערן יאך.

און ווארטנדיק אויף זיין נחמה
גייט אים אויס די נשמה!
און גאט שרייט אויס:
נחמו, נחמו עמי!
און דער טייוול לאכט — — —

עס איז אין די הענט פון זייערע פארזארגער . . .

.1929

## אז דיין זון וועט דיך פרעגע...

(שטימונגען לכבוד פסח — תש״ב)

און אז דיין זון וועט דיך פרעגן: וואס איז דאס פאר אן עבודה — צו וואס פירן קריג און צו וואס פאר א ציל דינט די מלחמה?

זאלסטו אים זאגן אז דאס איז א מלחמת מצוה, ס׳איז א מלחמת אויסצורייניקן דעם חמץ; ס׳איז א גרינטלעכע חמץ־רייניקונג; ס׳איז א בלוטיקער סימבאל פון א צוקונפטיקן זמן פרותינו. ס׳איז די היילי־

קע אַקציע פון ביעור חמץ, ס׳איז דער נייער בעזים וואָס וועט אויסריי־ ניקן אַלע איבלען וואָס האָבן זיך אין משך פון דורות אָנגעקליבן דורך די שיינע פּאַראַנדקעס פון אַן עגאָאיסטישן דרך און אַ צעפּוילטער וועלט־הנהגה. דער עשו׳דיקער מיט האָר באַוואַקסענער, דער הואוער־ באַזונגענער „ראַגגעד אינדיווידואַליזם״, דער ענגהאַרציקער, תקיפות־ דיקער קאַפּיטאַליזם מוז אין אַ גרויסן הילצערעם לעפל פאַרברענט ווערן. יענער פאַרשטיינערטער געלט־זאַק, וואָס שרייט: „די העוז ולי הגבורה״, מוז דורך דינאַמישע פלעדערווישן, ווי דער ערב־פּסח־ דיקער חמץ, אויסגערייניקט ווערן . . .

און ווען דיין זון וועט דיך פרעגן: צוליב וואָס טוען מיר די מיאוסע אַרבעט פון בלוט־פאַרגיסונג? — זאָלסטן אים זאָגן אַז מיר טוען עס אין פאַרטיידיקונג, ווייל דאָס אַלץ איז אונדז געקומען, ווייל מיר האָבן דערלאָזן אַז אין דער וועלט זאָל זיך אָנקלייבן אַזויפיל חמץ, אַזויפיל בייזע מענטשן, וועלכע ווילן איינער דעם אַנדערן פאַרדריינגען; אַזוינע תקיפים, וועלכע דינען צום גאָלדענעם קאַלב און זיינען מקריב צו אים מענטשלעכע קרבנות. מיר טוען עס, ווייל אַ וועלט וואָס איז אָנגעפילט מיט רשעות ליגט אין באַטרוג, מוז פון זיך אַליין אויפרייסן און זיך אַליין פאַרברענען. מיר טוען עס ווייל, אויב נישט — וועלן מיר, אונדזערע קינדער און אונדזערע קינדס־קינדער פאַרשקלאַפט ווערן און וועלן פאַר דורות אַרבעטן בחומר ובלבונים, פאַר דעם נוצן פון אַ „בלאָנדער״ בעסטיע, וואָס האָט נישט קיין געוויסן און וואָס איז טויזנט מאָל ערגער פון די פרעהס פון מצרים . . .

און טאָמער וועט דיין זון, דער רשע, דער פינפטער־קאָלומניק, פרעגן: וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרבעט וואָס א י ר טוט?

זאָלסט אים אויסהאַקן די ציינער, ווייל ער ציט זיך אַרויס פונעם כלל — ער איז געפערלעך, און דו טאָרסט אים צום נייעם סדר־טיש טיש נישט צוזאָלן — ער וועט אין דער שטיל אין הויז אַריינברענגען ברעקלעך חמץ און וועט פאַראומווירדיקן דעם קרבן פסח . . .

און טאָמער וועט דיך דיין זון דער תם, דער שאינו יודע לשאול פרעגן אין אַ געשטאַמלטער, נישט־קלאָרער שפּראַך אַ נאַרישן מה־ נשתנה?

זאָלסטו אים אַליין אַרויספירן אויף אַ קלאָרן דרך און דערקלערן

אים: אַז דערפאַר רייניקן מיר אויס דעם גאַנצן חמץ וואָס געפינט זיך אין אונדזער רשות, וואָס איז שוין איינגעזייערט און וואָס האַלט אין זייערן, און מיר מאַכן עס בטל כעפרא דארעא, ווי דער שטויב פון דער ערד, ווייל מען האָט אָנגעזאָגט אַז — „ולא יראה לך חמץ ולא יראה לך שאר בכל גבולך", און עס זאָל נישט געזען ווערן ביי דיר קיין חמץ, און עס זאָל נישט געזען ווערן ביי דיר קיין זויערטייג, אין דיין גאַנצן גבול . . . דו זאָלסט אים זאָגן: אַז אויב מיר ווילן האָבן אַן אמתן יום־טוב פון פרייהייט, טאָרן מיט נישט דולדן וועלכן עס איז פאַשיס־טישן חמץ, מיר טאָרן נישט לאָזן יוירן וועלכן עס איז זויערטייג פון אַפּיזמענט, פון קושן דעם רוט פון דיינע באַצווינגער. געדענק אַז דאָס האָט גאָט געמיינט ווען ער האָט דיך אַרויסגעצויגן פון מצרים. „און עס זאָל דיר זיין אַ צייכן אויף דיין האַנט, און פאַר אַ דערמאָנונג צווישן דיינע אויגן."

דו זאָלסט אים זאָגן: זאָל אַלעמאָל שטיין פאַר דיינע אויגן און זאָל זיין אויסגעקריצט אויף דיין דאַליאָן, אַז בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותינו, אַז אין יעדן דור שטייען אויף אַכזריותדיקע שונאים און ווילן אונדז פאַרלענדן, אָבער גאָט פון גערעכטיקייט איז אונדז שטענדיק מציל. געדענק: מיר מוזן זיך האַלטן ביי דעם גאָט פון גע־רעכטיקייט. ס'איז דער גאָט פון אמת וואָס האָט יעקבן באַהיט פון לבנען, דעם ארמי, ס'איז דער גאָט פון גערכטיקייט וואָס האָט אונדז מציל געווען פון די פּרעהס, ס'איז דער גאָט וואָס האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט, דער גאָט פון פרייהייט, וואָס האָט אונדז אויס־געהיט פון די המנס, ס'איז דער גאָט וואָס זאָגט לי כל הארץ, די גאַנצע ערד באַלאַנגט צו מיר. ער וועט אונדז אויך דערלייזן פון אַלע היטלערס, וואָס ווילן פאַרכאַפּן גאָטס פרייע וועלט און פאַרשקלאַפן אַלע מענטשן, וועלכע וועלן פאַר אים אַרבעטן בחומר ובלבונים.

און דו זאָלסט זאָגן דיינע קינדער: געדענקט, מיר זיינען נישט קיין פאָלק פון נעכטן און פון היינט, מיר זיינען נישט קיין פאָלק, ווייל מיר ריידן די שפּראַך אָדער אַן אַנדער שפּראַך, מיר זיינען אַן אַלט פאָלק זינט מיר זיינען אַרויס פון מצרים. עס איז נישטאָ קיין לאַנד און עס איז נישט געווען קיין קעניג, קיין פירער, קיין ראש און קיין „סטאַראָס־טאַ", וואָס זאָל נישט האָבן אין איין וועג, אָדער אַ צווייטן, אונדז

שלעכט געטאָן. מיר האָבן ווילנדיק נישט־ווילנדיק אָנטייל גענומען אין אַלע מלחמות אין אַלע מגפות אין אַלע פורעניות; מיר זיינען אויסגעשטאַנען אַלע רדיפות, אַלע אינקוויזיציעס, אַלע רעקוויזיציעס, עקספּראָפּריאַציעס און עקזעקוציעס; מיר זיינען דורכגעגאַנגען דורך רויך און בלוט, דורך פייער און וואַסער; מיר זיינען דורכגעגאַנגען דורך פאַרשיידענע קאַלך־אויוונס, פאַרשיידענע ברעך־ און שמעלץ־טעפּ. אונדזער דערפאַרונג איז די גרעסטע וואָס וועלכעס עס איז פאָלק האָט ווען עס איז דורכגעמאַכט. זייט וויסן — אַז די אַלע דערפאַרונגען האָבן אונדז געשמידט אין איין פאָלק. געדענקט — אַז משה איז דער, וואָס האָט אין דעם אָפּלייכט, אין דער רעפלעקציע פון דעם דאָרנבוש־פייער, דערזען אַז אַ פאָלק וואָס וויל זיך פריי אויסלעבן מוז האָבן אַ פריי שטיקל באָדן אונטער זיינע פיס. משה האָט שוין איינגעזען, אַז אויב מיר וועלן זיין אַ מיעוט צווישן די פעלקער וועלן מיר זיך אַלע־מאָל מוזן אַריינפּאַסן צווישן די שפּאַלטן, און אויב מען וועט אונדז דערלויבן צו זיין יידן, וועלן מיר מוזן זיין יידן פון פוילישער, פון רומענישער, פון אונגאַרישער, פון דייטשישער, פון טערקישער און אַזוי ווייטער נאַציאָנאַליטעטן. מיר וועלן אַלעמאָל דאַרפן קוקן אונ־טער די נעגל און אויסמאַנצלען מינאָריטעטן־רעכט פון אונדזערע מער־הייטן בענעפעקטאָרס . . .

דו זאָלסט זאָגן דיינע שאינו יודע לשאולס אַז זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן, סיי פון אייגענע, סיי פון פרעמדע אַפּיזערס. גיב זיי צו דערקלערן אַז אַפּיזמענט פירט נישט צו קיין זאַך, אַפּיזמענט פירט פון איין שטרויכלונג צו דער צווייטער, פון איין גרוב צום אַנדערן, ביז ס׳פאַרפירט עד שאול תחתיה. זאָלסט זיי זאָגן אַז זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פירן פון יענע זעכציק רעפאָרם ראַבייס וואָס דינען די אינ־טערעסן פון די יידישע גרויסע געלט־זעק, די אָקסעס און די סולצבער־גערס. זאָג זיי אַז די ראַבייס זיינען געצנדינער און דינען צו די פּרי־הבשן, צו די אָפּגעפּרעסענע אָקסן. דו זאָלסט זיי זאָגן אַז זיי ווילן נישט קיין יידישע אַרמיי, ווייל זיי זיינען שקלאַפן פון און צו דער אַסימילאַציע און האָבן מורא פאַר מה יאמרו הגוים, וואָס וועלן די פעקער זאָגן; דו זאָלסט זיי זאָגן, אַז דאָס זיינען צופרידענע פלייש־עסערס פון מצרים, דאָס זיינען די וואָס שטעלן זיך צופרידן מיט ציי־

בעלע און קנאַבל אין די לענדער וואו זיי ווערן טאָלערירט; דאָס זיינען די וואָס זאָגן אַז מיט די יידן פון די אַנדערע לענדער געהרן זיי זיך נישט אָן. דו זאָלסט אויך זאָגן דיינע תמים און שאינו יודע לשאול, אַז זיי זאָלן זיך נישט צוהערן צו יענע „נביאים", וועלכע פריידיקן פרייהייט און האָבן מורא פאַר אַ זעלבסטשטענדיק באַפרייט יידיש פאָלק אין אַ פריי, אייגן יידיש לאַנד...

דו זאָלסט זיי זאָגן: מיר זיינען איין גרויס פאָלק, מעגן מיר זיין צעוואָרפן אין פיל לענדער אוןריידן אַלע שבעים לשונות, איין שיקזאַל און איין גורל שטייט אונדז פאַר. מיר נעמען דעריבער אַנטייל אין דער איצטיקער מלחמה פון „ביעור חמץ" מיטן גאַנצן האַרצן. מיר האָפן ווי די אַלע איבעריגע אונטערדריקטע פעלקער, אַז דער גרויסער יום־טוב פון באַפרייאונג וועט און מוז קומען, און צווישן די באַפרייטע פעלקער וועלן מיר אויך זיין פריי און זעלבסטשטענדיק. מיר וועלן זיין גלייך צווישן גלייכע און פריי צווישן פרייען... און אַז דיין זון וועט דיך פרעגן — זאָסטו אים זאָגן:

השתה עבדי ולשנה הבאה בני־חורין!

מערץ 27, 1942.

# מרור

(פסח ־ תש"ג ־ רעפלעקציעס)

דער גרויער ווינטער איז אַוועק,
דער יונגער פרילינג איז געקומען...
צינד אָן די ליכט פון עק ביז עק,
באַקראַנץ דעם טיש מיט פרישע בלומען!

(ש. פרוג)

„דער גרויער ווינטער איז אַוועק"" אַזוי פאַנגט אָן ש. פרוג זיין פסח־ליד. איז דער גרויער ווינטער אַוועק? געוויס איז דער גרויער ווינטער אַוועק. די קאַלענדאַרישע סעזאָנען בייטן זיך אין זייער צייט.

די זון וואַרעמט דעם ערדקוגל צו צפון צו דרום און פון דרום צו צפון אין דער ריכטיקער צייט, דער פלאַנעטן־אַרביט אַרבעט רעגלמעסיק, און ווען מענטשן וואָלטן זיך אויסגעלעבט אויף אַן אמת מענטשלעכן אופן, וואָלט קיין פאַסנדערע צייט ווי די פייערונג פון דעם באַפריי־אונגס־אום־טוב, פסח, נישט געקענט אויסגעקליבן ווערן.

ווי זאָגט דער בעל־התהלים: ער (גאָט) האָט געמאַכט די לבנה פאַר די צייטן; די זון ווייסט איר אונטערגאַנג, מאַכסט פינצטערניש, און עס ווערט נאַכט, אין איר ווידמענען זיך אַלע חיות פון פעלד — דער באַשאַף האָט זיינע איינגעשטעלטע סעזאָנען. דער מענטש אָבער רעכנט זיך נישט מיט נאַטירלעכע סעזאָנען און מיט זייער שלעכטע מעשים מאַכן זיי דאָס שענסטע מיאוס און דאָס בעסטע — שלעכט. און ספּעציעל אונדז יידן איז באַשערט אַז אין דער שענסטער פרילינג־צייט זאָל דער גרויער ווינטער אָנהאַלטן און צוריקהאַלטן די טריט פונעם יונגן פרילינג. אין דער צייט ווען מיר און די גאַנצע וועלט האָבן געדאַרפט אָנצינדן ליכט פון עק ביז עק, ווי פרוג זאָגט, איז די גאַנצע וועלט אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַן „אויסשוואַרצונג". אַנ־שטאָט אַ פרילינג־פריילעכקייט העשט טרויער, אַנשטאָט פרילינג־שפּראָצונג, הערשט הערבסט־פאַרוועלקונג אַנשטאָט אויפקום הערשט אומקום אַנשטאָט לעבן — פאַרדאַרבונג, אַנשטאָט אַראָמאָט פון פרישע בלומען, וועלכע דאַרפן באַקראַנצן אונדזערע טישן הערט זיך דאָס גע־שטאַנק פון אָפענע קברים. און אויב אַ גאַנצע וועלט ווערט היינטיקן פרילינג געשפּייזט מיט מרור איז צו אונדזער ביטערניש קיין גרענעץ נישטאָ. וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז יענער ביטערער לעבן פון די יידן אין מצרים מיט דער ביטערניש וואָס אונדזער פאָלק ווערט געשפּייזט צו היינטיקן טאָג?

ווייס איך נישט די צאָל פון די יידישע קינדער וואָס זיינען איינ־געמויערט געוואָרן אין די ווענט פון פיתם און פון רעמסס. ס'ווערט דערציילט אַז פון מצרים זיינען אַרויס זעקס הונדערט טויזנט יידן. די יידישע פאַמיליע האָט זיך אין משך פון פיר הונדערט יאָר גאַנץ פיין פאַרגרעסערט און ס'זיינען נאָך איבערגעבליבן גאַנצע זעקס הונדערט טויזנט צו באַפרייען פון שקלאַפעריי.

וואָס איז עס פאַר אַ פאַרגלייך יענע רשעות פון פרעה מיט דער

# געזאַמלטע שריפטן

איצטיקער היטלער־רשעות? זיינען דאָ אין משך פון דריי און אַ האַלב יאָר היטלער מלחמה פאַרניכטעט געוואָרן איבער צוויי מיליאָן יידן. וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט? וויפיל זיינען פאַרקריפּלט געוואָרן און וויפיל זיינען פאַרשקלאַפט געוואָרן און זיינען אַרונטערגעוואָרפן געוואָרן אינעם רשות פון ברוטאַלע הונען און ווערן ביז טויט פאַרפייניקט מיט די גרויזאַמסטע טויט־אינסטרומענטן וואָס די נאַצישע געלערטע און טעכניקער האָבן געקענט אויסטראַכטן? . . . .

אין דעם לאַנד פון פּיראַמידן האָבן מיר געהאַט אַ שלעכטן קעניג, וועלכער האָט אונדז פאַרשקלאַפט און פאַרקנעכט, אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז עס מיט די מעטאָדן פון אויסראָטונג וואָס די נאַציס ווענדן אויף אונדז היינט אָן? און ווי ווערט עס געזונגען:

„אין דעם לאַנד פון פּיראַמידן\
וואַר אַ קעניג בייז און שלעכט\
און עס וואַר אַלע יידן\
זיינע דינער, זיינע קנעכט."

און קנעכט זיינען מיר געווען צו פּרעהן אין מצרים. עס האָט זיך אָבער געפונען אַ משה וואָס האָט אונדז באַפרייט. וואו איז אָבער איצטער דער משה וואָס זאָל אונדז באַפרייען. מיר גייען אָפּ מיט בלוט, מיר ווערן געברענט און געבראָטן און קיינער נעמט זיך פאַר אונדז נישט אָן. מיר דוכט אַז יענער דיכטער וואָס האָט געזונגען דעם אויבערשטן פּערז, ווען ער וואָלט איצט געלעבט, וואָלט ער געזונגען אומגעפער אַזוי:

אינעם לאַנד פון די הונען,\
אָפּגעריסן פון'ר קייט,\
האָט זיך אַ בייזער הונט געפונען\
און אונדז געביסן ביזן טויט;\
פון זיינע ציין האָט בלוט גערונען —\
האַס און שנאה האָט ער פאַרשפּרייט.\
ער האָט פאַרניכטעט מיט פייער־צונג\
פרויען, מענער, קינד און קייט.

## י. ש. נאומאָוו

געברענט האָט ער אונדז ביזן גרונט
און מיט שנאה אונדז באַגלייט.

אין אונדזער געשיכטע פון יציאת מצרים ווערט דערציילט, אַז כאַטש מיר זיינען אַהין געקומען גאָר קליין אין צאָל זיינען מיר אַרויס גאַנץ פאַרשטאַקט און אויך נישט מיט ליידיקן. מיר זיינען אַרויס ברכוש גדול. און איצט מוז מען זאָגן דאָס פאַרקערטע — אַ גרויס פאָלק זיינען מיר געווען אין מזרח־ און מערב־אייראָפּע, און אויב מיר האָבן זיך נישט געקענט באַרימען מיט גרויס רייכטום פאַר די גרויסע מאַסן, זיינען מיר דאָך אָבער געווען איינגעזעסן דאָרט פאַר גאַנצע יאָר־הונדערטע, האָבן מיר דאָך באַזעסן גרויס גייסטיק עשירות. איינצלנע פון אונדז האָבן זיך אויך אַרויפגעאַרבעט צו אַ רכוש גדול. און אויב עס וועט אין קורצן באַשערט זיין אַ יציאת מצרים, וועלן מיר פון דאָרט אַרויס בעירום ובחוסר כל, נאַקעט און הונגעריק. אונדזער מאַטעריעל רייכטום צערוימט און פאַרניכטעט אונדזערע גייסטיקע אוצרות פאַר־ברענט און צעפּולווערט און אונדזער לעבעדיקער אינווענטאַר וועט זיין אַזוי קליין, אַז מיר וועלן קענען זאָגן אַז „במתי מעט“, אין אַ קליינער צאָל זיינען מיר באַפרייט געוואָרן פונעם גלות־היטלער. ווייל נישט נאָר האָט ער אונדז געזוכט צו פאַרשקלאַפן, נאָר ער האָט זיך אָנגעזעצט אונדז אויסצוראָטן, אַז עס זאָל פון אונדז נישט בלייבן קיין שריד ופליט.

מרור זה שאנו אוכלים על שום מה? וועלן מיר מוזן ענטפערן: מיר עסן ווייל אונדזער לעבן איז פאַרביטערט היינט און ווערט ביי־טערער פון טאָג צו טאָג, און מיט גאַל וועלן מיר זאָגן: שפוך חמתך על הגוים אשר לא ידועך! גיס אויס דיין כעס אויף די פעלקער וועלכע האָבן נישט קיין גאָט אין האַרצן, וועלכע האָבן פאַרלענדעט יעקבן, חרוב געמאַכט זיינע היימען. גיס, אָ גאָט, אויס אויף זיי דיין כעס. זאָל זיי דיין גרימצאָרן דערגרייכן. זאָלסט זיי יאָגן מיט דיין כעס און דו זאָלסט זיי פאַרטיליקן פון אונטער די הימלען!

עס געפינען זיך ביי אונדז אַ סך היפּער־ליבעראַלן, וועלכע זאָגן אַז עס איז נישט שיין אַזוי צו ריידן, מען טאָר גאַנצע פעלקער נישט שילטן. עס איז אָבער אַ היפּאָקריטישע מאָראַל, עס איז יענע קריסט־לעכע מאָראַל פון אונטערשטעלן די צווייטע באַק, וואָס איז נישט

# געזאמלטע שריפטן

מענטשלעך און נישט אויסגעהאַלטן. אויב קללות ווערן מקוים, זאָל אונדזער קללה גרייכן דאָרטן, און יענע פעלקער וואָס האָבן עס פאַר־דינט, אויב זיי צאָלן אונדז מיט מרור, מעגן זיי זיך אויך זעטיקן מיט דער זעלבער ביטערניש און זאָלן זיי זיך טרינקען אין דער אייגענער גאַל וואָס זיי האָבן פאַר אונדז צוגעגרייט.

אָבער ווי פאַרמרורט און פאַרביטערט אונדזער לעבן זאָל נישט זיין, טאָרן מיר זיך נישט מייאש זיין. דאָס אַליין וואָס מיר קענען נאָך ביי היינטיקן טאָג פּראַווען סדרים און דערציילן פון אַ יציאת מצרים, פון „מעבדות לחרות", פון „משעבוד לגאולת", איז אַ סימבאָל און אַ באַווייז אַז עם ישראל חי, אַז דאָס יידיש פאָלק לעבט און וועט לעבן. און אויב עס זיינען געווען נסים פון אַ געשפּאָלטענעם ים און פון אַנ־דערע דערפרייענדע דערשיינונגען, קענען זיי איצט אויך מעגלעך זיין. מיר דאַרפן איינשפּאַנען אונדזער ווילן און מיר וועלן נאָך פון דעם מבול פון בלוט אַרויסראַטעווען אַ שארית הפליטה. אונדזער מרור וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ נאַרהאַפטער זיסקייט און מיט אַלע גוטע פעלקער וועלן מיר געניסן אַן אמתן חרות, אמתע פרייהייט, ווי עס האָבן געטרוימט אונדזערע נביאים, און מיר וועלן מיט פרוגן זינגען:

„דער גרויער ווינטער איז אוועק,
דער יונגער פרילינג איז געקומען . . .
צינד אָן די ליכט פון עק ביז עק,
באקראַנץ דעם טיש מיט פרישע בלומען."

אפּריל, 1943.

## י. ש. נאומאָוו

# „וואָס הערט זיך, וועכטער פון דער נאַכט?"

וואָס הערט זיך, וועכטער פון דער נאַכט?
קוק אום זיך, פאַלקס פּיקעט, גיב אַכט,
וואָס זעסטו פון דיין טורעם־צימער? —
האָט ערגעץ־וואו אַ שיין דערוואַכט,
אַ שפּראָץ פון מאָרגנשימער?

וואָס הערט זיך, וועכטער פון דער צייט?
וואָס זעסטו אין דער פינצטערקייט?
אונדז שטאַרבט דער מוט, די כוחות וויאַנען,
זאָג, איז נישט ערגעץ אין דער ווייט
אַ גואל אויפגעשטאַנען?

(שומר מה מליל. — יהואש)

אויב מיר נעמען אָן אַז אין הימל ווערט אָנגעפירט אַ בוכהאַלטעריע און אַן אמתע רשימה פון די וואָס וועלן דעם קומענדן יאָר געבוירן ווערן און פון די וואָס וועלן אין דעם קומענדן יאָר אומקומען, האָבן די בוכהאַלטערס אין הימל געמוזט אַרבעטן איבערצייט און אַ סך טעותן האָבן געמוזט געמאַכט ווערן אין די איינפירונגען פונעם „ספר המות". די רעקאָרדערס פון „ספר החיים" האָבן אין די לעצטע היטלער־יאָרן זיך געמוזט לאַנגווייליקן אין לאַנגווייל פון פרייער צייט.

עס גייט דורך אַ שוידער דורכן לייב ווען מען לייענט די נאַציס־טישע גרויזאַמקייטן אין דעם לובלינער טויטן־לאַגער, וואו עס זיינען נישט געשאַנעוועט געוואָרן די קליינע און זויג־קינדער, עופהלעך און זקנים האָבן געליטן דעם זעלבן גורל, און אויב איוב איז בלויז געווען אַ לעגענדע, אָדער אַ משל, זיינען די מיליאָנען „איובס", וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם יסורימדיקן וועג, ווען זיי זיינען געפירט געוואָרן צו אומקום, אַווירקלעכקייט. און אויב דער לעגענדאַרער איוב האָט אינעם סוף פון זיין לעבן געגאַסן פונעם לעבן און איז קאָמפּענסירט געוואָרן מיט אַלדאָס גוטס — וואָס פאַר קאָמפּענסאַציעס קענען קריגן

יענע, אויף וועמען גאָטס גזר האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט אַזאַ שווערער האַנט ? זיינען דאָך אומגעקומען אין די נאַציסטישע פאַרניכטונגס־לאַגערן אַזעלכע וואָס האָבן גאָטס נאָמען קיינמאָל נישט געלעסטערט. זיינען דאָך אומגעקומען אין די הונדערטער־טויזנטער פרומע, גאָטס־פאָרכטיקע זקנים און זקנות און קליינע קינדער און גאָר גרויסע צאָלן וואָס האָבן נאָך נישט געהאָט די מעגלעכקייט צו געניסן פון זינד . . .

עס נעמט אַרום אַ ציטער ווען מען לייענט וועגן דעם גרענצלאָזן סאַדיזם וואָס האָט געהערשט אין די פאַרניכטונג־לאַגערן. און אויב ס׳האָבן זיך געפונען שלעכטע מלאכים וואָס האָבן געהאַט אַ האַרץ צו פאַראורטיילן אַזויפיל אומשולדיקע מענטשן צו אַזאַ מאַרטירער־טויט, האָט, דוכט זיך, יענער ציטער וואָס גייט אָן אין הימל אין דעם טאָג פון ראש־השנה, ווי עס שטייט אין „ונתנה תוקף״, ומלאכים יחפזן וחיל ורעדה יאחזון״, אַז די מלאכים איילן זיך און זיי ווערן אַרומגע־כאַפּט פון שרעק און ציטערניש ווען דער גורל פון די מענטשן ווערט באַשטימט. האָט, דוכט מיר, די גאַנצע פּעמליה של מעלה, די גאַנצע אויבער־פּאַלאַטע, געמוזט זיין אַרומגענומען פון שרעק און ציטערניש די גאַנצע צייט וואָס דער רויך פון די ברענענדע קרבנות האָט דער־גרייכט די נאָזלעכער פון יענע מלאכים וואָס האָבן דעם גזר אין די הימלשע ביכער אַריינגעשריבן. און עס דוכט מיר אַז די נאַציסטישע סאַדיסטן וואָלטן געהאַט אַ גוטע פאַרטיידיקונג ווען העכסט רעליגיעזע מענטשן משפּטן זיי. זיי קענען דאָך מיט אַ גרינג געוויסן זאָגן — דער שיקזאַל פון די מאַרטירער איז דאָך געווען אַ פאַרזיגלטער — מיר האָבן בלויז דורכגעפירט גאָטס שליחות.

ס׳ווילט זיך אָבער נישט גלויבן, אַז דער וואָס זיצט אין די הימלען און משפּט די וועלט זאָל זיך באַנוצן מיט דער אומווירדיקייט, וואָס הייסט נאַציזם, און מאַכן עס פאַרן אַגענט וואָס פירט דורך זיין שליחות. אין דעם אַליין ליגט, דאַכט זיך, אַ לעסטערונג פון זיין נאָמען. ״די פראַגע, וואו איז דער זין פון אונדזערע ליידן עגבערט דעם מוח און אַ גאַנץ פאָלק שרייט אויס מיט איובן:

„טעג פון פּיין זיינען געקומען אויף מיר.
פינצטער גיי איך אום אָן זון;

## י. ש. נאומאָוו

איך שטיי אין אַ געזעמל און שריי:
איך בין געוואָרן אַ ברודער צו שאַקאַלן,
און אַ חבר צו שטרויספויגלען,
מיין הויט איז שוואַרץ געוואָרן אויף מיר
און מיין געביין איז צעברענט פון היץ.
און געוואָרן צו טרויער איז מיין האַרף,
און מיין פלייט צו אַ קול פון געוויין.״

(איוב ל — כח־לא.)

און אויב דעם אימאַזשינאַרן איובן איז געגעבן געוואָרן אַ פאַר־גיטיגונג צום סוף פון זיינע טעג. און אויב דעם פאַקטואַלן אברהמען איז געוויזן געוואָרן אַן אויסגאַנג ביי דעם נסיון פון דער עקדה — וואו איז, היטער פון דער נאַכט, אונדזער צייכן און אונדזער אויסוועג ? . . .

ווען מיר וועלן זיך היינטיקס יאָר פאַרזאַמלען אין די שולן און ווען מיר וועלן מיט צעבראָכענע הערצער זאָגן „כבקרת רועה עדרו, מעביר צאנו תחת שבטו", „ווי דער פאַסטוך וואָס פאַסט אויף אויף זיינע שעפסן און ער פירט זיי דורך אונטער זיין רוט, אַזוי ווערסטו דורכפירן, ציילן, אויסרעכענען און באַשטימען דעם שיקזאַל פון יעדן לעבעדיקן נפש." וועט זיך, דאַכט זיך, אַרויסכאַפּן ביי יעדן גאָטס־פאָרכטיקן יידן דער אויסגעשריי און די גערעכטע טענה — אָ, גאָט, דו האָסט, דאַכט זיך, איבערגעכאַפּט די מאָס ! אין דעם לאַגער פון מאַידאַנעק אַליין, לעבן לובלין, האָבן די נאַציס אומגעבראַכט אַ מיליאָן מיט פינף הונדערט טויזנט מענטשן.

שרייבן די אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן, אַז יונגע מענער, זקנים, פרויען און קינדער, גאָר קליינינקע עופהלעך מיטן געשריי פון „מאַמע!" אויף זייערע ליפּן זיינען פריער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן ,וואו זיי זיינען דערשטיקט געוואָרן פון גיפטיקע גאַזן און זייערע קערפּערס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש אין די ספּעציעל געבויטע קרעמאַטאָריומס, וואו ס'פלעגן פאַרצערט ווערן 1,500 מענטש־לעכע קערפּערס אַ טאָג. ווען די דייטשן זיינען פון יענע ערטער פאַר־טריבן געוואָרן, דערציילן די קאָרעספּאָנדענטן, האָבן זיי נישט באַוויזן צו פאַרניכטן די פאַרניכטונגס־לאַגערן און עס זיינען געבליבן סימנים

פון די ווענט, די אויוונס און די קוימענס פון די דייטשישע הענט־גע־מאַכטע גיהנומס.

און שטייען מיר פאַרווירט און מיר האָבן נישט קיין מליצי־יושר, נישט פאַר גאָט און נישט פאַר לייטן. אונדז פלעט יענער שטאָלצער ייד וואָס איז פאַרקערפּערט געווען אין רב לוי יצחק, וועלכער האָט זיך פאַרמאָסטן אויסצוטענהן מיט גאָט און אויפווייזן אים אַז זיין פאָלק ישראל איז גאָרנישט אַזוי שלעכט, און אַז ער, גאָט, כאַפּט אָביסל אַריבער די מאָס. אין דער גורלדיקער צייט פעלן אונדז אויס די ריכ־טיקע פירער וואָס זאָלן זיין אונדזערע מליצי־יושר ביי די אומות־העולם, ווען זיי פאַרנעמען זיך מיט איינשטעלן די וועלט נאָך דער מלחמה.

ס׳וועלן צוגעלאָזן ווערן פאַרטרעטער פון אַלע פעלקער און פעל־קערלעך. אַפילו די קליינע לוקסעמבורג און מיר, דאָס יידיש פאָלק, וואָס מיט אונדז האָט זיך די מלחמה אָנגעפאַנגען און מיט אונדז וועט זי זיך מסתמא אויך ענדיקן, וועט שטיין כעני בפתח און וועט נישט צוגעלאָזן ווערן אַלס פולבאַרעכטיקטער באַראַטונגס־מיטגליד. אונדזע־רע גשעפּענסטער וועלן שטיין ביי די פענצטער און קיינער וועט זיי נישט באַמערקן, ווי בען העכט האָט עס ריכטיק געמאָלן אין זיין פאַנ־טאַזיע — „מיין פעטער אַברהם איז מודיע״ . . .

ער זאָגט דאָרטן אַז קיינער קוקט זיך אויף אונדז נישט אָרום — מען רעדט אויף די קאָנפערענצן וועגן — טשעכן, גריכן, סערבן, רוסן, פראַנצויזישע לעבנס־משכנות, פוילישע אָפּיצערן, קרעטער פויערים. בלויז מיר יידן ווערן נישט דערמאָנט. אַפילו די יידישע מיליאָנען געשפּענסטער, וואָס שטעכן דאָכט זיך די וועלט די אויגן, ווערן אויך נישט דערמאָנט. מיר זיינען אַ „פאַרגעסענער שותף״, און כאָטש אונדזער שותפות האָט די אַליאירטע אַזויפיל געגעבן, ווערט אונדזער שותפות דאָך נישט אנערקענט.

איז אַ „ווייס פּאַפּיר״ אַרויסגעגעבן געוואָרן צו אָפּיזן די אַראַבער אויס מורא פאַר דער „אָקס״־פּראָפּאַגאַנדע, און כאָטש די „אָקס״ איז שוין כמעט געבראָכן געוואָרן און די מורא פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע איז שוין לאַנג נישט קיין פאַקטאָר, שטייט נאָך אַלץ דאָס „ווייסע פּאַ־

פיר״ אין זיין גאַנצער תקיפות און דאָס „האַרץ״ פון קאַלאַניאַל־אָפּיס איז פאַרגליווערט און פאַרשטיינערט . . .

אין דעם איצטיקן צייט־אויפברויז, אין דעם איצטיקן הרת־עולם, ווען אַזוי פיל פעלקער זיינען באַהערשט געוואָרן פון דעם נאַציסטישן שונא, ווייסט יעדער אַז ער וועט צוריקקריגן זיין לאַנד און זיין זעלבסט־שטענדיקייט. בלויז מיר יידן האָבן מיליאָנען געשפּענסטער, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך אַלערליי מיתות משונות און די וועלט פאַר־געסט אָן זיי, נאָר די לעבעדיקע יידן וועלן אויך פאַררעכנט פאַר גע־שפּענסטער און ווערן אין חשבון נישט אַריינגענומען.

אונדזערע שולן וועלן היינטיקס יאָר זיין געפּאַקט, און אויב די היינטיקע ימים נוראים וועלן זיין מער פאַרכטיקער און מער אימה־דיקער, וועט עס זיין דערפאַר וואָס אונדזערע בתי־תפילה וועלן אָנ־געפילט ווערן מיט יענע געשפּענסטער, מיט יענע נשמות, וואָס האָבן זיך אַזוי גרויזאַם אָפּגעטיילט פון זייערע קערפּערס. זיי וועלן אָנפילן אונדזערע שולן, זיי וועלן ביי אונדז מאָנען און פאָדערן חשבונות. זיי וועלן פאָדערן פון אונדז אַ גואל, זיי וועלן אונדז אַריינשרייען אין די אויערן: איר מוזט נעמען אייער שיקזאַל אין אייערע אייגענע הענט, איז מוזט ווערן אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך, אַ זעלבסטשטענדיק פאָלק אויף זיין אייגן לאַנד. די געשפּענסטער וועלן אונדז צווינגען צו שאַפן אַ ראש־השנהדיקע, אַ ניי־יאָר־רעזאָלוציע צו וועלן זיך אַליין אויפבויען און איבערבויען.

און אויב דאָס קול פון שופר קען פאַרטרייבן דעם שטן, זאָלן אונדזערע בעלי־תוקעס נישט געשטרויכלט ווערן . . . און אויב תפילות האָבן אַ ווירקונג, דאַרף אונדזער געבעט זיין אַז גאָט זאָל אונדז אַריינ־געבן אַ שטאַרקן ווילן זיך אַליין צו העלפן.

שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר אין גלות אַז מיר בויען און שאַפן. מיר טראָגן צו צו דעם גרויסן סכום פון דער ציוויליזאַציע, אַ סך מער ווי עס פאַלט אויס אויף אונדזער חשבון, און די וועלט שאַצט עס נישט אָפּ. די וועלט שאַצט אָפּ דעם בייטראַג פון יעדן באַזונדער, ס׳מאַכט נישט אויס ווי מינדערוויכטיק דער בייטראַג זאָל נישט זיין. אונדזערע בייטראָגן ווערן אַריינגענומען אין דעם סכום פון אַלע זעלבסטשטענ־דיקע פעלקער. זיי ווערן צוגערעכנט צו דעם קרעדיט פון יענע פעל־

קערשאַפטן, וואו מיר האַלטן זיך אויף אַלס געסט און קיינמאָל ווערט עס נישט פאַררעכנט אויף אונדזער אייגענעם קרעדיט. האָבן מיר ביי־געשטייערט גרויסע סכומים צו דער פילאָזאָפיע, צו דער וויסנשאַפט, צו קונסט, צו מוזיק, צו פרייהייטס־באַוועגונגען, און מיר זיינען אַלע־מאָל פרעמדע.

מיר דאַרפן אויך שאַפן אַ נייע תפילה, אַ געבעט צו גאָט, אַז ער זאָל אַזוי נישט מקפּיד זיין און באַפעלן זיינע שלעכטע מלאכים אַז זיי זאָלן נישט זיין אַזוי להוט אַריינצושרייבן אונדז אין דעם „ספר המות". אפשר וואָלט שוין בכלל צייט געווען אַז זיי זאָלן אויפהערן, דאָרטן אין די הימלען, שרייבן אום ראש־השנה . . . .

די אמת־פרומע יידן דאַרפן דעם יאָר זאָגן אַ תפילה:

אָ, גאָט! דו האָסט פאָרגעלייגט פאַר אונדז לעבן און טויט, אַ ברכה און אַ קללה, דו האָסט געוואָלט אַז מיר זאָלן אויסוויילן דאָס לעבן, כדי אַז מיר זאָלן לעבן, מיר און אונדזערע זאָמען (דברים ל, יט). נו, אויב דו האָסט אונדז געגעבן די בחירה — ווילן מיר לעבן ווי אַלע נאָרמאַ־לע, זעלבסטשטענדיקע פעלקער. אויב טויט איז אומפאַרמיידלעך און אויב אימעצן פון אונדז איז באַשערט טויט, זאָלן מיר שטאַרבן דורך נאַטירלעכע צופאַלן אָדער מחלות, אָבער נישט דורך די הענט פון אומ־ווירדיקע באַשעפענישן און נישט אַנגראַ דורך אַכזריותדיקע מאַרטער־מיטלען, ווי גאַז־קאַמערן, קרעמאַטאָריומס א.ד.ג. לאָז אונדז, אָ, גאָט, לעבן און שטאַרבן, אויב טויט איז אומפאַרמיידלעך . . . אונדזער אויסוואַל איז לעבן! משפּט יעדן יחיד באַזונדער לויט זיינע פאַר־דינסטן, משפּט נישט קיין זקנים, יונגע מענטשן און קליינע עופהלעך אין איין מיליאָניקער מאַסע און וועג נישט זייערע זינד אויף איין וואָגשאָל, מעסט נישט זייערע מעשים מיט איין מאָס . . . זאָלן די ביינער פון אַ גאַנץ פאָלק נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין פעלד־באַמיס־טיקונג אויף די פעלדער פון אוממענטשן און מיט אונדזערע קליידער באַקליידן די בעסטיעס און זייערע קינדער . . .

און אויב גאָט וויל אַכטונג געבן ווי אַ פּאַסטוך אויף זיינע שעפּסן, זאָל ער נישט גוזר זיין אויף אונדז קיין שחיטות און זאָל ער אונדז בעסער אַריינפירן אינעם „ספר החיים". מיר האָבן גענוג געשפּענסטער און ס'קלעקט נישט קיין צייט אויף צו מאַכן אַזכרות און אויסרעכענען

י. ש. נאומאָוו

די קדושים. אַפילו ווען איוב וואָלט מער נישט געווען ווי אַ משל, האָסטו, גאָטעניו, אויך עס געדאַרפט אָנווענדן אויף דיין פאָלק ישראל. גיב אונדז אַביסל טרייסט, גיב אונדז האָפענונג צו דערלעבן גוטע צייטן. אָ, גאָט! זאָג מיט די ווערטער פונעם דיכטער יהואש אין זיין דערמאָנט ליד:

„נאָך לאַנג דער וועג, דער קאַמף נאָך שווער,
גרייט אָן זיך מוט, גרייט אָן געווער,
אַ האַרץ פון שטאָל, אַ קאָפּ פון אייזן
און ברענג קרבנות מער און מער —
ביז ס'וועט זיך ליכט באַווייזן . . .

אונדזער וועג איז לאַנג, אונדזער וועג איז שווער. קרבנות האָבן מיר געבראַכט די והותר. באַווייז אונדז, גאָט, צום נייעם יאָר, אַ שטראַל פון ליכט. שרייב אונדז אַריין אין דעם בוך פון לעבן! ווייז אונדז אַ שפּראָץ פון מאָרגנשימער . . .

סעפּטעמבער 15, 1944.